חיים לייב וויינבערג

# פערציק יאָר אין קאַמף פאר סאָציאַלער באַפרייאונג

זכרונות פון אַ פרייהייטלעכן אַגיטאַטאָר
אויף דער יידיש־אַמעריקאַנישער גאַס

אויפגענומען און פאַרצייכנט פון
מאַרקוס גרעהעם (ש. מאַרקוס)

אונטער דער רעדאַקציע פון
דר. הערמאַן פראנק

מיט אַ הקדמה פון
ט. א י ג ע ס

און אַ צאָל ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן ח. ל. וויינבערגן פון
א. פרומקין, לעאָן קאָברין, ס. פּאָלינאָוו און י. ל. מאַלאַמוט.



ארויסגעגעבן פון
לאָס אַנדזשעלעסער וויינבערג בוך קאָמיטעט
צוזאַמען מיט דער
פילאדעלפיא ראדיקאל לייברערי

לאָס אנדזשעלעס — פילאדעלפיע

1952

# FORTY YEARS IN THE STRUGGLE FOR SOCIAL LIBERATION

## Memoirs of a Libertarian Fighter Among Jews in the United States

BY

CHAIM LEIB WEINBERG

(1861—1939)

---

Published by the
Ch. L. Weinberg Book Publishing Committee of Los Angeles, Cal.,
and the Radical Library Group of Philadelphia, Pa.

---

PRINTED IN U. S. A.

ECONOMY TYPESETTING SERVICE
244 HARLEM PL.
LOS ANGELES, CALIF.


111

# אינהאַלט:



## אָפּשאַצונגען

## אינהאַלט פון קאַפּיטלען:

דיע אין שיקאַגאָ. — מיין רייזע קיין ענגלאַנד. — אויף דער פּראָווינץ אין ענגלאַנד. — מיין לעצטער מיטינג אין לאָנדאָן.

7. וואָלטערין דע קלעיר. — בלוטיקע אַטאַקעס אויף אַרבעטס־לאָזע. — נייע רדיפות אויף אַנאַרכיסטן.

גענאָסין וואָלטערין דע קעליר. — קרבנות פון סעקסועלער אומ־באַפּרידיקונג. — מיין לעצטע באַגעגעניש מיט וו. דע קלעיר. — דזשאָרדזש בראַון און פּרייע ליבע. — קריזיס פון 1907 און נייע פאַרפאָלגונגען. — דער פּראָצעס. — די קאָנספּיראַציע קעגן מיר דעקט זיך אויף.

8. צוויי קאָמונאַלע עקספּערימענטן אין פילאַדעלפיע.

ערשטער קאָמוניסטישער פאַרזוך. — נייער קאָמוניסטישער עקספּערימענט.

9. אַנטשטייאונג פון היינטיקער „אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן".

יידישע פּרעסע און קלאָוקמאַכער יוניאָן. — אַרבעטער רינג און די קלאָוקמאַכער־יוניאָן. — דר. הלל זאָלאָטאַראָוו. — קלאָוק־מאַכער סטרייק אין פילאַדעלפיע, 1913. — דאָס פערד וואָס שלעפּט אַרויס פון בלאָטע . . .

10. קאַמף צווישן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

סאָצ. דעמ. זיגט אין פענטסמאַכער־ יוניאָן. — לואי מילער און די אַנאַרכיסטן. — מ. זאַמעטקין איבער אַנאַרכיזם. — וויליאַם עדלינס אַ לעקציע. — „פאָרווערטס", אַרבעטער רינג און די „פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן".

11. סאָציאַליסטישע פּערזענלעכקייטן.

מאָריס ווינטשעווסקי. — דר. חיים זשיטלאָווסקי. — יצחק אייזיק הורוויטש.

12. „גאָלדענע געלעגנהייטן" און מאָדנע טיפּן און פּאַסירונגען.

מאיר לאָנדאָן און מיין „גאָלדענע געלעגנהייט". — צווייטע „גאָל־דענע געלעגנהייט". — מאיר ברוקס און די „אַי דאָבליו דאָבליו".

— יציאת מצרים און צוויי דעטעקטיווס. — ווי אַזוי מ'ווערט אַ רעדנער.

13. אידעאַליזם און קאַריעריזם.

איזידאָר ברענער. — דר. מאַקס שטאָלער און מילה. — דר. באַרבער.

14. פאָלקס־מענטשן אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג.

גאָלדבערג. — גענאָסע לערמאַן און עולם הבא. — איך קען ניט פאַרקויפן קיין עולם הבא..

15. **אַנאַרכיסטישע פּערזענלייכקייטן.**

ראָבערט ווילסאָן. — הערי גאָרדאָן. — ל. מאָיסעיעוו (לעאָנ־טיעוו). — משה קאַטץ. — רודאָלף ראָקער.

16. **קאָמונאַלער לאַנד־עקספּערימענט. — אַן אייגענע פאַרם.**

נייע קאָלאָניע אין קאַליפאָרניע, 1910־1911. — צוריק אויף אַ פאַרם און נייע קאָאָפּעראַטיווע פאַרזוכן. — מיין לעצטער קאָ־אָפּעראַטיווער פאַרזוך.

17. **אויף אַ פּראָפּאַגאַנדע־טור. — אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע**

אַגיטאַציע־טור פון 1916 און רוסישע רעוואָלוציע. — אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

18. **פייערונג פון מיין אַקטיוויטעט אין דער באַוועגונג.**

דרייסיק יאָר אַנאַרכיסטישע אַקטיוויטעט. — אַן אויל־בילד. — פילאַדעלפיער ראַדיקאַלע לייברערי און איך. — אַן ערשטער מאַי מיטינג אין פילאַדעלפיע, 1915.—ראַציאָנעלע קינדער־דערציאונג.

19. **מיין וועלט־אַנשויאונג.**

אַ נייע „אָריענטירונג“ אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. — שלוס־וואָרט.

---

**אָפּשאַצונגען.**

חיים לייב וויינבערג פון א. פרומקין. — דער אַנאַרכיסטישער רעדנער פון לעאָן קאָברין. — ח. ל. וויינבערגס לעצטע יאָרן פון ס. פּאָלינאָוו. — חיים לייב וויינבערג פון י. ל. מאַלאַמוט.

**צוויי בריוו פון דוד עדעלשטאַט צו ח. ל. וויינבערג.**



חיים לייב וויינבערג (1939-1861)

(אויף דער עלטער)

# פון די אַרויסגעבער

דאָס בוך באַשטייט דערהויפּט פון די זכרונות, וואָס דער פאַר־שטאָרבענער ה. ל. וויינבערג (1867־1939) האָט איבערגעגעבן חבר מאַרקוס גרעהעמען (ש. מאַרקוסן) אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן צייט, וואָס דער לעצטער האָט פאַרבראַכט, זומער 1930, אין וויינבערגס היים, אין ווילאָו גראָוו, ניט ווייט פון פילאַדעלפיע. די זכרונות דער־שיינען אין בוך־פאָרם מיט אַ גאַר לאַנגער פאַרשפּעטיקונג, אָבער בעסער שפּעט ווי קיינמאָל ניט, און דער צוועק פון אָט־דעם ווערק איז אַזאַ וואָס קען זיין וויכטיקייט ניט פאַרלירן אין גאַנג פון די יאָרן.

דער צוועק, נעמלעך, פון דעם בוך איז צו געבן אַ באַגריף וועגן דער וויכטיקער ראָלע, וואָס חבר וויינבערג האָט געשפּילט אינעם אויפ־בוי פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע, ווי אויך אין די פּיאָניר עקספּערימענטן פון קאָאָפּעראַטיוון. ניט קיין סך מענטשן, שרייבער און רעדנער אינעם ראַדיקאַלן לאַגער, האָבן אין זייער תקופה, די צייט פון 1889 ביז 1939, זיך דערוואָרבן אַזאַ פּאָפּולאַרי־טעט צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן ווי ה. ל. וויינבערג. אַ ווערק וואָס שילדערט, אין זיינע אייגענע ווערטער, דאָס לעבן און טעטיקייט וויינבערגס, מוז זיין אַ זייער וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַניש־יידישער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל, און בפרט פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע.

דערום האָבן מיר געהאַלטן פאַר נויטיק צו דערגאַנצן וויינבערגס אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן נאָך מיט אַ צאָל איבערגעדרוקטע מעמוא־ריסטישע און היסטאָריש־באַשרייבנדיקע אַרבעטן פון שרייבער, וואָס האָבן וויינבערגן לאַנג געקענט.

מיר האָפן און גלויבן, אַז אונדזער מיפּולע אונטערנעמונג פון

צוזאַמענשטעלן און אַרויסגעבן אַזאַ ווערק וועט ווי געהעריק אָפּגע־
שאַצט ווערן פון דעם אַלגעמיינעם לעזער, די חברים איבערן לאַנד,
און באַזונדערס אין פילאַדעלפיע — די שטאָט וואָס האָט יאָרנלאַנג
געשפילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער באַוועגונג פאַר אַן אידעאַל, וועלכער
איז געווען ווייַנבערגן נאָענט און טייער.

ווייַנבערג בוך־קאָמיטעט, לאָס אַנדזשעלעס
„ראַדיקאַל לייבערערי", ברענטש 273,
אַרבעטער רינג, פילאַדעלפיע

לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע.



# הקדמה

## פון מ. אייגעס

ס׳איז באמת אַ געהויבענע אויפגאַבע פאַר מיר צו שרייבן די הקדמה און פאָרשטעלן צום לייענער די אינטערעסאַנטע אויטאָביאָ־גראַפיע — לעבנס־געשיכטע — פון אונדזער אומפאַרגעסלעכן חבר חיים לייב וויינבערג. ס׳איז אויך אַ זעלטענע געלעגנהייט צו ווערן באַקאַנט מיט אַזאַ זעלטענער פערזענלעכקייט, ווי זיין לעבנס־געשיכטע ברענגט אַרויס.

די נאַטור האָט אים נישט געשאָנקען מיטן חן פון אַ שיינעם מאַנסביל: קיין סימן פון האָר אויפן קאָפּ, אַ מין קעלבערנע פּאָר אויגן, פון וועלכע איינס איז געווען כמעט בלינד, אַן אויסגעצויגן פּנים, אַ הינקעדיקער, דערצו נאָך זיין אומנעטע, פאַרנאַכלעסיקטע, אָרעמע קליידונג — דאָס אַלץ האָט געמאַכט אַן אומגינסטיקן איינדרוק אויף יעדן איינעם, וואָס האָט אים געזען דאָס ערשטע מאָל. אָבער דערפאַר האָט אים די נאַטור געקרוינט מיט אַ מערקווירדיקער, אויסערגעוויינ־לעכער אָראַטאָרישער פעאיקייט.

ער איז געווען אַ מאַן מיט אַ זייער „מאָגערער״ בילדונג, כמעט אַן אַ שול־אויסבילדונג, אָבער ער איז געווען גוט פעאיק צו ריידן און דיס־קוטירן וועגן אינטערעסאַנטע און וויכטיקע ענינים און האָט תמיד אַרויס־געוויזן אַ געזונטן, לאָגישן באַגריף וועגן די געשעענישן פון טעגלעכן לעבן.

וויינבערג איז געווען אַן אויסגעצייכנטער דערציילער. זיינע מעשהלעך, וואָס ער פלעגט דערציילן אין פּריוואַט־געשפּרעכן אָדער אין זיינע עפנטלעכע אויפטריטן, זיינע געווען מלא חן, אַזוי לעבהאַפט פאָרגעשטעלט מיט דער מימיק פון די טיפּן, וועגן וועלכע ער האָט דערציילט. ווען איך פלעג אים הערן ריידן, האָב איך געקלערט, אַז ער וואָלט געקענט זיין אַ פאָרטרעפלעכער אַקטיאָר אויף דער בינע. ער איז געווען פעאיק צו האַלטן זיינע צוהערער ביי אַ לעקציע, אין קייכן פון געלעכטער, און אין אַ מינוט שפּעטער — ווערן ערנסט און טראַגיש. מאָלנדיק בילדער פון דעם אָרימען, מיזעראַבלען לעבן פון די אַרבעטער,

מענער, פרויען און קינדער, וועלכע שקלאַפן אין די שוויץ־שעפּער פאַר א הונגער־לוין — מיט אַ זעלטן אויסערגעוויינלעכער פעאיקייט.

פון צייט צו צייט, אין יעדער פעריאָדע פון דער אומענדלעכער צייט, ברייננט די נאַטור אַרויס מערקווירדיק־זאַנדערבאַרע טיפּן, מענטשן, וועלכע צייכענען זיך אויס אויף פאַרשיידענע געביטן, אייגנ־אַרטיק און אָריגינעל. אָט אַזאַ טיפּ איז געווען חיים לייב וויינבערג. אַ ציגאַרמאַכער ביי פּראָפעסיע, מיט אַ קלעגלעך־אָרעמען פאַרדינסט, האָט ער זיין גאַנצן לעבן געווידמעט צום אידעאַל פון אַנאַרכיזם און האָט אומערמידלעך פאַרשפּרייט האָפענונג און שטרעבן צו אַ פרייען, בעסערן, מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן. מיט אַ שטעקן אין איין האַנט און אַ צעבראָכענעם טשעמאָדאַנטשיק אין דער אַנדערער, — הינקנדיק — האָט ער געוואַנדערט איבערן לאַנד, צו פאַרשפּרייטן אַחדות און פריינדשאַפט צווישן די אַרבעטער און אָרגאַניזירן יוניאָנס, דורך וועלכע זיי זאָלן זיין אימשטאַנד צו פאָדערן אַ בעסערן לוין און מענטשלעכע באַהאַנדלונג. צו זיין קרעדיט מוז פאַרצייכנט ווערן, אַז ער האָט אָרגאַניזירט די ערשטע יידישע בעקער־יוניאָן, די ערשטע יידישע ציגאַרן־מאַכער יוניאָן, און די ערשטע קלאָוקמאַכער יוניאָן אין לאַנד און האָט כסדר פאַרגעזעצט אָט די טעטיקייט. די איצטיקע גרויסע, מעכטיקע יידישע טרייד־יוניאָנס האָבן פיל צו פאַרדאַנקען די אומדערמידלעכע טעטיקייט פון חיים לייב וויינבערג.

אָבער וויינבערג האָט זיך ניט באַנוגנט בלויז מיט זיין אידעאַל פאַר דער צוקונפט. אויסער זיין טעטיקייט אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, אין סטרייקס און פּראָטעסט מיטינגען, איז ער אויך געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט און איבערגעבן צו בויען קאָאָפּעראַטיוון פאַר די יוניאָן־אַרבעטער בכלל און דעם קאָמונאַלן לעבן פאַר גענאָסן בפרט. אין אַ סך שטעט און שטעטלעך האָט ער פאַרשפּרייט די אידייע פון קאָאָפּעראַטיוון לעבן אַלס אַ מיטל צו פאַרלייכטערן דאָס שווערע עקאָנאָמישע לעבן מיט די אָרימע פאַרדינסטן. דורך האַנדלען אין אייגענע קראָמען און דורך וואוינען צוזאַמען מיט אַ געמיינשאַפטלעכן עס־צימער און קיך און געמיינשאַפטלעכן איינקויף פון פּראָדוקטן אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון שטייגער, קען שוין היינט דער אַרבעטער געניסן מער פון לעבן. אָבער די אומגעלונגענע פאַרזוכן זיינע זיינען געווען דער רעזולטאַט דערפון, וואָס די אַנגעשלאָסענע מיטגלידער פון קאָמונאַלן לעבן האָבן, אַזוי צו זאָגן, „ניט פאַרברענט די בריקן הינטער זיך". און ביי דער קלענסטער אומבאַקוועמלעכקייט און שווערקייט אין אָנהייב פון עקספּערימענט, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט צו זייער פריערדיקן קלעגלעכן לעבן — פּונקט ווי די יידן, וועלכע זיינען אַנט־

לאָפן פון מצרים, האָבן זיך געוואָלט צוריקקערן צו זייער שקלאַפעריי...

איך האָב זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט וויינבערגן, מיט 55 יאָר צוריק, אין לאָנדאָן, ענגלאַנד. אין יענער צייט האָט אונדזער גרופּע אַרויסגעגעבן דעם „אַרבייטער פריינד" און געהאַט עפּנטלעכע פאַרזאַמלונגען יעדן פרייטיק אָוונט אין „שוגאַר לויף", הענבורי סטריט. צווישן די רעדנער זיינען אויך געווען באַראָן און קאַפּלאַן. זיי ביידע האָבן ניט געשטימט — תמיד צוויסטיקייטן. דער סוף איז געווען, אַז באַראָן, צוזאַמען מיט אַנדערע, האָבן געגרינדעט אַ נייע גרופּע, געמאַכט „שבת פאַר זיך". באַראָן האָט געזוכט צו שאַפן אַ קאָנקורענץ קעגן קאַפּלאַנען, און אויף דער רעקאָמענדאַציע פון באַנאַף־מינטץ, וועלכער איז דאַן געווען אין לאָנדאָן, האָט מען אימפּאָרטירט חיים וויינבערגן פון ניו־יאָרק אויף אַ סעריע לעקציעס. ווען איך האָב דערזען וויינבערגן, האָב איך געקלערט: „אַזאַ נפש ברייננגט מען אַזש פון ניו יאָרק?" אָבער ווען איך האָב אים געהערט דעם ערשטן מאָל ריידן אין „קרייסט טשוירטש האָל", בין איך דערשטוינט און אַנטציקט געוואָרן פון זיין הומאָר און זיינע דראַמאַטישע מאָמענטן. זיינע רייד זיינען געפלאָסן פון זיין מויל ווי פון אַ קוואַל, אָן קונצן, אָן תנועות, פּשוט, קלאָר, הומאָריסטיש און ערנסט. זיין באַזוך אין לאָנדאָן איז געווען אַ פענאָמענאַלער מאָראַלישער דערפאָלג אין יענער צייט. ביי זיין לעצטן אויפטריט אין לאָנדאָן, האָט ער גערעדט צו אַן עולם אין אַן אָנגעפּאַקטן זאַל פון געגוויע טויזנט מענטשן, און כמעט נאָך אַזויפיל זיינען געווען אין דרויסן, וועלכע האָבן ניט געקענט אַריין אין זאַל. די טעמע איז געווען: „גוד באַי" (זיי געזונט), צו די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן. צום שלוס פון זיין פאָרטראַג איז דער עולם ממש ווילד געוואָרן. אַלע זיינען געווען אויף די פיס, האָבן אַפּלאָדירט און געשריגן „בראַוואָ!" „הורראַ!" אַ סך האָבן געשריען: „וויינבערג, פאַרלאָזט אונדז ניט! פאָרט ניט אַוועק! בלייבט דאָ, מיט אונדז!" נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן האָב איך אַזאַ דעמאָנסטראַציע פון ענטוזיאַזם ניט בייגעוואוינט ביי אַ יידישער פאַרזאַמלונג. אויפן וואָקזאַל, וואו וויינבערג האָט געזאָלט נעמען די באַן קיין ליווערפּול, זיינען געקומען הונדערטער מענער און פרויען, זיך געזעגענען מיט אים, און אַ סך פרויען האָבן געווישט די אויגן מיט זייערע טיכלעך פאָכענדיק צו אים, ווען די באַן האָט זיך גערירט פון אָרט.

אַלס רעדנער, אָן בילדונג, מיט אַ ריינעם נאַטירלעכן טאַלאַנט, ווייס איך ניט פון אימעצן וואָס האָט אים ווען ס'איז געקענט איבערשטייגן. די וואָס האָבן אים געהערט איין מאָל אין זיין לעבן, האָבן אים שוין לאַנג ניט געקענט פאַרגעסן, ווי אַ „פענאָמענאָן" — אַ מערקווירדיקע דערשיינונג.

אין מיין אַרומפאָרן איבער אַמעריקע און קאַנאַדע אַריבער 13 יאָר,

האָב איך זיך אָפּטמאָל געטראָפן מיט ווייִנבערגן אויף זייִנע פּאַרזאַמ־לונגען, וועלכע פלעגן מיר פאַרשאַפן אַ זעלטענעם פאַרגעניגן, דורך זייִנע פּיקאַנטע אייִנפאַלן און אויסדרוקן.

איך דערמאַן זיך איצט אָן אַן עפּיזאָד אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דעטראָיט. ער האָט דאַן גערעדט אויף דער טעמע „אַ וועלט אָן געלט״. אַ יונגערמאַן האָט אים געשטעלט אַ פראַגע: „מיסטער ווייִנבערג, ווען עס וועט ניט זייִן קיין געלט אויף דער וועלט, טאָ ווער זשע וועט מאַכן דערפינדונגען אומזיסט?״ ווייִנבערג האָט זיך אייִנגעבויגן צו אים און אים געענטפערט:

— „אַזוי גאַר? מע מאַכט ערפינדונגען פאַר געלט? צו אָרדער? באַשטעלונגען? אַט וועל איך אייך געבן צען טויזנט טאָלער און אדרבה, קלערט עפּעס אויס אַ דערפינדונג! קלערט! קלערט! האַלט אין איין קלערן! לאָמיר זען וואָס איר וועט אויסקלערן פאַר אַזויפיל געלט!״ דאַן האָט ער אויפגענומען אַנדערע פראַגן און זיי פאַרענטפערט, און פּלוצלונג קערט ער זיך ווידער אום צום ערשטן פראַגע־שטעלער: „נו? וואָס הערט זיך? איר האָט שוין עפּעס אויסגעקלערט? עפּעס ערפונדן? קלערט! קלערט! נאָר לאָמיך אייך זאָגן, אַז אַלע גרויסע אומשטערב־לעכע ערפינדער זייִנען געווען גרויסע אָרעמעלייט און זייִנען גע־שטאָרבן אָרעמעלייט, נאָר אַנדערע, נאָך זייער טויט, האָבן פאַברי־צירט זייערע ערפינדונגען און געמאַכט אומגעהויער גרויסע פאַרמעגנס, מיליאָנען טאָלער. דער ערפינדער האָט אַ געניאַלן גדאַנק וועגן אַ געוויסער זאַך, וועלכע מאַטערט אים, ביז ער מאַכט די ערפינדונג, און קיינער שטייט ניט הינטער אים מיט קיין געלט, איר פאַרשטייט? נאָר פון דעסטוועגן — קלערט! קלערט!״

נאָך דער לעקציע האָט ער דעם יונגנמאַן געטראָפן ביים אַרויס־גיין און פרעגט אים: „נו, מייִן פרייִנד, איר האָט שוין עפּעס אויס־געקלערט? עפּעס אַ נייע זאַך?״

אין יענער צייט, אין די 90־קער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, זייִנען געווען אַ היפּש ביסל „אידעאַליסטן״, וועלכע זייִנען איבערהויפּט ניט געווען קיין אמתע אידעאַליסטן. זייערע הערצער, זייערע נשמות זייִנען געווען אָנגעפילט מיט קנאה. זיי האָבן מקנא געווען דעם רייכן. זייער קנאה איז געווען אייִנגעוויקלט אין אַ טליתל פון „אידעאַליזם״ און אַזוי גיך ווי זיי האָבן געקראָגן צו פאַרזוכן אַ גרעסערן און אַ בע־סערן ביסן, זייִנען זיי געוואָרן אויס „אידעאַליסטן״, און מאַנכע פון זיי זייִנען געוואָרן נאָך ערגער ווי די „בלוטדורשטיקע״ קאַפּיטאַליסטן. אָבער ווייִנבערג, האָט געלעבט, געליטן און געשטרעבט, ביז צום לעצטן טאָג פון זייִן לעבן, אַ געטרייער קעמפער פאַרן פרייען סאָציאַליזם, פאַרן אַנאַרכיזם, אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט. אַן אידעאַליסט מיט

אַ גאַבעלער נייגונג צו העלפן בויען אַ סאָציאַלן לעבן, וואו יעדער מענטש וועט בייטראָגן לויט זיינע פעאיקייטן און געניסן אין אַ פולער מאָס פון די נויטיקע מיטלען צום לעבן, לויט זיין באַדאַרף — און אַט מיט דעם „חלום" האָט דער גרויזאַמער טויט אים צוגענומען פון אונדז.

פאַרן סוף פון זיין לעבן, האָט זיך וויינבערג מיט זיין פריינדין יעטאַ באַזעצט אויף אַ קליין שטיקל לאַנד, הינטער פילאַדעלפיע, אויף אַ פאַרם, וואו זיי האָבן געוואָדעוועט היגער און אַריינגענומען זומער באָרדערס (געסט). געגאָסן פלעגן זיך אָפט מאָל צונויפקומען ביי אים און זיך צוהערן צו וויינבערגס מעשהלעך, אויף וועלכע ער איז געווען אַ קינסטלער־דערציילער.

דער צוקונפטיקער ערלעכער, אומפּאַרטייאישער יידישער היסטאָ־ריקער, וועלכער וועט שרייבן און שילדערן די אַנטשטייאונג און אַנט־וויקלונג פון דער יידישער ראַדיקאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, וועט זיכער מיט גרויס כבוד דערמאָנען חיים לייב וויינבערג, צווישן אַנדערע נאָ־בעלע טיפּן פון מענער און פרויען פון יענער צייט, וועלכע האָבן אומ־דערמידלעך געאַרבעט שווער, צו פאַרשפּרייטן צווישן דער מענטשהייט די אידייען פון אַ פריי לעבן פאַר צוקונפטיקע דורות.

I

# דערפֿאַרונגען, וועלכע האָבן מיך אַריינגעפֿירט אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, און יאָהאַן מאָסטס גרויסער איינפֿלוס אין דעם

נו, פֿון וואַנען זאָל איך אָנהויבן? וואו איך בין געבוירן געוואָרן? דעם נאָמען פֿון שטעטל? דעם טאָג און יאָר? און ווי אַזוי האָב איך זיך אויפֿגעפֿירט קליינערהייט? האָב איך שוין קינדווייז אַרויסגעוויזן סמנים פֿון ווידערשטאַנד?

אויף די אַלע פֿראַגן זאָג איך זיך אָפּ צו געבן אַן ענטפֿער. כמעט יעדערער, וואָס שרייבט זיין לעבנסגעשיכטע, פֿאַרפֿעלט נישט זיך אָפּצושטעלן דערויף מיט אַלע איינצלהייטן. און פֿיל מאָל נאָך אויסגעטראַכטע דערצו. עס וועט אין אַ סך געשילדערטע איבערלעבונגען פֿעלן די דאַטומס פֿון צייט. אַ סך מאָל וועלן אויך אויספֿעלן נעמען, באַזונדערס דער ערשטער נאָמען פֿון די פּערזאָנען. דאָס קומט פֿון דעם, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט פֿאַרצייכנט וועלכן עס איז פֿון די דורכגעלעבטע וויכטיקע מאָמענטן אין מיין לעבן.

## איך שטודיר אויף ווערן אַ רב

אַז מיינע עלטערן זיינען געווען אָנגעזעענע באַלעבאַטים אין אונדזער שטעטל בין איך במילא געווען אַ באַלעבאַטיש קינד. ווען איך האָב פֿאַרענדיקט די פֿאָלקס־שול ביי אונדז אין שטעטל, האָבן מיינע עלטערן מיך געוואָלט שיקן אין אַ העכערער שול, אַ גימנאַזיע. דאַרף גראָד פּונקט צו יענער צייט די גימנאַזיע אָפּברענען. זאָגט צו מיר איינמאָל מיין פֿאָטער: „ווייסטו גאָר וואָס, חיים? איך וועל דיך שיקן קיין ביאַליסטאָק און דאָרט וועסטו אָננעמען אין דער ישיבה זיך לערנען אויף אַ רב.“

בין איך אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט, און באַלד נאָך דעם אין דער ישיבה. אין דער ישיבה האָט געהערשט אַ שרעקלעכע שמוציקייט, אַזוי אַז נאָך מיין אָפּזיין דאָרט 6 חדשים האָב איך זי געמוזט פֿאַרלאָזן און פֿאָרן אַהיים. דאָס לערנען זיך אויף רבנות האָט מיך אויך נישט שטאַרק באַגייסטערט.

דורך דער צייט איז מיין מאַמע געשטאָרבן. איך בין דאַן אַלט געווען 18 יאָר.

## פון רוסלאַנד קיין ענגלאַנד

באַלד נאָך מיין מאַמעס טויט האָב איך פאַרלאָזן רוסלאַנד און געפאָרן קיין לאָנדאָן. אין לאָנדאָן איז מיר אויסגעקומען זיך צו מוטשען גאַנץ נישקשהדיק, ווי יעדער גרינער אין אונדזער אַמעריקע.

די ערשטע רעדע, וועלכע איך געדענק נאָך ביז היינט, וואָס האָט געמאַכט אויף מיר אַ טיפן איינדרוק, איז געווען אַ רעדע אויף אַ דאַך (קאַרנער) פון די לאָנדאָנער גאַסן, מיט דעם צו יענער צייט באַרימטן ענגלישן אַטעאיסט ברעדלי. איך ווייס ניט צי דער רבונו של עולם האָט זיך שטאַרק אויף מיר דערצאָרנט פאַר מיין אומבאַוואוסטזיניקייט זיך אָפּצושטעלן אויף אַ גאַס און הערן ווי מען דריקט גאָר אויס אַ צווייפל אין זיין מאַיעסטעטישער עקזיסטענץ. אָבער דאָס איז דאָך ניט געווען מיין שולד, האָט ער דאָך געקענט מאַכן אַזוי, דאָס איך, חיים, זאָל זיך גראָד אָפּשטעלן און הערן ווי אַ הייליקער ייד רימט זיין עקסע־לענץ . . . אָבער גאָט און זיינע וואונדער האָבן זיך ניט פאַרענדיקט מיט דעם אַליין. גלייך נאָך מיין הערן די אַטעאיסטישע רעדע, באַווייזט גאָט אַ נייעם נס און עס ווערט גראָד געשען ניט מיט ראָטשילדן, למשל, נאָר מיט מיר, אַז איך זאָל זיך אויסגליטשן אויף דעם שאָלעכץ פון אַ פּאָמעראַנץ. אויסגליטשן צו אויסגליטשן איז נאָך ניט גלייך. ער, דער רבונו של עולם, האָט, ווייזט אויס, געגעבן אַ באַפעל, אַז דער גליטש זאָל ניט זיין זיך גלאַט אַ גליטש און פּטור אַן עסק . . . ניין, דער גליטש מוז זיין מיט אַזאַ שטאַרקער קראַפט, אַז איך זאָל זיך צעברעכן אַ פוס . . .

אַט אַזוי האָט „געהאַנדלט" גאָט אַליין, — ווי די רעליגיעזע לייט וואָלטן וועלן האָבן צוגעשטעלט די שטאַרקסטע „שלאָגענדע" באַ־ווייזן צו באַפעסטיקן ברעדליס אַפּיקורסישע געדאַנקען וועגן גאָט און זיין אורטייל פון גערעכטיקייט — אויב ער עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט . . .

אָפּגעלעגן מיט מיין צעבראָכענעם פוס בין איך זעקס וואָכן צייט אין אַ לאָנדאָנער שפּיטאָל. דערנאָך האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין אַ קאָנוואַלעסענט־פּלאַץ אויסגעהאַלטן פון ראָטשילדן. אַלץ איז דאָרט געווען אַזוי שיין און וואונדערבאַר: די נאַטור אויף דעם פרייען לאַנד, די זויבערקייט אין די צימערן און דאָס עסן. איז אָבער צו די אַלע גוטע זאַכן צוגעקומען נאָך איין זאַך, וואָס האָט אַלץ צונישט געמאַכט. מען האָט פאַרגעסן אַן דער שיינענדער זון בייטאָג און לייכטנדע שטערן ביינאַכט. פאַרגעסן אַן דער פרישער דופטנדער לופט, אַט די אנגענעמע פילונג פון די צימערן און עסנס. וואו מען האָט זיך נאָר געגעבן אַ קער

איז איין וואָרט אַרויפגעשוואומען און געוואָרן דער  ה אַ ר  פון מאָ־מענט. און דאָס איז געווען ניט עפּעס אַנדערש ווי די **ד י ס צ י פּ ל י ן** פון פלאַץ. מיר, „היינטוועלטיקע״, וויסן שוין גאָר וואָס פאַר אַ מין געשמאַקער מאכל דאָס איז . . . אָבער צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ מין שפּאָגל־נייע זאַך. ביי צי אַלט, מיר איז דאָס נייע וואויל באַקומען. עס האָט מיך אָנגעהויבן אַזוי שטיקן און עקלען, אַז איך האָב ניט געוואָלט אָפּזיין די פיר וואָכן, וואָס ס׳איז מיר געווען באַוויליקט, און בין אַוועק פאַר דער ענדע פון דער וואַקאַציע . . .

נאָך מיין אַרויסקומען פון ראָטשילדס אַנשטאַלט האָב איך זיך ווידער געפּלאָגט אַ יאָר צייט אין לאָנדאָן. אַלץ איז מיר געגאַנגען אַזוי „גוט״, אַז איך האָב גענומען האַק און פּאַק און זיך אומגעקערט קיין טשעכאַנאָוועצ, גראָדנער גובערניע, מיין געבורט־שטעטל.

## רוסלאַנד — אַמעריקע — רוסלאַנד

ביי מיין צוריקקומען קיין רוסלאַנד האָב איך גלייך באַקומען אַן איינלאַדונג זיך צו שטעלן צום פּריזיוו (מיליטער־דינסט). די נאַטשאַל־סטוואָ האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און מיר געמוזט געבן אַ ווייסן בילעט (דאָס מיינט אומפּייאַיק צו מיליטער), ווייל מיט איין פוס אַ גאַנצן און דעם צווייטן אַ הינקענדיקן קען מען ניט ווייט דער־לויפן אויף אַ שלאַכטפעלד . . .

נאָך מיין אָפּזיצן איבער אַ יאָר צייט אין טשעכאַנאָוועצ, אין עלטער פון 21 יאָר, האָב איך צום צווייטן מאָל פאַרלאָזן רוסלאַנד, דאָס מאָל בין איך שוין נישט געפאָרן קיין ענגלאַנד, נאָר קיין אַמע־ריקע, — אין דעם „גאָלדענעם״ לאַנד, ווי די גרינע פלעגן רופן אַמע־ריקע, בין איך געוואָרן אַ „פּעדלער״. דאָס קלעטערן אויף די טרעפּ, האָט מיר איבערצייגט, אַז גאָלד האָט מיט אַמעריקע און פּעדלערס ווינציק וואָס בשותפותדיקס . . . אַנטמוטיקט פון מיין מאָטערן זיך פאַר דער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ, האָב איך אַפילו ניט געקענט בלייבן דאָ אַזוי לאַנג ווי אין ענגלאַנד. נאָך 9 ־ 8 חדשים פון מיין זיין אין גאָלדענעם לאַנד בין איך צוריק אָנגעקומען קיין טשעכאַנאָוועצ.

## דער טאַטע מאַכט מיך חתונה

ביי מיין צוריקקער פון אַמעריקע האָט מיין טאַטע ביי זיך באַ־שלאָסן צו מאַכן פון מיר אַ לייט מיט לייטן גלייך. אים איז דאָך נישט געווען צום האַרצן מיין אַרומוואַנדלען קיין ענגלאַנד און אַמעריקע. האָט ער באַשלאָסן מיך חתונה צו מאַכן ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַלע־באַטיש קינד . . .

דאָס פּלאַגעניש פון אַ פאַרשלייערטן שידוך האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ערגער ווי מיין מוטשען זיך אין ענגלאַנד און אַמעריקע און אַפילו ערגער ווי אין ראָטשילדס קאָנוואַלעסענט אַנשטאַלט . . .

נאָך צוויי יאָר מאַטערניש לאָז איך איבער דאָס שטעטל און פאָר צום צווייטן מאָל קיין אַמעריקע.

## איך ווער אַ סיגאַרן־מאַכער

צוריקגעקומען קיין אַמעריקע בין איך שוין אָן יענע טרוימען וועגן גאָלד, וואָס וואָלגערט זיך אויף די גאַסן . . . איך האָב ביי זיך געהאַט איין פעסטן באַשלוס: אויסלערנען זיך אַ טרייד (פאַך). באַלד נאָך מיין אָנקומען בין איך אַרויף זיך לערנען מאַכן סיגאַרן.

נאָך דריי וואָכן לערנען זיך ביי סיגאַרן דערזע איך אַן אַדוועררטייזמענט, אַז מען פאַרלאַנגט סיגאַרעטס־מאַכער אין דורהעם, נאָרט־קאַראָליינע, ביי איינעם אַ מר. דיוק (שפּעטער דער גרעסטער טאַבאַק־מיליאָנער אין אַמעריקע). דער אַרבעטס־אַנשטעלער, א. בלום, האָט מיך און פילע אַנדערע אָפּגעפירט פון ניו יאָרק גלייך צו מר. דיוקס פאַבריק אין נאָרט קאַראָליינע. מען האָט אונדז געהייסן אונטערשרייבן אַ קאָנ־טראַקט אויף זעקס חדשים. דער קאָנטראַקט האָט געלויטעט: יעדער וואָך זאָל מען אַרונטעררנעמען פון אונדזערע שכירות אַ דאָלער צו באַ־צאָלן די הוצאות פון ברענגען אונדז אַהין. אין פאַבריק האָבן זיך גע־פונען אַרום 200 אַרבעטער. צווישן זיי זיינען געווען ביאַליסטאָקער, אָדעסער און ווילנער. 95 פּראָצענט פון די אַרבעטער זיינען געווען יידן.

## די ערשטע יוניאָן־פאַרזאַמלונג

אין מר. דיוקס פאַבריק האָבן זיך געפונען צוויי אַרבעטער, וועלכע זיינען אונדז אַלעמען באַלד באַקאַנט געוואָרן. דאָס זיינען געווען צוויי יונגעלייט ג אָ ל ג אַ ר ט און ל י ב ע ר מ אַ ן. זיי זיינען געווען רעוואָלוציאָנערן נאָך פון רוסלאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן געפילט אַ מין חוב צו אָרגאַניזירן די פאַבריק. און זיי האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דעם. פון קיין דרוקעריי האָבן זיי, ווייזט אויס, אָפילו ניט אַ טראַכט געטאָן, און אפשר איז טאַקע אין דורהעם ניט געווען אַזעלכעס . . .

זיצנדיק איינמאָל ביי דער אַרבעט רוקט מען מיר אונטער אַ האַנט־געדרוקט קאַרטל און מען הייסט עס מיך איבערלייענען און אונטער־רוקן אַ צווייטן, דער צווייטער אַ דריטן א.אַז.וו. כאַפּנדיק אַ בליק אויף דעם קאַרטל האָב איך געזען מיט גרויסע אותיות, אַז מען רופט אונדז אַלעמען אויף דער נאַכט צו אַ „מיטאָג". צו יענער צייט האָבן מיר אַרבעטער נישקשהדיק אונטערגעהונגערט, וועט ווען איינפאַלן, אַז מען קען רופן צו עפּעס אַנדערש ווי צו אַ מיטאָג — צו עסן?

איינגעשטאַנען בין איך ביי אַן אַרבעטער מילער, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אונדז געאַרבעט. אַהיים גייענדיק זאָג איך צו אים: צו וואָס דאַרף מען גיין עסן סאַפּער (נאַכטמאָל), אַז מען גייט דאָך היינט

אוונט געבן עסן אין אַ האָל? מילער האָט זיך האַרציק צעלאַכט און מיר אויפגעקלערט, אַז דאָס וועט נישט זיין קיין „מיטאָג״, נאָר אַ מיטינג (פאַרזאַמלונג).

אין אָוונט גיי איך מיט מילערן צום מיטינג. איך הייב ניט אָן וויסן וואָס דאָרטן וועט פאָרקומען. מיין נייגעריקייט וואַקסט אַלץ מערער. ענדלעך זיינען מיר שוין אין האָל (זאַל), וועלכער איז געווען אָנגעפילט מיט אַרבעטער.

אַ יונגערמאַן באַווייזט זיך אויף דער פּלאַטפאָרמע און עפנט דעם מיטינג, פאָרשטעלנדיק גאַלגאַרטן אַלס דעם ערשטן רעדנער. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געהערט אַן אַרבעטער ריידן צו אַרבעטער. גאַלגארט האָט זיך צעוואָרעמט אַלץ מערער און מערער. פון וואָרעמקייט איז ער אַריבער אין אַ טעמפּעראַמענטפולן, פייערדיקן ענטוזיאַזם, וואָס האָט צוגלייך אַלעמען פון אונדז פאַרזאַמלטע אַרומ־געכאַפּט. זיין יעדער וואָרט האָט געקלונגען ווי דאָס שטורעמען פון אַ דונער. נאָך אַלץ ביז היינט צו טאָג קלינגען מיר אין די אויערן זיינע פייערדיקע רייד. „מר. דיוק ווערט אַלץ רייכער און רייכער פון טאָג צו טאָג, און מיר ווערן אָרעמער. פון וועמען זאַמעלט ער דאָס רייכטום אויב ניט פון אונדזער פראַצע? — וואָס זשע דאַרפן מיר טאָן כדי צו קענען פאַרבעסערן אונדזער לאַגע און געניסן מער פון דעם לעבן? עס איז נאָר דאָ איין וועג — זיך אָרגאַניזירן אין אַ מעכטיקער יוניאָן (פאַרבאַנד) — איינער פאַר אַלעמען און אַלע פאַר איינעם!״ דער האָל שטורעמט אויף פון די אַפּלאָדיסמענטן נאָך זיין רעדע.

די אויבנדערמאָנטע רעדע פון גאַלגארטן איז דאָך אייגנטלעך געווען מיין ערשטע לעקציע אין טרייד־יוניאָניזם. דאָך איז מיר אַלץ נאָך זיין רעדע געווען מאָדנע אומפאַרשטענדלעך, אַפילו אויסגעזען ווי ווילד, און איך רייד צו זיך: אין ניו יאָרק בין איך כמעט אויסגע־גאַנגען פון הונגער; אַ מאַן ברענגט מיך צו מר. דיוק אין פאַבריק, וואו איך פאַרדין שוין ניין דאָלער אַ וואָך; קומט אַ רעדנער און באַהויפּטעט גאָר דאָס איך מאַך רייך מר. דיוק . .

## מיין ערשטע רעדע

ביים צווייטן מיטינג האָט גאַלגארט אויסגערופן, אַז יעדערער פון די פאַרזאַמלטע אַרבעטער מעג שטעלן פראַגן. פון אַלעמען בין איך געווען דער איינציקער וואָס איך האָב געוואָלט שטעלן אַ פראַגע. גאַלגארט האָט מיך געהייסן אַרויפגיין אויף דער פּלאַטפאָרמע (בינע). אַרויפקומענדיק האָב איך דערזען 200 פּנימער, יעדער איינער קוקט אויף מיר. איך האָב זיך גלייך דערשראָקן פאַר זיי. דאָס פּנים האָט מיר אָנגעהויבן פּלאַמען. היינט האָבן מיר שוין אַ נאָמען דערפאַר — סטיידזש־פיווער (בינע־פיבער). איך האָב גערעדט עטלעכע מינוט. ביז

היינט צו טאָג קען איך זיך ניט דערמאָנען ניט נאָר צי איך האָב געשטעלט וועלכע עס איז פראַגן, אָדער וואָס די פראַגע איז געווען, נאָר איך קען זיך אפילו ניט דערמאָנען וואָס איך האָב געזאָגט אין די פאָר מינוט. אַלץ וואָס ס׳איז מיר געבליבן אין זכרון איז: ביים ענדע פון מיין ריידן האָב איך געהערט ווי מען קלאַפּט און מען שרייט „בראַוואָ!“ איך געדענק אויך דאָס איך האָב געפּרעגט גאַלגארטן וואָס מען האָט אַפּלאָדירט. ער האָט מיר געענטפערט אַ קלאַפּ טוענדיק מיר אויף די אַקסלען: איר האָט אַלע פעאיקייטן צו ווערן אַ גוטער רעדנער.

## מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אַנאַרכיזם

ב. גאַלגארט האָט, פאַרשטייט זיך, שטאַרק הנאה געהאַט פון מיין פאַרזוך צו האַלטן אַ רעדע. ער איז גלייך מיט מיר נעענטער באַ־פריינדעט געוואָרן. דערנאָך האָט ער מיך איינגעלאַדן צו זיך אַהיים. „אייגענטומס בעסטיע“ פון יאָהאַן מאָסט איז געווען דאָס ערשטע ביכל, וואָס גאַלגארט האָט מיר געגעבן צו לייענען. איבערצוגעבן היינט צו טאָג די ווירקונג, וואָס דער ערשטער אַנאַרכיסטישער פאַמפלעט האָט אויף מיר געמאַכט, איז אוממעגלעך. יעדער פון אונדז קען זיך לייכט דערמאָנען דעם אומגעהייערן טיפן איינדרוק, וואָס עס מאַכט אויף אונדז אַ וועלכער עס איז פאַמפלעט אָדער רעדע אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער באַקענען זיך מיט וועלכן עס איז אידעאַל. עס איז נאָר אינטע־רעסאַנט צו מערקן, אַז מיין באַקאַנטשאַפט מיט גאַלגארטן האָט אויס־געמיטן מיין דאַרפן דורכמאַכן צוערשט די באַקענונג מיטן סאָציאַליזם און האָט מיך אנשטאָט דעם גלייך אַריינגעבראַכט אין באַקאַנטשאַפט מיט דער אַנאַרכיסטישער לערע.

ווען איך האָב צוריקגעבראַכט גאַלגארטן דאָס ערשטע ביכל, וואָס ער האָט מיר געגעבן (אין יידישער איבערזעצונג פון דייטש), האָט ער מיר גלייך געגעבן די נאָך ביז היינט־צו־טאָג באַרימטע אָפּהאַנדלונג פון יאָהאַן מאָסט, „די„גאָטעס פעסט“. די ווירקונג וואָס עס האָט גע־מאַכט אויף מיר, אַ מענטש וואָס האָט ניט לאַנג צוריק געשטודירט אין אַ ישיבה אויף רב, קען זיך שוין דער לייענער אַליין פאַרשטעלן. דאָס דריטע ביכל וואָס גאַלגארט האָט מיר געגעבן איז געווען „יהי אור“ (עס זאַל ווערן ליכטיק), פון מאָריס ווינטשעווסקי.

איינמאָל האָט גאַלגארט אַרויסגענומען אייניקע פון אונדז אין וואַלד אַריין און פאַר אונדז פאַרגעטראַגן אין יידיש אַ „וויכוח“ צווישן גלח און רב, פון היינריך היינע, וואָס ענדיקט זיך מיטן באַרימטן זאַץ: דאָס זיי שטינקעןביידע גאַנץ נישקשהדיק . . .

איינער פון די טיפסטע איינדרוקן, וואָס איך קען נאָך ביז היינט צו טאָג נישט פאַרגעסן, איז וועגן דאָס לייענען „דער פּראָצעס פון פערדינאַנד לאַסאַל און זיין רעדע פאַרן געריכט“.

## דער ניט־אויסגעבראָכענער סטרייק

דורך דער צייט האָבן מיר זיך צוגעגרייט פאַר דעם סטרייק אין מר. דיוקס פאַבריק. דער סטרייק האָט געזאָלט אויסברעכן פונקט נאָך דעם ווי עס וועט זיך ענדיקן דער קאָנטראַקט, וואָס מר. דיוק האָט מיט אונדז געמאַכט פאַר די ערשטע זעקס חדשים.

פונקט אין דעם טאָג, ווען עס האָבן זיך געענדיקט די זעקס חדשים, ווערן מיר אַלע אַרונטערגערופן צו מר. דיוקן אין אָפיס (קאַבינעט). די אומדערוואַרטעטע האַנדלונג האָט אונדז איבערראַשט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין באַגריף וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך.

אַרויסשטעלנדיק זיך אַליין ווי אונדזער „ברויטגעבער", הייבט דיוק זיך אויף און אַדרעסירט אונדז ווי פאָלגט: „הערן, אייער זעקס־חדשימדיקער קאָנטראַקט מיט מיר איז צו ענדע. וואוהין ווילט איר פאָרן? יעדן פאַרהייראַטן מאַן וועט געגעבן ווערן אַ פרייער באַן־בילעט און $20, יעדן אומפאַרהייראַטן — אַ בילעט מיט $5".

די דערשטוינונג, וואָס דאָס האָט ביי אונדז אַרויסגערופן, איז זיך גרינג פאָרצושטעלן. מיר זיינען געבליבן ווי שטום, נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אָדער זאָגן. איידער מיר האָבן געהאַט צייט צו קומען צו זיך, זיינען שוין ביי אונדז אין די הענט געלעגן די בילעטן מיט 20 אָדער 5 דאָלער גאָלדשטיקער און מיר אַליין זיינען שוין געווען אויף דער גאַס . . .

די ווירקונג, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף גאָלגאַרטן און ליבער־מאַנען, איז געווען אַ שרעקלעכע אַנטוישונג. מיר, די אַלע אַרבעטער, האָבן געפילט אַז עפּעס האָבן מיר דאָ פאַרלוירן. צו־נישט זיינען אַלע פּלענער און האָפענונגען וועגן אַ סטרייק, וואָס האָט אונדז געזאָלט ברייינגען פאַרבעסערונג און אַ שענערן לעבן. מיר זיינען אויף דאָס ביי ברויטלאָז.

מר. דיוק, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם פּלאַן פון אַ סטרייק אין זיין פאַבריק, האָט גענומען מאַכן אין געהיים אַלע פאַרבאַרייטונגען איינצופירן דאָס מאַכן סיגאַרעטן מיט מאַשינען אַנשטאָט הענט. אַזוי גיך ווי מיר זיינען אַוועק האָט מר. דיוק איינגעשטעלט די מאַשינען און די איינאָרדענונג פון דער מאַשין האָט צעבראָכן — ניין, ניט צע־בראָכן, נאָר אוממעגלעך געמאַכט, אַז אונדזער סטרייק, און מיין ערשטע מיטמאַכונג אין אַ סטרייק, זאָל ווערן אַ ווירקלעכקייט. מר. דיוק און די מאַשין האָבן אונדז באַזיגט. אויס יוניאָן, אַלץ צו ענדע.

אַנטוישטע און פאַרביטערטע האָבן מיר, די אַלע אַריבערגעקומענע אַרבעטער, איינגעפּאַקט אונדזער ביסל אָרעמקייט, פאַרלאָזן דוירהעם און זיך אומגעקערט צוריק קיין ניו יאָרק.

## יאָהאַן מאָסט

דאָס איבערלייענען די פּאַמפלעטן פון יאָהאַן מאָסטן האָט אויף מיר געמאַכט אַ גרויסע ווירקונג און אָנגעצונדן אין מיין נשמה און געדאַנקען אַ גרויסן רעוואָלוציאָנערן פייער. וואָס מער איך האָב גע־לייענט זיינע ווערטער, אַלץ טייערער איז ביי מיר אויסגעוואַקסן יאָהאַן מאָסט אַליין. ביי מיין צוריקקומען קיין ניו יאָרק איז דאָס הערן אים רעדן געוואָרן דער הויפּט־פאַרלאַנג. איך האָב לאַנג דערויף ניט גע־דאַרפט וואַרטן. דעם קומענדן זונטיק איז פאָרגעקומען אַ דעבאַטע צווישן יאָהאַן מאָסט און אַלעקס יאָנאָס איבער דער טעמע: „פרייהייט צו בילדונג, אָדער בילדונג צו פרייהייט". מאָסט, פאַרשטייט זיך, האָט פאַרטיידיקט דאָס ערשטע און דער סאָציאַל־דעמאָקראַט יאָנאָס — דאָס צווייטע.

איבערצוגעבן די אַרט און ווייזע ווי אַזוי מאָסט האָט גערעדט איז אַן אוממעגלעכע זאַך. נאָר יענע, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק אים ווען עס איז צו הערן, וועלן טאַקע פאַרשטיין די ריכטיקייט פון מיין באַהויפּטונג, ווען איך וועל זאָגן, אַז מאָסט האָט געקענט באַ־גייסטערן אַן עולם איז ניט גענוג. ער האָט עלעקטריזירט, פּשוט פאַר־כישופט יעדן צוהערער, אַ קעגנער, אָדער אַ פריינד.

יאָהאַן מאָסט האָט אין אַ מייסטערהאַפטער רעדע צעגלידערט די געשיכטע פון אַלע קאַמפן, וועלכע די מענטשהייט האָט אָנגעפירט און דורכגעלעבט. יעדע פרייהייטס־דעראָבערונג פון די פאַרשקלאַפטע האָט מיט זיך געבראַכט די מעגלעכקייט און פאַרווירקלעכונג פון אַלץ מערער פרייהייטן. דעריבער איז דאָך נישט מער ווי לאָגיש, אַז בילדונג ווי עס ווערט פאַרשטאַנען און מיר וואָלטן עס וועלן זען אין דער ווירקלעכקייט, קען פאָרקומען נאָר דורך אַ פולשטענדיקער באַפרייאונג פון די פאַר־שקלאַפטע.

צוערשט, אַלזאָ, די באַפרייאונג און דער רעזולטאַט דערפון — די מעגלעכקייט פון בילדונג פאַר אַלעמען.

אַלעקסאַנדער יאָנאָס, דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פי־רער אין אַמעריקע, האָט באַשטריטן די גאַנצע לערע פון מאָסטס אַר־גומענטן. יאָנאָסעס שטעלונג איז געווען: פרייהייט קען נאָר דערגרייכט ווערן נאָכדעם ווי די פאַרשקלאַפטע וועלן באַקומען בילדונג. ווי אַזוי אַרבעטער קענען באַקומען בילדונג אָן פרייהייט, האָט יאָנאָס נישט דערוויזן. במילא איז מאָסט אַרויס דער מאָראַלישער זיגער פון דער דעבאַטע.

די ערשטע רעדע, וואָס איך האָב ביי דער דעבאַטע געהערט פון מאָסטן, האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומגעהייערע ווירקונג. זי האָט אין מיר צעפלאַקערט די שוין ברויזנדע רעוואָלטירנדע נשמה. און נאָך הייגט,

ווען נאָר איך דערמאָן זיך אָן יאָהאַן מאָסטן, קלינגט מיר אין די אויערן זיין ריזן־שטימע, וועלכע פלעגט מיך און אַלע אנוועזנדע אַרבעטער אַזוי באַצויבערן, דערמוטיקן און רופן צום קאַמף קעגן אַלערליי פאָרמען פון שקלאַפעריי.

אָבער וואו איז דער יאָהאַן מאָסט פון היינטיקן דור?

מיר איז איינמאָל אויסגעקומען צו זיין אין ניו יאָרק ווען מאָסט האָט מיט אַ גרופּע פון אונדזערע דייטשע גענאָסן אויפגעפירט גערהאַרד הויפּטמאַנס וועלט־באַרימטע סאָציאַלע דראַמע „די וועבער". איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק וואָס זיין שפּילן האָט אויף מיר געמאַכט!

עס וועט געבוג זיין צו דערמאָנען, אַז די קריטיקער אין אַלע צייטונגען אין ניו יאָרק, וועלכע זיינען געווען ביי דער פאָרשטעלונג, האָבן ניט נאָר געשריבן מיט באַגייסטערונג וועגן זיין שפּילן, נאָר אויך דערקלערט, אַז מיט דער איינער ראָלע, ווי ער, מאָסט, האָט זי אויפגעפאַסט, האָט ער באַוויזן, אַז ער וואָלט געקענט ווערן דער באַרימטסטער אַקטיאָר פון דער גרעסטער בינע.

יאָהאַן מאָסט איז געקומען אין אונדזער באַוועגונג פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן לאַגער. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד האָט ער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. ער איז אויך געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דעפּוטאַט אין דייטשן פּאַרלאַמענט אין די צייטן פון דעם אייזערנעם קאַנצלער ביסמאַרק. גענאָסע מאָסט איז אויך געווען פון די ערשטע קרבנות פון ביסמאַרקס אַנטי־סאָציאַליסטישן געזעץ. ביז צום לעצטן מאָמענט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אַקטיווי־טעטן פאַר אונדזער אַנאַרכיסטישן אידעאַל. ווען דער טויט איז צו אים געקומען אין 1906 — איז ער געווען אויף אַ לעקטשור־טור, און מיט רעכט קען מען זאָגן וועגן גענאָסע יאָהאַן מאָסטן, אַז ער איז געשטאָרבן ווי ער האָט געלעבט — קעמפנדיק פאַר דעם אַנאַרכיסטישן אידעאַל.

פאַר די, וועלכע האָבן ניט געהאַט די געלעגנהייט ווען עס איז צו הערן מאָסטן, מעג דאָ באַטאָנט ווערן די וויכטיקייט פון דער ראָלע, וואָס מאָסט און די דייטשע באַוועגונג האָבן געשפּילט אין דער אַנט־וויקלונג פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע. די דייטשע אַנאַרכיסטישע אַרבעטער, מיט מאָסט אַלס שרייבער און רעדנער, האָבן ניט נאָר געשאַפן אַ מעכטיק־ווירקנדע דייטשע אַנאַרכיסטישע באַווע־גונג אין אַמעריקע, נאָר האָבן אויך געהאָלפן שאַפן אַ יידישע אַזוי גוט ווי אַן אַמעריקאַנישע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו ריידן מיט גענאָסע מאָסט אויף איין פּלאַטפאָרמע איין מאָל ביי אַ פאַריזער קאָמונע־פייערונג אין ניו יאָרק, און דאָס צווייטע מאָל — ביי אַ יום־כיפור באָל אין דער זעלבער שטאָט. מיין באַוואונדערונג און ליבע צו מאָסטן איז דערמיט געוואַקסן

מיט יעדן מאָל, וואָס איך האָב אים געהערט ריידן. די טעמע האָט זיך געמעגט זיין אַ וויסנשאַפטלעכע, — האָט ער אין איר אַריינגעגעבן אַזוי פיל ערנסט און פייער, אַז דאָס איז אַרויסגעקומען אַ רעדע פול מיט באַצויבערונג אויף אַלע צוהערער.

די פּאָליציי אין ניו יאָרק האָט פאַר דער גאַנצער צייט פון מאָסטס צענדליק־יאָריקער אַקטיוויטעט זיך מיט אים באַגאַנגען אַלס אויסלענ־דער, אויפן ברוטאַלסטן אופן. מיט אַ „פאַריינער" מעג דאָך אַ פּאַר־טרעטער פון געזעץ טאָן וואָס נאָר עס ווילט זיך . . . דאָס וואָס די פּאָליציי האָט נישט געוואוסט, אָדער ריכטיקער, נישט פאַרשטאַנען, איז: ווען יאָהאַן מאָסט זאָל ווירקלעך געווען וועלן אויפרייצן די מאַסן (אַ באַשולדיקונג וואָס די פּאָליציסטן האָבן אָפט אויף אים געמאַכט, אַט־די היטער פון געזעץ, אין זייערע ברוטאַלע אַטאַקעס אויף אַרבעט־טער), וואָלט ניו יאָרק געהאַט בלוטיקע ראַיאָטן.

איך איבערטרייב נישט אויף אַ האָר. יאָהאַן מאָסט האָט געקענט אַזוי פאַרהיפּנאָטיזירן זיינע צוהערער, אַז זיי וואָלטן צו יעדער צייט מיט אים מיטגעגאַנגען, ווען ער זאָל נאָר געווען רופן צום קאַמף אויף באַריקאַדן.

דעם קאַלטבלוטיקסטן מענטש האָט ער געקענט דערפירן ביז טרערן מיט זיין היפּנאָטיזירנדער קראַפט.

די פּאָליציי האָט אים געהאַסט פאַר זיין אויפקלערן און ביי יעדער געלעגנהייט האָט זיך אַרויסגעוויזן וואָס פאַר אַ ברוטאַלע הינט דער שטאַט האָט פון זיי געמאַכט.

נאָך דעם אַטענטאַט פון לעאָן טשאָלגאָזש אויף דעם פּרעזידענט וויליאַם מעקינלי, האָט די פּאָליציי יאָהאַן מאָסטן באַפאַלן און עס איז איר געלונגען אים צו פאַרשיקן אויף אַ יאָר צייט אין טורמע אויף דעם „שוואַרצן אינדזל". מען האָט אים געהאַלטן מיט כינעזער אין איין צעלע, כדי ער זאָל ניט קענען אַגיטירן צווישן די פאַרשיקטע דייטשן, וואָס וואָלטן אפשר געווען איינגעשפּאַרט מיט אים צוזאַמען. דעם וועכנטלעכן אַנאַרכיסטישן אָרגאַן, „די פרייהייט", וועלכן יאָהאַן מאָסט האָט רעדאַגירט זיין גאַנצן לעבן, האָט ער רעדאַגירט פון טורמע.

יאָהאַן מאָסט איז געווען דער גרעסטער פאָלקס־אַגיטאַטאָר, וועלכן די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג האָט ווען עס איז געהאַט, פון דער צייט זינט פון מיין באַטייליקן זיך אין דער באַוועגונג ביז היינט־צו־טאָג. אין דעם איז ביי מיר קיין קלענסטער צווייפל נישטאָ. און וואָלט אין זיין לעבן אויסגעבראָכן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַמעריקע — וואָלט יאָהאַן מאָסט געשפּילט אין איר די זעלבע ראָלע וואָס מ. באַקונין האָט געשפּילט אין די אַלע לענדער, וואו רעוואָלוציעס האָבן אין זיין צייט אויסגעבראָכן.

# II

# ווי אַזוי עס זיינען אויפגעבויט געוואָרן די יידישע יוניאָנס אין אַמעריקע

## יוניאָן און ניט־יוניאָן פאַבריק

אומקערנדיק זיך קיין ניו יאָרק בין איך ווידער געגאַנגען אַרבעטן ביי סיגאַרן. דאָס מאָל איז אויף מיין גורל אויסגעפאַלן אָנצוקומען אַר־בעטן אין אַ פאַבריק ביי אַ מרס. שטיין. די פאַבריק איז געווען אַזאַ, וואָס אַפילו אין יענע צייטן איז זי געווען אַן אויסנאַם. די מרס. שטיין פלעגט מיט גרויסקייט זיך באַרימען פאַר יעדן ניי־גרינעם אַרבעטער, וואָס איז אָנגעקומען צו איר אַרבעטן: „ביי מיר קענט איר דאָך אַרבעטן ווען און ווי לאַנג איר ווילט!" און דאָס איז גאָרנישט געווען איבער־טריבן, ווייל די פאַבריק איז קיינמאָל נישט געווען צוגעשלאָסן . . . די אַרבעטער, וועלכע האָבן ביי איר געאַרבעט, זיינען געווען פונקט אַזוי מאָדנע ווי די מרס. שטיין מיט איר פאַבריק. די קריפּלס פון דער גאַנצער שטאָט, אַרבעטער, וועלכע האָבן ליב געהאַט דעם טרונק, אַר־בעטער, וועמענס היים עס איז געווען דער האָפן, וואו די שיפן שטעלן זיך אָפּ, — דאָס זיינען געווען די אַרבעטער פון מרס. שטיינס סיגאַרן־פאַבריק. שכירות האָט מרס. שטיין געצאָלט צוויי מאָל אַ טאָג. שרעקט זיך ניט, אויב דאָס קלינגט צו גוט. פאַרמיטאָג האָט זי אויסגעטיילט אַ קוואָרטער און פאַרנאַכטמאָל 50 סענט. אויסמאַכן פלעגט מען 4 ־ 5 דאָלער אַ וואָך. דאָס צאָלן צוויי מאָל אַ טאָג געהאַלט איז געווען די הויפּט־צוציאונג־קראַפט פאַר דעם מין אַרבעטער, וואָס האָבן ביי איר געאַרבעט, און פונקט אַזוי פאַר דער „ברויטגעבערין", מרס. שטיין. עס איז געווען אַ זייער פּאַסיקע כאַראַקטעריסטישע פאַראייניקונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָב איך לאַנג זיך נישט געקענט האַלטן אין אַזאַ „גן־עדן". ביי דער ערשטער געלעגנהייט, וואָס אַ מאַן האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט ביי אַ צופעליקער באַגעגעניש, אַז איך קען אַרויסנעמען אַ יוניאָן־ביכל פאַר 3 דאָלער, בין איך גלייך אַריין אין דער יוניאָן.

די יוניאָן האָט מיך געשיקט אין אַ יוניאָן־שאָפּ. די שכירות זיינען שוין געווען גאַנץ אַנדערע ווי ביי דער מרס. שטיין. ניט 4 ־ 5, נאָר 10 דאָלער אַ וואָך. אויך דער שאָפּ איז ניט געווען אָפן גאַנצע 24 שעה, נאָר 8 שעה. דאָס איז געווען אַ טאָג אַרבעט.

ווי אַלע גרינע, האָב איך גלייך געבראַכן די דיסציפּלין פון דער

יוניאָן, אַרבעטנדיק אַ פּאָר מינוט נאָך 12. און מען האָט מיך נאָך דער אַרבעט גלייך פאַרבעטן אין דער יוניאָן. דאָרט בין איך פאַרגעבראַכט געוואָרן פאַרן יוניאָן־געריכט. עס האָט ניט געהאָלפן מיין אַנטשולדיקן זיך, אַז ס'איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן וואָס איך האָב פאַרבראָכן אַ יוניאָן־פּרינציפּ. דער אורטייל איז געווען: דיסציפּלין פון דער יוניאָן מוז אויסגעהאַלטן ווערן. באַשטראָפט האָט מען מיך מיט 3 דאָלער. איך בין טאָקע געווען אַ היפּש ביסל ברוגז. איך האָב איינגעצאָלט, אָבער אין דער אמתן זיינען זיי דאָך טאָקע געווען גערעכט.

## אַ סיגאַר־סטרייק

דאָס וואָס מר. דיוק האָט ניט דערלאָזן, אַז דער פון אונדז גע־פלאַנטער סטרייק זאָל פאַרווירקלעכט ווערן אין נאָרט קאַראָליינע און איך זאָל זיך צום ערשטן מאָל באַטייליקן אין אַ סטרייק — האָט דערפאַר מעגלעך געמאַכט, אַז מיין ערשטע מיטמאַכונג אין אַ סטרייק זאָל פאָר־קומען אין ניו יאָרק. אָבער אויך דאָס מאָל בין איך ניט געווען אַקטועל אַ סטרייקער. געסטרייקט האָבן טאָקע 5,000 סיגאַר־מאַכער. דאָרף איך אָבער אַרבעטן אין אַ יוניאָן־שאַפּ. איך האָב בלויז געצאָלט אַ פּראָצענט פון די ווייִדזשעס אַנצופירן דעם סטרייק.

איינמאָל, ביי אַ פאַרזאַמלונג פון די סטרייקער, בעט אַ מאַן מען זאָל אים אַריינלאָזן און געבן דאָס וואָרט. מען לאָזט אים אַריין, און ווען ער קריגט דאָס וואָרט, נעמט ער זיך דערוויזן די סטרייקערס, אַז מיט דער טאַקטיק פון זיצן אין די האָלס און עסן סענדוויטשעס, טרינקען ביר און אונטערטאַנצן, וועט מען דעם סטרייק קיינמאָל נישט געווינען. וואָס מען דאַרף טאָן, איז גיין צום באַלעבאָס, אים אַרויסטרייבן פון אָפּיס און איבערנעמען די פאַבריק.

דער פאַרזיצער ענטפערט אים, אַז ס'איז זייער און זייער אַ שיינע עצה פאַר דער צוקונפט, ווען אַלע אַרבעטער וועלן זיין פולקאָם באַ־וואוסטזיניק. דאָס דורכצופירן אין יעדער פאַבריק־אינדוסטריע, איצט אָבער איז אַזאַ עצה געפערלעך און נישט אויפן פּלאַץ.

עס איז אַוועק אַ יאָר נאָך דעם סטרייק, ווען מיר געפינען אויס פון דער יוניאָן, אַז דער מאַן, וועלכער האָט דאַן געגעבן די קלוגע עצה, איז געווען אַ שפּיאָן־פּראָוואָקאַטאָר. מיר האָבן אים באַלד געצוואונגען נישט נאָר צו פאַרלאָזן די סיגאַרן־טרייד, נאָר אויך אַמעריקע.

די פירער פון דער סיגאַרן־מאַכער יוניאָן זיינען דאַן געווען צו יענער צייט שטאַפּער און יאַבלאָנאָווסקי — ביידע יידן. סעמועל גאָמ־פּערס האָט דאַן געאַרבעט אין אַ שפּאַנישן שאַפּ ביי סיגאַרן.

## איך ווער אַ פאַרמער

די שטאָט מיט אירע פאַבריקן, דער רעש פון דער לויפעניש אויף

שרים און טריט האָט אויף מיר אויסגעאיבט אַ פאַרלאַנג צו פאַרלאָזן די פאַבריק און גיין צוריק צו דער נאַטור אויפן לאַנד.

צו יענער צייט, ווען ביי מיר אין די געדאַנקען האָבן זיך אויסגע־אַרבעט פּלענער צו פאַרלאָזן די שטאָט, איז ביי מיר איינגעשטאַנען אַ יונגערמאַן דזשעק בוירק (איצט דער מיליאָנער אייגנטימער פון די בוירק בראָס. סיגאַרן אין פילאַדעלפיע). זיין פאָטער, משה בוירק, איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן פון טשעכאַנאָוצע. אַפילו נישטאָ מיט אים וואָס צו שטאַלצירן אַזוי אַלס אַ געבוירענער לאַנדסמאַן, ווייל נאָך אויף יענער זייט וואַסער איז ער שוין געזעסן 6 חדשים פאַר אַ שווינדל־געשעפט.

די דייטשע יאהודים האָבן געהאַט אַ געלט־פאָנד צו ראַטעווען די „פּראָסטע״ יידן פון געשעפט און אַרויסהעלפן זיי צו ווערן פאַרמערס אין אַמעריקע. און זיי האָבן דאָס געגעבן לאַנד אויך צו משה בוירק.

אַזוי גיך ווי דזשעק בוירק דערוויסט זיך, אַז איך וויל קויפן אַ פאַרם, שרייבט ער צו זיין פאָטער און פרעגט וועגן דעם אַן עצה.

דאַרף זיך גראָד צו מיין אומגליק מאַכן, אַז אַ רייכער אַמעריקאַנער פריץ נעבן משהס פאַרם האָט 57 אַקער לאַנד צום פאַרקויפן. משה בוירק שיקט גלייך אַ בריוו און איינלאַדונג צו קומען אָנקוקן דעם גרויסן מאַיאָנטעק, ממש אַ גליק וואַרט אויף אונדז.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין קאַרמעל, ניו דזשוירזי, איז פאַר אונדז געווען צוגעגרייט מיטאָג. משה בוירק האָט אונדז גלייך גענומען אָפריידן פון קויפן די פאַרם. ערשטנס, איז דער פאַרמער נישט ערלעך. געדענקט האָט ער, ווי ער האָט אונדז טאַקע געשריבן, צו קענען קויפן די פאַרם אויף 5 ־ 6 דאָלער אַן אַקער. איצט וויל ער גאָר 17 דאָלער אַן אַקער לאַנד. איז דאָך טאַקע אַ סימן, אַז דאָס איז אַ מאַיאָנטעק. דאַרף מען עס טאַקע קויפן.

נאָכמיטאָג פירט מען אונדז אין אַ וועגעלע אָנקוקן די פאַרם. משה נעמט אַן אַ זשמעניע ערד און רופט זיך אָפּ צו מיר: איר זעט ווי עס קרושעט זיך די ערד אין מיין פויסט, — דאָס באַווייזט וואָס פאַר אַ גוטע ערד דאָס איז . . . אַזוי גיך ווי ער האָט עס אַרויסגעזאָגט, קריך איך אַריין אין אַ בלאָטיקן זומפּ. משה פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ, ער רופט זיך גלייך אָפּ: ווען איך זאָל האָבן אַזאַ לאַנד, וואָלט איך געוואָרן אַ מיליאָנער! עס וואַקסט דאָך דאָ קרענבעריס! איך פרעג אים: וויפיל? הונדערט בושעלס צו יעדן אַקער לאַנד, ענטפערט ער, פאַר יעדן בושל באַקומט מען איצט 5 דאָלער.

איך ווער צעמישט פון דעם גליק וואָס עס שטייט מיר פאָר. איך הויב שוין אָן גלויבן, אַז איך ווער באַלד אַ מיליאָנער. משה זאָגט מיר צו נאָך אַ גליק פון דעם מאַיאָנטעק, צעדער־ביימער. עס איז, זאָגט ער, דאָ אַן ערך 2,000 פון זיי. פאַרקויפן קען מען זיי צו 5 דאָלער אַ בוים.

מיר האָט דער קאָפּ אָנגעהויבן שווינדלען, וועלנדיק אויסרכענען מיינע צוקונפטיקע פאַרדינסטן. מיר שטימען איין אויף די באַדינגונגען פון 15 דאָלער אַן אַקער לאַנד און ציען זיך אַרויס פון ניו יאָרק קיין קאַרמעל.

צו שילדערן אונדזער לעבן אויף דער פאַרם איז ניט זייער נייטיק; מיר האָבן זיך אַלע געמאַטערט. מיר האָבן געאַרבעט ביי סיגאַרן אין שטאָט, כדי צו קענען אָנהאַלטן דאָס גרויסע גליק, וואָס מר. משה בוירק האָט אונדז אַזוי שיין געמאָלן. ער האָט פיל, זייער פיל ניט דערמאָלן . . . אָט, למשל, האָבן מיר דורך דער ביטערער דערפאַרונג אויסגעפונען, אַז קרענבעריס קענען טאַקע וואַקסן אין אַ זומפּ, און מען קען טאַקע פאַר זיי באַקומען 5 דאָלער אַ בושעל; נאָר עס פאָדערט זיך טויזנטער דאָלאַרן צו באַאַרבעטן דאָס לאַנד, אַז עס זאָל קענען אָנהייבן וואַקסן קרענבעריס. דאָס זעלבע איז אויך מיטן צווייטן גליק פון מאַיאַנטעק — די צעדער־ביימער . . . עס איז טאַקע דאָ אַ גרויסע צאָל, און אַ צעדער־בוים איז טאַקע צו יענער צייט ווערט געווען 5 דאָלער. נאָר משה בוירק האָט פאַרגעסן אַ קלייניקייט — צו דערמאָנען, אַז מען דאַרף וואַרטן 75 יאָר ביז אַ צעדערבוים וואַקסט אויס.

מיט דער צייט איז אונדז אויך קלאָר געוואָרן פאַרוואָס מר. משה בוירק מיט זיין זון, דזשעק, האָבן מיך אַזוי שטאַרק אָפּגעראַטן פון קויפן די פאַרם. דאָס איז געווען דער מיטל, וואָס זיי האָבן אָנגעווענדט מיך צו באַגייסטערן אין וועלן קויפן די פאַרם. אויך די ראָלע, וועלכע דער פאָטער און זון האָבן געשפּילט מיט דעם פאַרמער, ווי דער פאַרמער האָט אונדז אַליין דערנאָך דערציילט, איז אויך ניט געווען קיין זויבערע. זיי האָבן דאָס אים געהייסן פאָדערן 17 דאָלער אַן אַקער לאַנד, ווען אין דער ווירקלעכקייט האָט ער געבעטן 7 דאָלער. דאָס שענסטע דערביי איז, אַז זיי זיינען ביידע געווען אַזעלכע כיטרע „געשעפטסלייט" — אַז אַפילו די 7 דאָלער אַן אַקער האָט ער ניט באַקומען. זיי האָבן צוגע־נומען יעדן סענט, וואָס איך האָב איינגעצאָלט און אויסגעצאָלט.

עס מעג דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין דער צייט פון מיין קויפן דעם מאַיאַנטעק האָב איך זיך באַגעגנט מיט איינעם פון יענע פיגורן וועגן וועלכע מיר לייענען בלויז אין די ביכער און באַגעגענען זיי זייער זעלטן . דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן — באַקאַל. ער איז געווען זייער פאַרטיפט אין פילאָזאָפיע פון אַנאַרכיזם. ער איז אויך געווען אַ ווע־געטאַריער, אַ טיף־דענקענדיקער מענטש. און זיין לעבן איז ליידער גיך אָפּגעהאַקט געוואָרן דורך דער דער פּראָלעטאַרישער קרענק — שווינד־זוכט. אַ מיסטרויען צו ביידע בוירקס (ער האָט אונדז אַלעמען באַשוואָרן פאַרן טויט, אַז מיר זאָלן נישט לאָזן מר. בוירקן באַרירן זיין קערפּער טויטערהייט) האָט ער אָנגעהאַלטן פון דעם ערשטן מאָמענט וואָס ער האָט זיך מיט זיי באַקענט. און ער האָט, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, נישט געמאַכט קיין טעות.

אַט אַזוי האָבן זיך געענדיקט מיינע דערוואַרטעטע „גאָלדענע גליקן״ אויפן לאַנד. נאָך צוויי יאָר מוטשען זיך, האָב איך געמוזט איבערלאָזן די פאַרם ווי זי איז געשטאַנען און צוריק קומען אין שטאָט.

## די ערשטע יידישע בעקער־יוניאָן אין פילאַדעלפיע

נאָכן פאַרלאָזן קאַרמעל בין איך שוין צוריק קיין ניו יאָרק נישט געפאָרן, נאָר אין אַ נייער שטאָט — פילאַדעלפיע. איך בין ווידער אַמאָל געגאַנגען אַרבעטן ביי סיגאַרן.

צו יענער צייט איז צו מיר געקומען אַ קאָמיטע פון די בעקער־אַרבעטער. לייבאָוויטש איז געווען דער רעדנער פון דער קאָמיטע. זיי זיינען געקומען בעטן ביי מיר צו העלפן זיי אָרגאַניזירן די בעקער־אַרבעטער אין פילאַדעלפיע.

צו שילדערן היינט־צו־טאָג די באַדינגונגען, אונטער וועלכע בעקער־אַרבעטער האָבן אין יענער צייט געמוזט אַרבעטן, וועט אויסזען מאָדנע ווילד און אומגלויבלעך. עס איז אָבער דאָך דער אמת. אַזוי איז עס געווען: געאַרבעט האָט מען אין יענער צייט 16 שעה אַ טאָג; יעדן דאָנערשטיק, כדי צוצוגרייטן די שבתדיקע חלה — פולע 24 שעה. שכירות זיינען געווען ווי אַזוי דער באַלעבאָס האָט געוואָלט, פון 3 ביז 10 דאָלער אַ וואָך.

איך האָב גלייך איינגעוויליקט צו העלפן. מיר האָבן פאַררופן דעם ערשטן מיטינג אויף צווייטער און קעטערין סטריט. ווען איך האָב אָנגעהויבן ריידן, זיינען געקומען ביי אַ 30 בעקער, אַ העלפט פון זיי זיינען געשלאָפן, דעם פאַרזיצער אַריינרעכענענדיק, אַזוי אויסגעמאַטערט זיינען זיי געווען. פאַרשטייט זיך, אַז מיינע רייד האָבן זיי אַ ביסל אויפגעוועקט. (אין די קעלערן צו יענער צייט, וואו די בעקער פלעגן אַרבעטן, איז אַפילו נישט געווען קיין טרעפּ, און נישט איינמאָל פלעגט מיר אויסקומען אַרומגיין פון קעלער צו קעלער און מיט אַ שטריק זיי אַרויסציען צום מיטינג.) מען האָט אָנגעהויבן צו קומען צו די מיטינגען וועלכע די יוניאָן האָט גערופן. אַזוי איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער ערשטער יידישער בעקער־יוניאָן אין פילאַדעלפיע. דאָס ענדיקט נאָך ווייט נישט מיין פאַרבינדונג מיט די בעקער־אַרבעטער יוניאָן אין פילאַדעלפיע. אָבער וועגן דעם שפּעטער.

## די ערשטע יידישע סיגאַרן־מאַכער יוניאָן

איך ווייס נאָך ביז היינט נישט צי מיילאָ באַרנעס, דער פּירער פון דער אַמעריקאַנער סיגאַרן־מאַכער יוניאָן, האָט יע אָדער נישט געוואוסט וועגן מיין ביסל אויפטו ביי די יידישער בעקער־אַרבעטער. יעדנפאַלס, אין אַ געוויסן טאָג שיקט ער מיך רופן, איך זאָל פּרובירן אָרגאַניזירן די יידישע סיגאַרן־מאַכער אין אַ יוניאָן. איך דערקלער אים,

אַז די יידישע אַרבעטער קענען נישט צאָלן קיין 25 סענט דיוס אַ וואָך. איך קען נאָר פּרוּאוון זיי אָרגאַניזירן אין אַ לאָקאַל אויף 10 סענט דיוס.

באַרנעס האָט צוגעשטימט צו מיין פּלאַן. ביים צווייטן מיטינג זיינען שוין געווען 120 יידישע סיגאַרן־מאַכער. דערנאָך, פילנדיק זיך שוין מער זיכער, האָב איך געשיקט נאָך באַרנעסן, פאַרגעלייגט און דערנאָך פאַרטיידיקט די נוצן פון אַנשליסן זיך אָן דער נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט פון דער סיגאַרן־מאַכער יוניאָן. מיין פאַרשלאַג ווערט אָנגענומען. אַזוי ווערט אויך געלייגט דער פונדאַמענט פון דער ערשטער יידישער סיגאַרן־מאַכער יוניאָן.

## די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו יאָרק

אומדערוואַרט קומט מיר אָן אַ טעלעגראַמע פון יוסף באַראָנדעסן, איך זאָל גלייך קומען קיין ניו יאָרק, — ווייל די גאַנצע קלאָוקמאַכער יוניאָן האַלט ביים אונטערגיין. איך שטרייך אונטער דאָס וואָרט אומ־דערוואַרט, ווייל אָט ערשט מיט 9 חדשים צוריק האָבן דאָך צען טויזנט קלאָוקמאַכער מאַרשירט דעם 1טן מאַי איבער די גאַסן פון ניו יאָרק! אַ פּאַראַד, פאַר וועלכן מען האָט זיך געמאַכט ספּעציעלע יום־טובדיקע קאָסטיומען מיט פלאַגן. און די צוויי פירער, גראַף און גאַרסייד, האָבן געפירט דעם פּאַראַד; אַ פּאַראַד, וואָס האָט אַריינ־געוואָרפן אין אַ טויט־שרעק די גאַנצע אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע. זי האָט ממש זיך דערשראָקן, אַז אָט־אָט, קומט אָן די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַמעריקע, — און גלייך נאָך דעם איז אַזאַ טעלעגראַמע!

אָבער אַזוי ווי עס איז דעמאָלט געווען דער גורל פון אַ סך, אַ סך יידישע יוניאָנס און אַנדערע סאָציאַלע באַוועגונגען אין אַמעריקע. פּלוצלונג זיינען זיי אַנטשטאַנען און מיט אַ קראַך אויסגעגאַנגען, ווי דאָס פייער פון אַ ברענענדער ליכט.

אָנגעקומען קיין ניו יאָרק, זוך איך אָפּ דעם אָפיס פון דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן. דאָס איז געווען אין אַ בייסמענט (קעלער) אויף דער איסט סייד, וואו לופט און זון־שיין זיינען אַ זעלטנהייט. ביי איין זייט טיש האָב איך געטראָפן זיצן באַראָנדעסן, — דער דעמאָלסטיקער אָר־גאַנייזער. ביים צווייטן — קורץ, דער סעקרעטאַר. אויף די ווענט זיינען געהאנגען גרויסע בילדער פון קאַרל מאַרקס און פערדינאַנד לאַסאַל. צווישן די צוויי בילדער — אַ בילד פון אַ קלאָוקמאַכער, וואָס איז געווען צו יענער צייט אַרעסירט. אין אַ ווינקל זיינען געשטאַנען צוויי קאַסטנס מיט די ספּעציעלע קעפּס, וואָס מען האָט געמאַכט און געטראָגן צום בארימטן פּאַראַד, וועלכן איך האָב דערמאָנט אויבן. אויסגעזען האָבן באַראָנדעס און קורץ מיט דעם אָפיס, ווי מען וואָלט נאָר־וואָס אַרויס־געטראָגן פון דאָרטן אַ מת און מען זיצט נאָך אים שבעה. פון רענט־צאָלן איז דאָך שוין אָפּגערעדט — שוין צוויי חדשים, אַז מען האָט ניט

געצאָלט. אַז מען ווערט ווייט פאַרשולדיקט, ראַפּלט מען אַ „וואַטש“, און דערמיט באַצאָלט מען די רענט. „דיוס“, וואָס איז אַלע מאָל געווען אַ שווערער פּונקט ביי יידישע אַרבעטער, איז דעמאָלט געווען 10 סענט אַ וואָך. דאָס אָבער, ווייזט אויס, איז אויך געווען פאַר זיי צופיל.

פאַרשטייט זיך, אַז די לאַגע פון דעם יוניאָן־אָפיס איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער לאַגע פון דעם קלאָוקמאַכער פון יענער צייט. דער באַרימטער סוועט־שאָפּ סיסטעם איז דאַן געווען אין פולן גלאַנץ. גע־אַרבעט האָט מען אין יעדן טענעמענט־הויז, ווער אין אַ פאַרשטיקטן צימער און ווער אין אַ פינצטערן בייסמענט אָן לופט. און די קלעגלעכע פאַרדינסטן זיינען געווען קוים־קוים צו דערהאַלטן דעם לעבן.

די יוניאָן איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען אַזוי גוט ווי מאַכט־לאָז צו קענען דורכפירן ענדערונגען אָדער אויסבעסערונגען אין די פאַבריקן. פון טענעמענט סוועט־שאָפּ־לעכער איז דאָך שוין אָפּגערעדט. די איינציקע צייט ווען די אַרבעטער פלעגן עפּעס אַרויסקריגן ביי די באַלעבאָטים — איז געווען אין רעכטן ברען פון „סעזאָן“. מען האָט אָפילו נישט געפונען פאַר נייטיק צו פרעגן ביי דער יוניאָן צי יע סטרייקן אָדער ניט. אַרבעטער האָבן זיך צוזאַמענגענומען, דערקלערט אַ סטרייק, אים געפירט אַ וואָך, אָדער צוויי, אַמאָל געוואונען, אַמאָל ניט. אין די מערסטע אַזעלכע פאַלן האָט די יוניאָן אָפילו נישט גע־וואוסט פון די סטרייקס.

די פאַרזאַמלונג, צוליב וועלכער באַראַנדעס האָט מיר געשיקט די טעלעגראַמע, האָט געדאַרפט פאַרקומען אין אָוונט. אַזוי ווי איך בין אָנגעקומען ביי טאָג און עס איז שוין געוואָרן אָוונט, האָט באַראַנ־דעס מיך פאַררופן צו זיך אין הויז. אַריינקומענדיק, געפינען מיר באַ־ראַנדעסעס פרוי וואַשנדיק וועש. איר בליק האָט מיר גלייך באַוויזן, אַז איך בין זייער נישט קיין געוואונטשענער גאַסט . . . איך האָב באַמערקט ווי זיי האַלטן ביידע אָפּ אַ שטומע באַראַטונג. דער באַשלוס איז געווען, אַז מען האָט געבראַכט אַ גאַנצן הערינג מיט ברויט און מען האָט פאַר־טרונקען מיט אַ גלעזל טיי.

נאָך דעם געהויבענעם נאַכטמאָל זיינען מיר ביידע אַוועק צו דעם וואַלהאַלאַ האָל אין אָרטשאַרד סטריט, וואו די פאַרזאַמלונג האָט גע־דאַרפט פאַרקומען. צו אונדזער ביידנס דערשטוינונג איז שוין דער האָל געווען איבערגעפּאַקט. הונדערטער אַרבעטער האָבן נישט געקענט אַריין. שילדערן די באַגייסטערונג — וועט זיין גענוג צו דערמאָנען, אַז איבער 800 אַרבעטער האָבן זיך ביי דער פאַרזאַמלונג פאַרשריבן אין דער יוניאָן.

עס איז געווען אָט פון דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן די שפּעטער־דיקע מעכטיקע קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט זיך איינגעפעסטיקט און פונאַנדערגעוואַקסן.

מיין אייגענע באַגייסטערונג פון דער פאַרזאַמלונג איז אויך גע־
ווען גאָר נישט קיין קליינע. איך געדענק נאָך היינט מיין געזעגענען
זיך מיט באַראַנדעסן. „ווען נאָר איר וועט מיך נאָר דאַרפן, וועל איך
זיך נישט לאָזן בעטן און קומען," האָב איך צו אים דעמאָלט געזאָגט.

## ווי אַזוי מע פלעגט גרינדן יידישע יוניאָנס

איינער פון די אָרגאַניזירער פון דער מענער שניידערס יוניאָן,
וועלכע האָט באַלאַנגט צו דער „יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס" יוניאָן,
איז אַמאָל געווען איינער מייער שיינפעלד. דער אויסזען פון מייער
שיינפעלד איז געווען אַזעלכער, אַז מען האָט אים גיכער געקענט אָנ־
נעמען פאַר אַ סאַלון־קיפּער איידער אַלס אַן אָרגאַנייזער פון יוניאָנס.
ער האָט עס געזאָלט קומען אָנפירן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון פּענטס־
מאַכער אין באַלטימאָר. דאַרף זיך גראַד מאַכן, אַז ער זאָל פאַרשפּעטיקן
צו דער באַן. אַ קאָמיטע קומט צו מיר אין איילעניש, איך זאָל פאַר־
נעמען זיין פּלאַץ, וואָס איך האָב אויך געטאָן.

שפּעטער מיט אייניקע שעה קומט ער צו מיר מיט אַ גאַנצער
חברה מיר באַדאַנקען פאַרן אַרויסהעלפן אים. ער שיקט קויפן ביר און
נעמט דערציילן יענע אַפּטע פּאַסירונגען, ווי אַזוי מען פלעגט „אָרגאַ־
ניזירן" יונאָנס צווישן יידישע אַרבעטער.

דאָס איז געווען — דערציילט שיינפעלד — אין אַ צייט, ווען די
מענער־שניידער יוניאָן איז געווען באַנקראָט, מאַכטלאָז. די אַרבעטער
זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער. נעמט שיינפעלד און רופט צוזאַמען
אַ מיטינג פון אַ 20 געזונטע פּרעסערס, אַזעלכע וואָס קענען געבן
אַ קלאַפּ ווען מען דאַרף. מען צעטיילט די 20 אין דריי קאָמיטעס.
יעדע קאָמיטע זאָל גיין פון שאַפּ צו שאַפּ. אָנגעהויבן האָט מען די
אַרבעט 5 אַזייגער אין דער פרי און געענדיקט ביז פאַרנאַכט. עס האָט
נישט געטאָרט זיין מער די פראַגע וועגן פּרעסערס, וועלכע זאָלן נישט
אַרונטערגיין. וועגן די איבעריקע אַרבעטער האָט מען זיך נישט גע־
זאָרגט. נעמט מען אַרונטער אַלע פּרעסערס, אַזוי וועט שוין דער שאַפּ
זיך מוזן אָפּשטעלן. און מען האָט אָנגעהויבן ברענגען די פּרעסערס
אין יוניאָן־אָפיס אויף ברום סטריט. מען קען דענקען, אַז מען האָט
אַרונטערגענומען פון דער אַרבעט עטלעכע הונדערט פּרעסערס, פאַר־
זיכערט שיינפעלד, אַז עס איז אַרונטערגענומען געוואָרן פון דער אַרבעט
דאָן, און אַריין אין דער יוניאָן, 4 טויזנט פּרעסערס! און די באַלעבאַ־
טים האָבן אָנגעהויבן לויפן אין דער יוניאָן סעטלען. דאָס שענסטע
דערביי איז געווען, דערציילט ער, אין באַגלייטונג פון אַ הילכיקן גע־
לעכטער, אַז די אַרבעטער אַליין האָבן נישט געוואוסט צוליב וואָס מען
איז פּלוצלונג אַרונטער אין סטרייק. נאָך דער זיגרייכער ענדע פון
סטרייק האָט מען אים אַרומגעטראָגן אויף די הענט. מען האָט אים

געקויפט א גאָלדענעם זייגערל. „איצט האָט ער שוין וואָס צו עסן; עס איז שוין דאָ אַ יוניאָן."

שפּעטער מיט דריי, פיר יאָר דערוויס איך זיך, אַז דער גרינדער פון דער נאַר־וואָס דערציילטער פּרעסערס־יוניאָן איז ענדלעך אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ — אַ סאַלון־קיפּער.

III

# אַטעאיסטישער איינפלוס אויף דער ראַדיקאַלער און אַנאַרכיסטישער באַוועגונג

## דער דעבאַטאַנטן־קלוב

אַלעמען איז היינט באַקאַנט די וויכטיקע ראָלע, וואָס די דעבאַטן האָבן געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער און פּאָליטישער באַוועגונג דאָ אין לאַנד. די ערשטע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט מיך צוגעצויגן צו וועלן זיך אָנשליסן אָן איר, איז געווען אַ דעבאַטן־קלוב, וואו דער לייטנדער גייסט איז געווען אַ מאַן מיטן נאָמען בעקער. די הויפּט־פראַגן, וועלכע מען האָט דאָ דעבאַטירט, איז געווען רעליגיע, עקאָנאָמיע און פילאָזאָפיע. דיסקוסיעס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן צוויי מאָל אַ וואָך. דער מיטגליד־אָפּצאָל האָט אָנגעטראָפן 25 סענט אַ חודש.

עס איז אויך געווען ביי דעם דעבאַטן־קלוב, דאָס איך האָב זיך באַקענט מיט דער געשיכטע פון די קאָאָפּעראַטיווע עקספּערימענטן, וועלכע ראָבערט אָווען און סט. סעימאָן האָבן אָנגעפירט. די ווירקונג פון באַקענען זיך מיט אָט־דער אַרבעט איז געווען אומגעהייער אויף אַ סך פון אונדז. די ווירקונג אויף מיר אַליין וועט זיך אַרויסווייזן אין די ווייטערדיקע איבערלעבונגען, וועלכע שילדערן די עקספּערימענטאַלע פאַרזוכן פון קאָאָפּעראַציע צווישן די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע.

## די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין פילאַדעלפיע

מיט „די ריטער דער פרייהייט" הייבט זיך פּאַקטיש אָן די געשיכטע פון דער יידישער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פילאַדעלפיע. די גרופּע איז געווען געגרינדעט פון אַרבעטער. איר פירנדער גייסט איז געווען איינער גאָלדשטיין, אַ נאַר־וואָס אָנגעקומענער ראַדיקאַל־אַטעאיסט פון ענגלאַנד. דער ערשטער צוזאַמענקונפט פון דער גרופּע איז געווען ביי איינעם אַ ריטענבערג אויף קעטרין סטריט.

צום ערשטן מיטינג זיינען זיך צוזאַמענגעקומען ביי אַ 20 מענטשן. כמעט די מערסטע פון אונדז האָבן נישט געוואוסט קלאָר וואָס מיר

ווילן, אויסער דעם איינציקן פּאַקט, אַז מיר זיינען אַלע געווען אַטעאיסטן. צו יענער צייט איז אין אַמעריקע, ווי אויך אין ענגלאַנד, געווען די אַטעאיסטישע באַוועגונג זייער איינפלוסרייך. ספּעציעל האָט זי איבערגעלאָזן טיפע שפּורן און בייגעטראָגן דערמיט צו דער אַנטוויקלונג פון אַלע ראַדיקאַלע און פּאָליטישע באַוועגונגען.

אויב מיר, דאָס מיינט די מערסטע מיטגלידער פון דער גרופּע, האָבן אויסער „אַטעאיזם" נישט געוואוסט קלאָר וואָס זיי ווילן, איז געווען איינער, וועלכער האָט גאַנץ קלאָר יע געוואוסט, נישט נאָר וואָס ער וויל, נאָר אויך פאַר וועלכן צוועק ער איז געוואָרן אַן אַקטיווער מיטגליד און אונדז אַלע מאָל געגעבן זיין הויז פאַר פאַרזאַמלונגען. דאָס איז געווען דער אויבנדערמאָנטער מר. ריטענבערג. דער דאָזיקער ייד איז געווען באַגליקט מיט 5 טעכטער, — 5 טעכטער ביי אַ יידן — דאָס אַליין איז שוין געווען אַן אומגליק. דאָס איז גערעדט ווען זיי זיינען נאָך ביים וועג און אויסזען. דאַרף דער מר. ריטענבערג האָבן אַ דאָפּלטן מזל: 5 טעכטער און איינע מיאוסער פאַר דער צווייטער . . . דער מר. ריטענבערג האָט אָבער פאַרשטאַנען אַן עסק, ווי אַזוי נאָך קען ער אַזוי גרינג פאַרקנסן זיינע 5 „שיינהייטן", ווי אין יענעם קרייז, וואו די מענטשן זיינען מערער פאַרנומען מיט אידייאישע פּלענער פאַר דער צוקונפט, ווי מיט דערווירקלעכקייט אויף דער ערד? און אין דער אמתן, האָט ער טאַקע קיין טעות ניט געמאַכט. עס איז אים געלונגען אויסצוגעבן אַלע 5 — און, פאַרשטייט זיך, אַז גלייך נאָך דעם האָבן מיר דעם מר. ריטענבערג שוין מער ניט אָנגעזען אין די אויגן. „די ריטער דער פרייהייט" האָבן בכלל אין מר. ריטענבערגס געווינס מער פאַרלאָרן ווי געוואונען.

די גרופּע האָט געהאַלטן אין וואַקסן און פלעגט אויסאיבן מער און מער איינפלוס אויף די אַרבעטער אין פילאַדעלפיע. די לעקציעס, וועלכע מיר האָבן אָפּט געגעבן, זיינען געוואָרן אַלץ מערער באַזוכט. אַזוי זיינען מיר געצוואונגען געוואָרן זיך איבערצוציען אין אַ גרעסערן פּלאַץ — אין 203 פּיין סטריט.

די „דיוס" איז געווען 5 סענט אַ וואָך. יעדער נייער מיטגליד פלעגט קריגן אַ קאַרטל, וועלכעס איז געווען גוט פאַר 52 וואָכן. יעדע וואָך פלעגט מען פּאָנטשן אַ לעכל.

מיין שוועסטערס אַ טאָכטער קומט צו מיר איינמאָל מיט איר מיטגליד־קאַרטל און פרעגט מיך מיט נאַאיווקייט פון אַ גרינער (דאָס איז זי געווען): „נו, נו, אַז איר וועט שוין אויספּאָנטשן דאָס גאַנצע קאַרטל, וועל איך שוין מער נישט דאַרפן גיין אַרבעטן?"

אונדזערע רעדנער פון דער גרופּע זיינען געווען אַ סך. מיר האָבן געהאַט איינעם גראַטש, אַ תלמודיסט און הויפּט־אַטעאיסטן־רעדנער. אויסער געלערנט איז ער געווען אַ דענקער און אַ טיף־איבערצייגנדער

רעדנער. איצט איז ער שוין טויט. אַ צווייטער רעדנער, וועלכער איז איצט אַ קאָמוניסט, איז געווען טעלסאָן. אַ נייער צוגעקומענער רעדנער איז געווען ברענער, אַ מיטגליד פון דער ניו־יאָרקער גרופּע „ריטער דער פרייהייט״.

ברענער איז געווען אַלט ביי 22 יאָר, זיין רעדנער־קראַפט איז געווען זייער טעמפּעראַמענטפול, און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שיינער שפּראַך. אַ סיגאַרן־מאַכער ביי טרייד, באַלעזן אין רוסיש, אַ מין האַלבער אינטעליגענט. מיט זיין באַזעצן זיך אין פילאַדעלפיע, און ווערנדיק אַ מיטגליד פון אונדזער גרופּע, האָט ער געפירט דערצו, אַז „די ריטער דער פרייהייט״ זאָל זיך עפנטלעך דערקלערן אַלס „אַנאַר־כיסטיש־קאָמוניסטישע גרופּע״.

## די „ריטער דער פרייהייט״ ווערט אַן אַנאַרכאָסטישע גרופּע

מיט דער פאַרוואַנדלונג פון „די ריטער דער פרייהייט״ אין אַן „אַנאַרכיסטישער גרופּע״ הייבט זיך אָן דער גלאַנץ־פּעריאָד פון דער יידישער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פילאַדעלפיע. די גרופּע האָט אָנגעהויבן אָפּהאַלטן לעקציעס יעדע וואָך מיט רעדנער פון ניו יאָרק. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט פון ניו יאָרק דר. י. מעריסאָן, ווייקסעל, ווילענטשיק, גורדזשאַנסקי, ר. לואיס (דער דאַמאָלסטיקער רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע״), שטאהלער, ר. ליבערט, ווילסאָן, א. שניידער, ווינבערג, א. קאנסא, מייקעל קאהן, משה קאטץ, דוד עדעלשטאַט, שרה עדעלשטאַט (זיין שוועסטער). די דייטשע רעדנער, וועלכע מיר פלעגן אַראָפּברענגען, זיינען געווען: שטרומפּע זעליג, און יאָהאַן מאָסט. פאַרשיידענע אַנדערע פילאַדעלפיער רעדנער זיינען אויך אויסגעוואַקסן אין צאָל. מיר האָבן שוין געהאָט: דר. גאָרדאָן, דר. שטאלער, דר. בארבער, ברענער, גראטש, און איך אַליין.

## צוויי סינגל טעקסערס קומען מיט אַ פּלאַן פאַר באַפרייאונג

ווען די גרופּע „ריטער דער פרייהייט״ האָט עקזיסטירט, פלעגן מיר אָפט אָפּהאַלטן מיטינגען אין פּריוואַטע הייזער, ביי מיטגלידער. איינמאָל ביי אַזאַ מיטינג, אין הויז פון גענאָסע שטאָלער, קלאַפּן אָן אין טיר צוויי מענטשן און דערקלערן, אַז זיי ווילן אַריינקומען און פאַר אונדז פאָרלייגן אַ וויכטיקע זאַך. מיר הייסן זיי אַריינקומען. ביידע האָבן געהאַט אָנגעשטאָפּטע קעשענעס מיט ליטעראַטור. און גלייך נאָכן אַריינקומען האָבן זיי זיך גענומען פאַרטיילן, יעדן איינעם אַ קליינעם פּאַמפלעט. דער פּאַמפלעט איז געווען וועגן דער סינגל־טעקס באַוועגונג (טעקסעס אויף לאַנד). אָפּגעטאָן די אַרבעט נעמען זיי פאָרלייגן זייער פּלאַן.

זיי דערקלערן, אַז מיר וועלן קיינמאָל נישט ברענגען דעם אַנאַר־

כיזם דורך פּאַמפּלעטן. עס פאָדערט זיך קאָנקרעטע אַרבעט. ערשטנס, איז נייטיק אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטער פון יעדן פאַך. ווען יעדער זאָל געבן בלויז אַ דאָלער אַ וואָך (אין יענער צייט איז געווען אין פילאַ־דעלפיע 50 טויזנט אַרבעטער) איז אין איין יאָר קען זיך צונויפקלייבן 250 טויזנט דאָלער. מיט אַזאַ ריזיקער סומע קען מען גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט. און די אַרבעט זאָל באַשטיין פון בויען הייזער פאַר די אָנגעשלאָסענע אַרבעטער. די אַרבעטער וועלן דערזען, אַז אַרבעטער האָבן טאַקע גוטע הייזער, וועט די אָרגאַניזאַציע אַזוי זיך צעוואַקסן, אַז מען וועט אויך קענען אָנהייבן פּראָדוצירן קליידער און עסנוואַרג פאַר דעם אייגענעם געברויך.

און אונדזער טיף־דענקענדער גענאָסע, ראָבערט ווילסאָן, שטעלט זיך אויף און פרעגט די אַריינברענגער פון פּלאַן אַזאַ פראַגע:

אָנגענומען אַז אייער פּלאַן איז גוט, מיר טרעטן צו און נעמען זיך בויען די ערשטע הייזער, גראַד פאַלט אויס אויף מיר נישט צו זיין פון די לעצטע טויזנט פון די 50 טויזנט אַרבעטער אין פילאַדעלפיע, נאָר מיין נומער איז 5000, וויפיל יאָר וועל איך דאַרפן וואַרטן ביז עס וועט קומען מיין רייע פאַר באַקומען אַ הויז?

איך האָב מורא אַמווינציקסטן אַ הונדערט יאָר. עס איז ליידער נישט מער ווי אַן אוטאָפּיע, כאָטש וואָס עס טוט מיר ווי עס צו זאָגן...

און די צוויי סינגל־טעקסערס זיינען אַוועק מסתמא זייער אומצופרידן.

## די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די יוניאָנס

אין דער צייט האָבן די יידישע אַרבעטער פּראַקטיש נישט גע־וואוסט, אַז עס עקזיסטירט גאָר אַזאַ זאַך ווי סאָציאַל־דעמאָקראַטן. געקומען איז דאָס פון דעם וויכטיקן פאַקט, אַז די מערסטע יידישע יוניאָנס זיינען אויסשליסלעך געגרינדעט געוואָרן פון אַנאַרכיסטן.

עס איז דעריבער נישט נייטיק צו באַטאָנען, אַז די סאָציאַל־דע־מאָקראַטן האָבן נישט געהאַט קיין גרויס נחת דערפון. זיי האָבן נישט נאָר נישט פאַרגונען אונדז, נאָר טאַקע באַשלאָסן צו פאַרניכטן דאָס, וואָס זיי האָבן אַליין באַטיטלט דעם „אַנאַרכיסטישן גיבראַלטאַר פון פילאַדעלפיע". מען האָט אָנגעהויבן שיסן מיט זייער אַרטילעריע קעגן אונדז. זיי האָבן געבּראַכט לואי מילער, מ. הילקוויט, אב. קאַהאַן, מ. זאַמעטקין און ב. פייגענבוים. דער קאַמף צווישן אונדז און זיי האָט זיך צעפלאַקערט, און דער סוף איז געווען, אַז זיי, די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן, האָבן אונדז באַזיגט. זיי האָבן איבערגענומען די פירונג פון די יידישע יוניאָנס און האַלטן זיי אָן, ביז היינטיקן טאָג.

עס וועט מיר נאָך אויסקומען שפּעטער צו געבן כאַראַקטעריסטישע ביישפּילן פון די מעטאָדן, מיט וועלכע די אָנפירנדע גייסטער פון דער

סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן אַנגעווענדט, כדי צו באַזיגן אונדז, די אַנאַרכיסטן.

## רעליגיעזע יידן ווילן מאַכן אַ פּאַרזוך צו ראַטעווען דאָס יידנטום

די אַטעאיסטישע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע מיר האָבן אָנגעפירט אין פילאַדעלפיע, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען זייער דערווידער די רעליגיעזע יידן. אין אַ געוויסן טאָג קומט צו מיר אַריין אַ ייד און דערקלערט מיר, אַז זיין נאָמען איז מר. בערגער, ער קומט אַלס אַ פאַרטרעטער פון די יידן אין פילאַדעלפיע, וועלכע האָבן אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג און באַשלאָסן אים צו שיקן זיך דורכריידן מיט מיר, דעם פּרעזידענט פון די אומגלויביקע. און ער נעמט זיך מיט מיר איינ־טענהן: „איר ווייסט דאָך די אַלע פּלאגעניש און צרות וואָס די יידן שטייען אויס איבער דער גאַנצער וועלט, און אַז עס געפינט זיך שוין אַ לאַנד אויף דער וועלט, וועלכעס עפנט ברייט אירע אָרעמס צו אונדז — אַזאַ גאָלדן לאַנד — אַמעריקע, טאָ קומט איר מיט אייערע אומ־גלויביקע און מאַכט אַלץ צו שפּאָט און צו שאַנד, שטעלנדיק אין געפאַר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק פון אַמעריקע.‟

האָבנדיק אויסגעהערט זיין „גלענצנדע‟ דרשה, פרעג איך אים וואָס ער וויל. ער וויל, אַז איך, דער „פרעזידענט‟, זאָל אים לאָזן קומען געבן אַ מוסר־פאָרטראַג פאַר אונדזער גרופּע, און ער וועט אונדז אַלעמען דערווייזן, אַז מיר גייען נישט אויפן ריכטיקן וועג.

דערהערט זיין פאַרלאַנג, גיב איך אים נאָך מערער ווי ער פאַר־לאַנגט. צו וואָס דאַרף ער גאָר אונדזער גרופּע אַליין. מיר וועלן אָפּ־דרוקען הענדבילס, אים געבן אונדזער זונטיקדיקן האָל און זאָל ער ריידן טאַקע פאַר אַלע אונדזערע סימפּאַטיזירער. מר. בערגער ווילקט איין און בעט מען זאָל אים לאָזן קומען ריידן געקליידט אַלס רב. איך שטים אויך צו אויף דעם: אויב שוין יע אַ פאָרשטעלונג, טאָ זאָל עס געגעבן ווערן מיט האַק און פּאַק, דאָס הייסט אויף טעאַטער־שפּראַך — מיט אַלע דעקאָראַציעס.

מר. בערגער איז געווען פאַרליבט אין דער טאָכטער פון אַ יידישן אַרבעטער, איינעם אַ בורשטיין. ווען ער איז געקומען און זיי דערציילט, אַז ער וויל גיין ריידן אין די קליידער פון אַ רב, האָבן זיי זיך אויסגע־לאַכט פון אים. דאָס האָט אים אַ ביסל פאַרשטערט זיין דערוואַרטונג אונדז צו באַזיגן.

געקומען איז ער מיט בורשטיינס טאָכטער ווי אַ זינגער פון אַן אָפּערע, אָבער אָן די קליידער פון אַ רב. דער האָל איז געווען איבער־געפּאַקט.

איך עפן די פאַרזאַמלונג און גיב איבער אַלע איינצלהייטן, וואָס

אַזוינס ס'האָט געפירט דערצו, אַז מר. בערגער זאָל קומען פאַר אונדז ריידן. און איך שטעל פאָר מר. בערגערן. ער הייבט אָן זיין רעדע מיט פסוקים פון תנ״ך, און יעדער פסוק ווערט פון אים איבערגעגעבן מיט פעלערן. פון העברעאיש שפרינגט ער אַריבער און הייבט אָן געבן פסוקים פון רוסיש מיט פונקט אַזוי פיל פעלערן. דאַן פאַרענדיקט ער אויף דעם זעלבן אופן מיט פסוקים פון דייטש.

ווייזט אויס, אַז בעת דעם ריידן האָט ער גלייך דערפילט זיין דורכפאַל און געוואָלט גלייך אַוועקגיין. איך בעט אים דאַן זיצן ביז מיר וועלן אים ענטפערן.

דער ערשטער האָט גענומען דאָס וואָרט אונדזער תלמודיסט גע־נאָסע גראַטש. אין אַ ביטערער רעדע, פול מיט סאַרקאַזם, האָט ער צעגלידערט בערגערס פעלערדיקע רעדע און פאַרענדיקט מיט די ווער־טער: „צווישן 10 טויזנט יידן האָט זיך נישט געפונען קיין אַנדערער צו קומען ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק פון אונדז, די אומגלויביקע, ווי אַ מענטש, וועלכער קען נישט קיין העברעאיש, נישט קיין רוסיש, און נישט קיין דייטש.״

דערנאָך האָט אים טעלסאָן גענומען דערווייזן, אַז זיין גראַמאַטיק הינקט אַזוי אונטער, אַז ער האָט אַפילו נישט דורכגעמאַכט קיין ערשטע רוסישע שול.

מר. בערגער רייסט זיך נאָך יעדער רעדע אַוועקצוגיין און איך רוף אַלע מאָל אויס: „מר. בערגער, זייט אַזוי גוט און הערט אויס אונ־דזער ענטפער אויף אייער רעדע.״ צום סוף רייסט ער זיך אַרויס אַ פאַר־שעמטער, פאַרגעסן אָן דער מיידל, וועמען ער איז געקומען ווייזן זיין העלדישקייט. נישט נאָר האָט ער פאַרלאָרן די געלעגנהייט אונדז צו ראַטעווען פאַר דעם יידישן פאָלק און דאָס יידישע פאָלק פון אונדזער געפאַר, נאָר ער האָט אויך פאַרלאָרן זיין געליבטע, בורשטיינס טאָכטער.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז שפּעטער מיט אַ פאָר יאָר, ביי אַ פאַרזאַמלונג מיט יאָהאַן מאָסט, זע איך ווי אַ ייד שטייט און אַפּלאָדירט מיט פייער מאָסטס רעדע. ער קוקט מיר אויס זייער באַקאַנט, ערשט איך קוק זיך צו — דאָס איז דער זעלבער מר. בערגער.

וואָס איז דאָס, פרעג איך אים. נו, ער איז דאָך גערעכט, ענטפערט ער. מער האָב איך דעם מר. בערגער נישט אָנגעטראָפן.

## יום־כיפור־בעלער

אַ סך מענטשן, וועלכע שרייבן אָדער ריידן היינט וועגן יום־כיפור־בעלער אין פאַרבינדונג מיטן איבערחזרן אַזעלכע אונטערנעמונגען דורך די קאָמוניסטן, וויסן נישט, אַז אָנגעהויבן האָבן זיך די בעלער אין יום־כיפור נישט אַ דאַנק בלויז די אַנאַרכיסטן אַליין. דער אמת איז דער: פּראַקטיצירט עס אין אָנהייב האָבן ביידע, די אַנאַרכיסטן אַזוי

גוט ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. וויפיל ווייסן עס פון דעם פאַקט, אַז דער פאַרשטאָרבענער פיליפּ קראַנץ פלעגט יעדן יום־כּיפּור אַרומ־מאַרשירן אויף די ווייטשעפּעלער גאַסן פון לאָנדאָן מיט אַ גרויסן לעקאך?

געדענקען מעג מען אויך, אַז די יידישע סאָציאַליסטן און אַנאַר־כיסטן זיינען ערשטנס געווען אַטעאיסטן.

ווען אונדזער פילאַדעלפיער גרופּע „ריטער דער פרייהייט" איז באַשטאַנען פון 120 מיטגלידער, איז אַרויסגעשוואומען די פראַגע פון יום־כּיפּור. דאַן האָבן מיר זיך אַרומגעזען וואָס פאַר אַ קרייז מענטשן מיר האָבן מיט זיך. די פראַגע איז אַרויסגעשוואומען דערפאַר: אַזוי ווי די יידישע רעליגיע שטייט אין וועג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, דעריבער זאָלן מיר מאַכן אַ באַל יום־כּיפּור, דערמיט וועלן מיר אָפּ־שוואַכן די ווירקונג פון דער רעליגיע. דאָס האָט אָנגעצונדן און צע־פלאַקערט דאָס פייער אין אונדזערע רייען. די דיסקוסיע פון יום־כּיפּור־באַל האָט אָנגעהאַלטן דריי וואָכן צייט. אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז אַזאַ מין פּראָפּאַגאַנדע וועט אונדז טאָן מער שאַדן ווי גוטס, עס וועט אונדז מאַכן פאַרהאַסט ביי די גלויביקע. דער אַנדערער צד האָט געהאַלטן פּונקט פאַרקערט. די טאַט פון יום־כּיפּור־באַל וועט פאַראינטערעסירן אַ סך מענטשן און זיי וועלן וויסן ווער מיר זיינען און וואָס מיר ווילן.

געענדיקט האָט זיך די דיסקוסיע מיט אַ קאָמפּראָמיס: אום יום־כּיפּור זאָלן אָפּגעהאַלטן ווערן לעקציעס ניט בעלער. פאַרשטייט זיך, אַז די לעקציעס דאַרפן זיין אַנטי־רעליגיעזע.

גראַטש, אונדזער תּלמודיסט, איז אַ גאַנץ יאָר געווען אין געפאַר מיטן לעבן. זיינע לעקציעס איבער „חומש מיט שכל" האָבן אים פאַר־האַסט געמאַכט, ווי אויך באַליבט און באַוואוסט, צווישן דער באַפעל־קערונג אין פילאַדעלפיע. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז נאָך יעדערער פון זיינע לעקציעס האָבן אַ צען מענטשן פון אונדז אים געמוזט באַ־גלייטן אַהיים. זיינע רעדעס האָבן אַלע מאָל איבערגעלאָזן אַ ווירקונג. דאָס איז טאַקע געווען די הויפּט־אורזאַך פון דעם כּעס מצד די גלוי־ביקע יידן.

## אַ שפּאַלטונג אין אונדזער גרופּע

געגנאָסע ברענער און געגנאָסע גאָרדאָן, וועלכע זיינען געווען די צוויי הויפּט־אָנפירער פון אונדזער גרופּע, האָבן אָנגעהויבן זיך אַרומ־קריגן. געענדיקט האָט זיך עס מיט אַ שפּאַלטונג פון דער גרופּע. ס'זיינען געווען צוויי גרופּעס. די „ריטער דער פרייהייט" האָבן אָפּ־געהאַלטן זייערע פאַרזאַמלונגען אין די 10טער און סאַוט סטריטס, און די נייע גרופּע, „דער נייער דור", אין די 3טע און גאַסקעל סטריטס.

אונדזערע באַזוכערס איז די שפּאַלטונג נישט פיל אָנגעגאַנגען.

אַ באַוויַיז דערויף האָבן מיר געהאַט, אַז די מערסטע אַנוועזנדע ביי די מיטינגען פון בייטאָג פלעגן נאָכן מיטינג אַרויסנעמען סענדוויטשעס פון די קעשענעס, אָפּעסן און נישט גיין אַהיים, נאָר אין צווייטן האָל. אָט אויף אַזוי וויַיט זייַנען די צוהערער געווען אַמאָל פאַראינטערעסירט אין אידייען.

עס איז אויך געווען אַן אַנדער אבזיכט ביי די צוויי גרופּן, וועלכע האָבן געוואָלט אויסניצן אַ מאַנעוור צו „קעפּטשורן" (פאַרכאַפּן) די צוהערער ביי די, וועלכע פלעגן האַלטן זייערע מיטינגען אין דער דריטער און גערקעל גאַסל. דאָס האָט אויפגערעגט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן צו ברענגען אַלע זייערע גדולים פון ניו יאָרק.

IV

# גרויסער איינפלוס פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג פירט צו שטאַטלעכע פאַרפאָלגונגען

## די ערשטע פאַרפאָלגונגען פון אַנאַרכיזם

די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס מיר אַנאַרכיסטן האָבן אָנגעפירט אין פילאַדעלפיע, אַ פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז געווען אויסער סאָציאַל־עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אויך אַנטי־רעליגיעז, האָט געצויגן פיל אויפמערקזאַמקייט ספּעציעל אין די הויכע פענצטער פון די רייכערע יידישע באַלעבאַטים, וועלכע זייַנען מערסטנס געווען דייטשע יאַהודים. וואָס מער אָנהענגער די ראַדיקאַלע באַוועגונג האָט צוגעקראָגן, אַלץ מער דאָרן איז זי געוואָרן אין זייערע אויגן. זייער האַס און צאָרן האָבן מיר געפילט אויף שריט און טריט. קיינער פון אונדז האָט זיך אָבער כמעט נישט פאָרגעשטעלט דעם טייוולשן פּלאַן, וועלכן זיי האָבן אויסגעאַרבעט כדי גרינדלעך צו פאַרניכטן די ראַדיקאַלע באַוועגונג אין פילאַדעלפיע.

פּלוצלונג, ווי אַ דונער פון אַ שטורעם, זייַנען איזידאָר ברענער, מאָסקאָוויטש, מ. גילעס און דזשייקאָבסאָן אַרעסטירט געוואָרן. צוערשט האָט קיינער נישט געוואוסט די קלאָגע. ביים פאַרהער איז אונדז אַלץ קלאָר געוואָרן: עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער באַוואוסטער יידישער פילאַנטראָפּ סימען מייער האָט אויסגעאַרבעט און צוגעגרייט דעם גאַנצן „פרעים־אַפּ" אויף די אַרעסטירטע. סימען מייער האָט נישט דורכגעפירט דעם „פילאַנטראָפּישן פרעים־אַפּ" גלאַט אַזוי זיך, אמת, אַז אונדזער אַלגעמיינע פּראָפּאַגאַנדע איז געווען איינע פון די הויפּט־

פאַקטאָרן, וואָס האָט געפירט צו די פאַרפאַלגונגען דורך מסירה. אָבער דאָס אַליין איז נישט געווען אַלץ. עס איז אויך געווען אַן עקאָנאָמישע אורזאַך: מייער איז געווען אַ נאָענטער פריינד פון דעם באַוואוסטן קלאָוק מאַנופעקטשורער בלום, ביי וועמען ברענער מיט שטאַלערן און די אַנדערע האָבן אַנגעפירט אַ סטרייק פאַר זעקס חדשים צייט. פון דעם סטרייק האָט מר. בלום פאַרלאָרן צענדליקער טויזנטער דאָלאַר. ער האָט כעמעט באַנקראָטירט. און ברענערן, מער פאַר אַלעמען, האָבן זיי געוואָלט פאַרשיקן.

צווערשט איז אויפגעטראָטן אַ ייד און האָט עדות געזאָגט און געשוואָרן, אַז ער האָט געהערט ווי גענאָסע ברענער האָט געזאָגט אין אַ רעדע, אַז מען דאַרף אויסשעכטן אַלע קאַפּיטאַליסטן און זיך באָדן אין זייער בלוט. גענאָסע מאָסקאָוויטשן (דער אויבנדערמאָנטער פּרעזי־דענט איצט אין אַ חברה־קדישא) האָט ער געזען, ווי ער איז באַפאַלן אַ גרייז־גרויען יידן און אים געשלאָגן, מיט נישט קיין אַנדער זאַך, ווי מיט אַ פּאָר תפילין. דעם גענאָסע דזשייקאָבסאָנען האָט ער געהערט זאָגן צו אַרבעטער אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג: „איר גייט אַרום פאַר־פרוירן און נאַקעט, אין דער זעלבער צייט זיינען די ווינדאָוס פון סטראָ־ברידזש און קלאָטהיערס דעפּאַרטמענט־סטאָר אָנגעפילט מיט קליידער. גייט צעברעכט די שויבן, נעמט אייך קליידער און דערוואַרעמט אייערע קערפּערס.“

אויף מ. גילעסן האָט ער געשוואָרן, אַז ער איז דאָס דער, וואָס האָט פאַרדונגען דעם האַל, וואו די אַלע רעוואָלוציאָנערע רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן. פּשוט גערעדט, איז דער זין פון דער מסירה־קלאָגע געווען פאַרראַט צו דעם שטאַט, מיט דער גאַנצער אָרדענונג וואָס האַלט אים אויף, כדי דער שטאַט זאָל די „בונטאָווששיקעס“ באַשטראָפן.

דעם ערשטן איינדרוק, וואָס די קלאָגע האָט אויף אונדז געמאַכט, איז נישט אַזוי גרינג צו שילדערן. איצט, מיט צענדליקער יאָרן נאָך דעם ווי עס האָט פּאַסירט, וואָלט אַלץ געקלונגען אין אונדזערע אויערן ווי אַ מין ביליקע קאָמעדיע. עס איז דאָך אַלץ געווען אומגלויביק. ביסלעכווייז איז אונדז אַלעמען אָבער קלאָר געוואָרן די ערנסטקייט פון דעם „פּרעים־אָפּ“. און די אויפרעגונג, וואָס דאָס האָט ביי אונדז אַרויס־גערופן, איז זיך לייכט פאַרצושטעלן. מיט אומגעדולד האָבן מיר דער־וואַרט דעם פּראָצעס.

## אַ סאָציאַליסט וויל ניט געמשפּט ווערן צוזאַמען מיט אַן אַנאַרכיסט

אַזוי גיך ווי דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן, שטעלט זיך אויף אַ לאָיער (אַדוואָקאַט) און פאָדערט אַ באַזונדערן פּראָצעס פאַר זיין קליענט, מ. גילעס (מ. גילעס איז איצט אַ מיטאַרבעטער פון „פאַר־

ווערטס״), ווייל ער איז נישט, ווי די איבעריקע, קיין אַנאַרכיסט, נאָר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. דער פּראָקוראָר האָט לאַנג נישט געטראַכט און זיך גלייך אויפגעשטעלט קעגן און זיין מאָטיוו איז געווען אַן „אייזערנע לאָגיק״: אַזוי ווי דער קאָליר פון די פלעגס אין האָל איז ביי זיי ביידן רויט, — איז דאָס אַ ראיה, אַז סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן זיינען איינס און דאָס זעלבע. און די לאָגיק פון פּראָקוראָר האָט געזיגט. דאָס געריכט פון קאַפּיטאַל האָט נישט געוואָלט אָפּטיילן די אַנאַרכיסטן פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

## דער פּראָצעס

אונדזער עדות איז געווען פּאַרוויין. אין זיין אויסזען איז ער געווען זייער כאַראַקטעריסטיש, פּונקט ווי אונדזערע שונאים שטעלן זיך פאָר אַ רעוואָלוציאָנער, מיט לאַנגע האָר און אָפּגעלאָזענע קליידער. דער פּראָקוראָר נעמט זיך גלייך צו אים. ער דונערט: „ווער איז ער? וואו איז ער געבוירן? ער קומט דאָך פון סיביר?״ נישט צופרידן, ווייזט אויס, אין זיינע אויסגעשרייען פרעגט ער פּאַרוויינען: „גלויבט איר אין גאָט?״ פּאַרוויין נעמט אַרויס אַ פּאַק פּאַפּירן פון קעשענע און וויל נעמען פאָרלייענען. דער פּראָקוראָר פרעגט אים: „ווילסט אונדז געבן אַ לעקציע? דאָס קענסטו טאָן ביי דער „פריענדשיפּ־ליבעראַל ליג״ (אַן ענגלישע אַטעאיסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע עקזיסטירט נאָך הייַנט). ענטפער מיר — גלויבסטו אָדער גלויבסטו נישט אין גאָט?״ פּאַרוויין ענטפערט: „ניין.״ — „דאָס איז גענוג פאַר מיר,״ זאָגט דער פּראָקוראָר. דערנאָך ווערט פאָרגעבראַכט פאַרן געריכט אונדזער באַליבטע און אימער אַקטיווע (שוין איצט טויט) נאַטאַשאַ נאַטקין. עס הייבט זיך אָן דער קרייץ־פאַרהער.

פּראָקוראָר: פון וואַנען קומט איר?

נאַטאַשאַ: פון רוסלאַנד.

פּראָקוראָר: ווען האָט איר זיך אונטערגעשאָרן די האָר?

נאַטאַשאַ: אין רוסלאַנד.

פּראָקוראָר: זייט איר אַ ניהיליסטין?

נאַטאַשאַ: איך ווייס ניט וואָס דאָס איז.

די באַהאַנדלונג, וועלכע אונדזערע עדות באַקומען פון פּראָקוראָר, איז צו זען פון אָט־די אויסצוגן, וועלכע זיינען מיר נאָך פאַרבליבן אין זכרון ביז היינט. אנשטאָט צו פאַרגרינגערן די לאַגע, האָט דאָס אויפּטרעטן פון אונדזערע עדות דורך דעם קרייץ־פאַרהער פון פּראָקוראָר נאָך שווערער געמאַכט די אַנקלאַגע. (דער פאַרטיידיקער איז געווען פענטיקאַסט, דער געוועזענער איצטיקער לאָיער און שפּעטער אַנאַרכיסט פאַר אַ שטיקל צייט). די אַטמאָספערע אין געריכט־

צימער איז געווען אָנגעפּילט מיט האַס קעגן די „פאָרעינערס" (אויס־לענדער).

אונדזער אַדוואָקאַט, מיט אַלע זיינע רעדעס, האָט נישט געקענט אָפּווישן דעם באַשאַפענעם האַס פון פּראָקוראָר, בפרט ווען ער האָט געענומען האַלטן זיין שלוס־רעדע, פון וועלכער איך געדענק פון זכרון. ער האָט גענומען שילדערן די וויכטיקסטע מאָמענטן פון דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע און פּאַטעטיש אויסגעשריגן: „אין יענעם פּעריאָד פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן די ראָבעספּיערס און מאַראַטס אויסגעשאָכטן טויזנטער פון די בעסטע בירגער!" און דאָס, אַז די פאַר־טיידיקונג האָט געבראַכט אַ פּראָפעסאָר, וועלכער האָט עדות געזאָגט, אַז איינער פון די אָנגעקלאָגטע, ברענער, איז געווען דער בעסטער סטודענט פון טעמפּל יוניווערסיטי, אויף דעם האָט דער פּראָקוראָר גע־ענטפערט: דאָס באַווייזט נאָר, אַז אויף דעם חשבון פון אונדזערע בירגער האָט ער געלערנט צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנער. „און אָט־דער ברענער, וועלכער שטייט איצט פאַר אייך, — אָט־דער ניהיליסט, ווען ער זאָל נאָר האָבן די געלעגנהייט, וואָלט ער דען נישט דורכגעפירט די זעלבע שחיטה אויף אונדזערע בעסטע בירגער אין אַמעריקע?! וואָס די אַלע אָנגעקלאָגטע ווילן דאָ אין לאַנד, איז אַ פראַנצויזישע רעוואָ־לוציע! געפינט איר זיי שולדיק — שטעלט איר אָפּ זייערע טייוולשע פּלענער. טאָ באַווייזט זשע אייער אמתן פּאַטריאָטיזם פאַרן פאָטערלאַנד אין צייט פון אַ קריטישן מאָמענט. אָט־דער קריטישער מאָמענט שטייט אונדז אַלעמען איצט פאַר ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער אין דער גאַנ־צער געשיכטע פון אַמעריקע!"

און די גוטע „בירגער" פון געריכט האָבן איינגעזען די געפאַר פאַרן „פאָטערלאַנד" און געטאָן זייער פליכט: זיי האָבן געהאָלפן פאַר־ענדיקן דעם „פרעים־אַפּ" אויף די אָנגעקלאָגטע.

דער אורטייל איז געווען ווי צוגעגרייט און דערוואַרט; אַלע זיי־נען געפונען געוואָרן שולדיק, אַפילו גילעס דער סאָציאַל־דעמאָקראַט. דער אורטייל איז געווען: אַ יאָר טורמע פאַר יעדערן.

## נאָכן פּראָצעס

דער אורטייל האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן אין אַלע טיילן פון שטאַט און איבערן לאַנד. אַפילו די מוסרים פון דעם „פרעים אַפּ" האָבן זיך אָנגעהויבן פילן זייער אומבאַקוועם אַלס זיגער איבער אונדז. און ווידער אַמאָל האָט דער פילאַנטראָפּ, מר. מייער, זיך איינגעשטעלט און אויסגעווירקט, אַז נאָך 8 חדשים אָפּזיין אין טורמע זאָלן אַלע באַפרייט ווערן.

איידער דאָס איז געשען האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן קלאַנגען, אַז מר. מייער האָט גענומען שיקן שלוחים צו ברענערן. מען האָט מיט

איס איינגעטענהט: צו וואָס דאַרף ער אָוועקלייגן זיין לעבן,ליידן און זיך וואַלגערן אין טורמע, ער מיט זיין רעדנער־טאַלאַנט און פייאיקייטן אַלס פירער, קען דאָך, ווען ער זאָל נאָר ווען קומען צום שכל, ווערן אַ גרויסער מענטש.

און צו אונדזער אַלעמענס באַדויערן און נאָך מער איבערראַשונג, האָבן די שלוחים ביסלעכווייז אַנגעהויבן ווירקן אויף ברענערן. נאָך זיין באַפרייאונג האָט ער זיך טאַקע גלייך דערווייטערט פון אונדז, גענומען שטודירן, און שפּעטער אויסגעשטודירט אויף לאַיער און איב־ זשעניער.

צו דער צייט וואָס די פּאַראורטיילטע זיינען געזעסן אין טורמע האָט אונדזער גרופּע אויסגעהאַלטן די פאַמיליעס. מאַסקאָוויטשס פרוי האָט פון אונדז געקראָגן 4 דאָלער אַ וואָך. ביי די סינגל־טעקסערס האָט זי, לויט אונדזער וויסן, אויך געקראָגן 4 דאָלער — צוזאָמען 8 דאָלער, דאָס איז געווען מערער ווי איר מאַן האָט ווען עס איז אויס־ געאַרבעט אין שאַפּ.

V

## די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע עקספּערימענטן צווישן יידישע אַרבעטער אין פילאַדעלפיע

איך האָב שוין פריער דערמאָנט מיט וואָס פאַר אַ טיפן אינטערעס עס פלעגן געלייענט ווערן פּאַמפלעטן, וועלכע האָבן געשילדערט די עקספּערימענטן פון ראָבערט אָווען און סט. סימאָן. שפּעטער מיט איי־ ניקע יאָר, ווען ש. פּעסקין האָט זיך אומגעקערט פון אַ רייזע אין ענגלאַנד, האָט ער געדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס", שילדערנדיק מיט באַגייסטערונג די וואונדערלעכע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וועל־ כע די אַרבעטער אין ענגלאַנד פירן אָן.

אונטער דער ווירקונג פון ש. פּעסקינס אַרטיקלען נעם איך צוזאַ־ מען 6 - 5 יונגעלייט און מיר הויבן אָן פלייסיק לייענען און שטודירן די גאַנצע ענגלישע ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן נאָר געקענט באַקומען וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אונדזער באַגייסטערונג איז נאָך מערער פאַרשטאַרקט געוואָרן און מיר, כאָטש קליין אין צאָל, האָבן אָנגעהויבן טרוימען וועגן אַ קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, וועלכע זאָל אַריינעמען די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין פילאַדעלפיע. דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבן געטאָן, איז פאַררופן אַ מיטינג פון אַזעלכע אַרבעטער, וועלכע מיר האָבן געדענקט האָבן פיל־ווייניק סימ־ פּאַטיע און אינטערעס צו אַ קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. דער מיטינג איז געווען אין אַ קליינעם האָל, געקומען זיינען אַ 25 מענטשן.

איך האָב געעפנט דעם מיטינג און גענומען דערקלערן דעם ציל וועלכן מיר האָבן זיך פאָרגענומען און די אורזאַכן וועלכע האָבן אונדז געבראַכט דערצו. איך האָב געזאָגט: „עס האָט נישט קיין זין בלויז שטענדיק אָנפירן אַ עקאָנאָמישן קאַמף אויף דעם באָדן פון פּראָדוקציע. אין דער פאַבריק ווערן מיר עקספּלואַטירט. אָבער פון דעם קלאָגעדיקן פינפטל, וואָס מען גיט אונדז אַלס אַ לוין, ווערן מיר פונקט אַזוי עקספּלואַטירט, אָבער בעסער געזאָגט, באַרויבט אויף דעם געביט פון קאָנסומציע. און דעריבער איז אויך פונקט אַזוי נייטיק דער קאַמף אויף דעם קאָנסומציע־געביט. מיר האַלטן דעם באַלעבאָס אין פאַבריק אַלס אַ שונא. — נו, און וואָס איז מיט דעם סטאָר־קיפּער (געשעפט־אייגנ־טימער) — דאָס זעלבע געלט, וואָס ער מאַכט פון אונדזער פּראַצע, מאַכט אים נישט פונקט פאַר אַזאַ שונא? פון איין זייט באַרויבט אונדז דער מאַנופעקטשורער און פון דער צווייטער זייט דער סטאָר־קיפּער. מיר ווערן צעדריקט פון זיי ביידן גלייך. מיר מוזן דעריבער לייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. און אונדזער ציל דאַרף זיין געוואוינען די אַרבעטער צו ווערן קאָאָפּעראַטאָרס אויף דעם קאָנ־סומציע־געביט. און שפּעטער — אויך איבערגיין אַלס קאָאָפּעראַטאָרס אויף דעם עקאָנאָמישן געביט אַלס פּראָדוצירער. דאָס מיינט אין דער ווירקלעכקייט אַט וואָס: דורך דער יוניאָן אויף דעם געביט פון פּראָ־דוצירערס און דורך די קאָאָפּעראַציעס אויף דעם געביט פון קאָנסומ־ציע, קען און וועט קומען די באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער.“

נאָך מיין רעדע און אַנדערע קירצערע באַמערקונגען איז ביי דער פאַרזאַמלונג געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. און גראַד, ווי אַלע מאָל, מיט אַ ענגלישן נאָמען: „דהי וואָרקערס קאָאָפּעראַטיוו סאָסייעטי“ („די אַרבעטער קאָ־אָפּעראַטיווע געזעלשאַפט“).

די נאָר־וואָס געגרינדעטע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט גלייך ביים אָנהייב דערקלערט, אַז זי איז און שטרעבט צו זיין אַן אומפּאַר־טייאישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואו אַרבעטער פון אַלע פּאָליטישע שאַטירונגען און ריכטונגען זאָלן קענען נעמען אין איר אַן אָנטייל. און מיר האָבן אָנגעהויבן רופן מאַסן־מיטינגען מיט ניו־יאָרקער און פילאַדעלפיער רעדנער. מיר, די אָנפירער, זיינען ווירקלעך געווען אומ־פּאַרטייאיש. מיר האָבן איינגעלאַדן צו ריידן אַלעמען — יעדן וואָס האָט נאָר געוואָלט צו אונדז קומען. אַזוי געדענק איך, אַז די ערשטע רעדנער ביי דער פאַרזאַמלונג זיינען געווען: לואי מילער, וויליאַם פייגנבוים, מאיר לאָנדאָן, וואָלטערין דע קלעיר, עמאַ גאָלדמאַן, משה קאַץ און כמעט אַלע פון אונדזערע דעמאָלסטיקע אַקטיווע פילאַדעל־פיער קאַמעראַדן.

## די ערשטע שטערונג

אונדזער אויפריכטיקער פּאַרזוך אָנצופירן די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אַלס אַן אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע האָט גלייך געקראָגן דעם ערשטן קלאַפּ מצד די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דערפאַר וואָס איך בין געווען דער גרינדער און הויפּט־אַקטיווער מיטגליד אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג האָט מען גלייך די אָרגאַניזאַציע טיטולירט אַלס אַן אַנאַרכיסטישע באַוועגונג.

אָבער נישט אַכטנדיק אויף דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באָיקאָט, האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן אַריינקומען אין אונדזערע רייען אין די הונדערטער. עס האָט נישט לאַנג גענומען און מיר האָבן שוין געהאַט אַ טויזנט מיטגלידער. די באַגייסטערונג און פרייד צווישן אונדז, די גרינדער, איז נישט נייטיק צו שילדערן. מען קען זיך דאָס לייכט פאָרשטעלן.

אונדזער פּראָפּאַגאַנדע איז ווייטער אָנגעפירט געוואָרן אין דעם זעלבן גייסט פון אומפּאַרטייאישקייט ווי פריער. מיר האָבן איינגעלאַדן יודזשין וו. דעבס צו קומען ריידן פאַר אונדז. צו אונדזער גרויסער פרייד האָט דעבס, כאָטש נישט קענענדיק קומען, צוגעשיקט אַ באַגריסונג־בריוו, אין וועלכן ער האָט אונדז דערמוטיקט, אַז מיר זיינען אויף דעם ריכטיקן וועג. צוערשט, האָט ער געשריבן, האָט איר די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, זי וועט אָבער ענדלעך פירן צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג.

דעבסעס הסכמה־בריוו האָט די פילאַדעלפיער סאָציאַל־דעמאָקראַטן געטראָפן ווי אַ באָמבע. אויף דעם האָבן זיי זיך נישט געריכט. דער בריוו האָט אויך געפירט דערצו, זיי זאָלן אָפּשטעלן זייערע פּראָפּאַגאַנדע־מיטינגען קעגן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אַלס אַן „אַנאַרכיסטישע". נאָך מער, ביסלעכווייז האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אַן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. פאַר גרויס באַגייסטערונג האָבן מיר זיי אַרויסגעוויזן כבוד מיט דעם, וואָס מיר האָבן אויסגעקליבן מ. גילעסן אַלס פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיטגליד־אָפּצאָל זאָל זיין $2.50 אין דער קאָאָפּעראַציע און נאָך $2.50 פון אַ מיטגליד, ווען עס וועט נייטיק ווערן אָנצוהייבן וויכטיקע אונטערנעמונגען, דאָס הייסט, ווען מיר וועלן האָבן אין דער קאָסע $2000.00.

## זאָלן אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג זיין נאָר פּראָלעטאַריער?

אַט די פראַגע האָט ביי אונדז אַרויסגערופן לאַנגע און שטורעמדיקע דעבאַטן. מען איז איינגעגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס: אַזוי ווי

אַמעריקע איז אַ לאַנד וואו דער יידישער אַרבעטער שטייט בלויז ציטוווייליק אין שאַפּ און וועט ביי דער ערשטער געלעגנהייט ווערן אויס פּראָלעטאַריער, דעריבער ווערן בלויז אויסגעשלאָסן פון דער מעגלעכקייט צו ווערן מיטגלידער לאַיערס, רבנים און מאַנופעק־טשורערס.

אַ סך פון אונדזערע מיטגלידער האָבן אויך אָנגעהויבן פאָדערן, אַז מיר זאָלן גלייך עפענען אַ קאָאָפּעראַטיווע סטאָר און נישט וואַרטן ביז מיר וועלן האָבן 2000$ (ווי עס איז געווען אָפּגערעדט). „שמידן דעם אייזן זאָל מען ווען ער איז הייס" איז געווען דער אויסדרוק פון אַ סך. און דער סוף פון דעם איז געווען, אַז נישט נעמענדיק אין אַכט אַז מיר האָבן געמוזט אַרויסשיקן אַ מענטשן צווישן די מיטגלידער, צו קענען איינקאָלעקטירן דעם קוואָרטער אַ וואָך, און מיט אַ „קאָלעקטאָר" אַפילו איז מער נישט אַריינגעקומען דער בייטראָג פון אַ העלפט מיט־גלידער, זיינען מיר דאָך, נישט קוקנדיק אויף דעם, צוגעטראָטן מיט די געזאַמלטע 1000$ צו דער עפענונג פון דער ערשטער קאָאָפּעראַ־טיווער סטאָר (קראָם).

## די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע קראָם פון שיך

אויסגעקליבן האָבן מיר אָנצוהייבן מיט שיך אויס אַ פאַרשטענד־לעכער אורזאַך, אַז אַלע מוזן דאָך האָבן שיך. און עס האָט נישט גע־נומען לאַנג ביז אונדזערע צרות האָבן זיך אָנגעהויבן. די ערשטע שטערונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, דער שווערפּונקט — און טיילווייז אויך דער רואינע־פּונקט פון דער גאַנצער קאָאָפּעראַטיווער אונטערנע־מונג, און דאָס איז געווען — קריגן יוניאָן־שיך! מען קען דאָך נישט אָנהייבן אַ קאָאָפּעראַטיווע סטאָר פון שיך געמאַכט אין אַ סקעב־שאַפּ? דער מענעדזשער פון סטאָר האָט גענומען אַרומלויפן זוכן יוניאָן־שיך, און געפונען האָט ער בלויז אַזעלכע יוניאָן־שיך, וועלכע שווערע אַר־בעטער באַנוצן ביי די שווערסטע און נאַסע אַרבעט — שיך, וועלכע וועגן 4 ־ 3 מאָל אַזוי פיל ווי געוויינלעכע שיך. ענדלעך געפינען מיר אויס, אַז מען קען באַקומען יוניאָן־שיך, נאָר נישט אין פילאַדעלפיע — אין באָסטאָן. צו יענער צייט זיינען די טראַנספּאָרט־קאָסטן געווען אומגעהייער גרויס אין פאַרגלייך מיט היינט. מיר האָבן דאָך אָבער נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה. און נישט קוקנדיק אויף די עקסטרא גרויסע הוצאות האָבן מיר געמוזט באַציען שיך פון באָסטאָן.

די דערעפענונג פון דער סטאָר סטאָר איז געווען אַ יום־טוב ביי אונדז — און אַ גרויסע געשעעניש אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פילאַדעל־פיע. די ערשטע וואָך האָבן מיר בוכשטעבלעך אויספאַרקויפט די גאַנצע סטאָר פאַר 600$ שיך. אַזוי ווי עס איז אונדז געווען שווער צו באַ־קומען שיך, האָבן אַרבעטער געוואַרט וואָכן אויף אַ „נעקסט", צו קענען

האָבן די זכיה און קויפֿן אַ פּאָר שיך אין דער קאָאָפּעראַטיווער סטאָר.

ווען מיר האָבן דערזען מיט וואָס פּאַר אַ באַגייסטערונג די אַרבע־טער האָבן אויפֿגענומען און געשטיצט די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג, האָבן מיר גלייך באַשלאָסן אַריינצונעמען נאָך אַן אַר־טיקל — העטס (היטלען).

וועגן מיין אייגענער באַגייסטערונג פֿון דעם דערפֿאָלג קען מען זיך אַנשטויסן פֿון דעם, אַז איך בין געקומען צו אַ מיטינג פֿון אונדזער קאָאָפּעראַטיוו־געזעלשאַפֿט און פֿאָרגעלייגט צו עפֿענען ביי אונדז אין סטאָר אַ באַנק־אָפּטיילונג. די אַרבעטער שפּאָרן זייערע פּאָר דאָלער אין קאַפּיטאַליסטישע בענק, וועלכע נוצן דאָס געלט פֿאַר אַלערליי צוועקן, וואָס העלפֿן ווייטער אָנהאַלטן די איצטיקע אָרדענונג. זאָלן זיי בעסער שפּאָרן דאָס געלט ביי אונדז. דערמיט וועלן זיי אויפֿטאָן צוויי זאַכן: מיר וועלן האָבן מיט וואָס אָנצופֿירן די באַוועגונג און זיי וועלן באַקומען אויסגעצאָלט דעם דיסקאָנט (אינטערעסט). אַ סך פֿון אונדז האָבן אײַנפֿאַך נישט געגלויבט, אַז אַזעלכע פֿאַנטאַסטישע פּלענער זאָלן איבערהויפּט ווען עס איז קענען דורכגעפֿירט ווערן.

און מערקווירדיק, וואָס מערער מיין פֿאַנטאַזיע האָט מיך אָנגע־פֿילט מיט באַגייסטערונג וועגן די אַלע פֿאַנטאַסטישע פּלענער, אַלץ מער דערפֿאָלגרייכער איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן יעדע נייע אונטער־נעמונג.

די באַנק־אָפּטיילונג האָט אויך אָנגעהויבן צו זיין אַ דערפֿאָלג. איבער 75 אַרבעטער זיינען געוואָרן דעפּאָזיטאָרס.

## דער אָנהויב פֿון אונטערגאַנג

איך קען זיך נישט אונטערנעמען צו באַהויפּטן ווי ווייט די צווייגן פֿון אונדזער אונטערנעמונג וואָלטן זיך פֿונאַנדערגעוואַקסן, פֿאַרשטייט זיך, ווען אַלץ וואָלט אָנגעהאַלטן ווי אין די ערשטע פֿינף חדשים פֿון דער סטאָרס עקזיסטענץ. מען מעג אָבער דענקען, אַז דער דערפֿאָלג און באַגייסטערונג, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופֿן ביי די יידישע אַרבעטער, איז געווען אַזאַ, אַז די באַוועגונג האָט זיך געקענט פֿונאַנדערוואַקסן אין אַ גרויס־גיגאַנטישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, פֿון וועלכער קיינער פֿון אונדז האָט אַפֿילו נישט געחלומט.

דאָס וואָס די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט געהאַט ביי אונדז אַ דערפֿאָלג האָט אַרויסגערופֿן גרויס צאָרן, האַס און מורא ביי די סטאָר־קיפּערס. אונדזער דערפֿאָלג, האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, איז זייער אונטערגאַנג. זיי זיינען דעריבער געוואָרן אונדזערע ערנסטע שונאים און גענומען זוכן מיט אַלע מיטלען אונדז צו דיסקרעדיטירן. זיי, די שונאים, אונדזערע, האָבן גענומען פֿאַרשפּרייטן „אומצוטרוי" צו אונדז. דערמיט האָבן זיי ביסלעכווייז גענומען דערגרייכן זייער ציל. און דאָס

איז געווען דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פון אונדזער שפּעטערדיקן אונטערגאַנג.

יעדע אידעאַליסטישע באַוועגונג קען נאָר דאַן זיין דערפאָלגרייך כל זמן עס הערשט אין אירע אייגענע רייען און אויסער די אייגענע רייען די פולסטע מאָס פון צוטרויען. אַלץ וואָס ווערט געטאָן און דורכגעפירט דאַרף ווערן געטאָן און דורכגעפירט אויף דעם ערלעכסטן אופן. ווערט אָבער געגעבן די קלענסטע אורזאַך צו נעמען צווייפלען אין דעם, אַזוי כאַפּט זיך גלייך אַריין דער „וואָרעם" פון צווייפל, וואָס פרעסט אויף אַלץ מערער יעדעס ביסל צוטרויען וואָס איז פאַרבליבן און אַלץ ענדיקט זיך אין כאַאָס און אַנטוישונג.

אונדזער סעקרעטאַר און קאַסירער איז געווען באָרנשטיין, אַן איבער־געגעבענער אַקטיווער מיטגליד פון דער ס.ל.פּ. (סאָציאַליסטישע לייבאָר פּאַרטיי). ער איז געווען ביי אונדז איינער פון די אַקטיווסטע מיט־גלידער און דעריבער אויך איינער פון די באַליבטסטע. ווען מיר האָבן אים געוואָלט מאַכן אַלס פּרעזידענט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געמאָלדן פייערלעך, אַז ער זאָגט זיך אָפּ דערפון. „וואָס הייסט, איך זאָל נעמען דעם אַרבעטערס געלט?!"

פּלוצלונג האָבן אָנגעהויבן געשען זאַכן אין דער פינאַנס־אָפּטיי־לונג פון סטאָר, וועלכע האָבן אונדז גלייך געפירט צו אַ חשד אויף באָרנשטיינען. מיר האָבן גענומען אַן אַקאַונטענט (אונטערזוכער) און ער האָט אויסגעפונען, אַז עס פעלט עטלעכע הונדערט דאָלער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז באָרנשטיין האָט מיט דער זעלבער באַגייסטערונג, מיט וועלכער ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אונדזער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, זיך אויך אַריינגעוואָרפן אין שפּילן ליבעס מיט מיידלעך. און אָט־דער מין שפּיל האָט אים, דעם אידעאַליסט, פאַרדרייט דעם קאָפּ, און ער האָט אָנגעהויבן נעמען געלט פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאַסע.

די אַנטדעקונג האָט אונדז אַלעמען געטראָפן ווי אַ דונער. די מערסטע פון אונדז האָבן גאָרנישט אָנגעהויבן צו באַגרייפן ווי טיף און שטאַרק די געשעעניש וועט ווירקן אויף דער דעמאָראַליזאַציע, און וועט סוף כל סוף פירן צו דעם אונטערגאַנג פון אונדזערע אַלעמענס חלומות . . .

אונדזערע שונאים, די סטאָר־קיפּערס, האָבן גלייך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג איבערן שטאָט, אַז באָרנשטיין, דער סעקרעטאַר־קאַסירער פון דער קאָאָפּעראַטיווער סטאָר, האָט פאַרכאַפּט עטלעכע טויזנט דאָלער. און עס האָט נישט געהאָלפן וואָס מיר האָבן געוואוסט און דערקלערט, אַז דאָס איז עטלעכע הונדערט דאָלער. די הויפּט־זאַך איז געווען, אַז איינער פון די „אידעאַליסטן" פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג האָט פאַרכאַפּט געלטער פון קאַסע.

## באַרג־אַרונטער

ווי שווער עס איז עפּעס אויפצובויען, וויפיל מי און קרבנות עס ווערט אָוועקגעלייגט דערויף! ווער עס האָט אַליין אָדער מיט אַנדערע געהאָלפן עפּעס בויען ווייסט און וועט פאַרשטיין וואָס איך מיין. אָבער ווי גיך עס ווערט פון אַלץ גאָרנישט ווען עס הייבט אָן גיין באַרג־אַראָפּ!

מיר, די הויפּט אַקטיווע, האָבן, דעם אמת געזאָגט, נישט פאַר־שטאַנען אָדער אפשר נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז אַלע אַזעלכע פאַר־זוכן, וועלכע מיר האָבן נאָך דער פאַסירונג מיט באַרנשטיינען געמאַכט, זיינען געווען פאַראורטיילט צום דורכפאַל. דעם צוטרוי און גלויבן, וואָס איז געווען פריער, האָבן מיר שוין מער נישט געקענט צוריק־ברענגען.

איינער פון די קעגנער פון דער קאָאָפּעראַציע איז געווען א. ל. וואָלפסאָן, אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס". איינמאָל קומט וואָלפּ־סאָן אַריין אין סטאָר און הייסט זיך געבן אַ פּאָר שיך. עדעלשטיין, דער מענעדזשער פון סטאָר, קלייבט אים אויס אַ פּאָר שיך. צו יענער צייט איז וואָלפסאָן געווען אַ „לייף־אינשורענס" אַגענט, וואָס ער האָט געדאַרפט אַרומגיין טאָג־איין טאָג־אויס מיילן. אַזוי ווי שיך האָבן אַ נאַטור נייערהייט צו קוועטשן, ספּעציעל די ערשטע טעג וואָס מען טראָגט זיי, האָבן די קאָאָפּעראַטיווע שיך נישט געוואָלט וויסן פון קיין אונטערשייד. זיי האָבן געקוועטשט וואָלפסאָנען דעם הומאָריסט און קעגנער פון קאָאָפּעראַציע, פּונקט ווי זיי וואָלטן עס געטאָן מיר, דעם אָנהענגער פון קאָאָפּעראַציע.

אַ פּאָר טעג נאָך דעם ווי וואָלפסאָן האָט געקויפט די שיך קומט ער אַריין אין סטאָר מיט דער דערקלערונג, אַז ער קען נישט טראָגן די שיך — זיי קוועטשן. נו, ווייסט איר דאָך וואָס אַ שוך־סטאָר טוט אין אַזאַ פאַל — מען „סטרעטשט", מען ציט פונאַנדער די שיך. זאָגט וואָלפסאָן, ניין, קאָאָפּעראַטיווע שיך דאַרף מען נישט „סטרעטשן", זיי טאָרן איבערהויפּט נישט קוועטשן. וואָס זשע וויל ער? — אַ פּאָר נייע שיך. הייסט מען אים קומען צו דעם מיטינג. עס הייבט זיך אָן אַ דיסקוסיע. ער וויל נאָר נייע שיך. איינציקע פון די דירעקטאָרס הייסן אים געבן צוריק אַ דאָלער, איינציקע צוויי דאָלער, איינציקע זאָגן מען זאָל אים געבן נייע שיך. ענדלעך באַשליסט מען אים צוריקצוגעבן אַ דאָלער.

וואָלפסאָן זאָגט זיך אָפּ.

וואָלפסאָן שטעלט זיך אָבער נישט אָפּ, זוכט אויס אַ צווייטן קעגנער, לובאַרסקין, און אַרבעט אויס אַ „פּלאַן" ווי אַזוי אונדז צו דיסקרעדיטירן. זונטיק איז געווען אַ פאַרזאַמלונג מיט מ. קאַטץ פון ניו יאָרק. עס קומט צום שטעלן פראַגן, הייבט זיך אויף לובאַרסקי,

וויקלט פונאַנדער אַ צייטונג און שלעפּט אַרויס אַ פּאָר שיך, וועלכע וואָלפסאָן האָט געקויפט. ער נעמט זיך האַלטן אַ רעדע און באַווייזט מיט די שיך ווי אַזוי מען נאַרט אָפּ דעם אַרבעטער.

וואָס האָבן מיר געקענט טאָן אָדער זאָגן. עס האָט ווי געטאָן, טיף ווי געטאָן און מען האָט געשוויגן און אויף דער נשמה איז געווען ביטער.

ווי געזאָגט, נישט וועלנדיק אָדער נישט קענענדיק אייגזען, אַז מיט באַרנשטיינס אַקט איז שוין דער מזל פון אונדזער קאָאָפּעראַטי־ווער באַוועגונג פאַרחתמעט, זיינען מיר דאָך אַנגעגאַנגען מיט אונדזערע ווייטערע פאַרזוכן צו וואַקסן, גלייך ווי עס וואָלט גאָר קיין זאַך נישט געשען. מיר באַשליסן צו קויפן די געביידע אויף דער 5טער סאוט סטריט און גרייטן צו אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע.

מיר פירן אָן אַ גרויסע אַגיטאַציע צווישן אַ סך יוניאָנס. און די בעקערס יוניאָן־מיטגלידער האָבן זיך צוגעגרייט מיט ספּעציעלע קאָס־טיומען, און דער מאַרשרוט, אָנגעפירט פון יוסף באַראַנדעס, רייטנדיק אויף אַ ווייסן פערד (וואָס האָט נישט געוואָלט גיין), איז געווען זייער אימפּאָזאַנט — אַ מין פּראָפּעצייאונג פון דער צוקונפטיקער קאָאָפּע־ראַטיווער באַוועגונג. דער מאַרשרוט איז געווען ביי אַ מייל די לענג און עס האָבן מאַרשירט ביי 1500 אַרבעטער מיט צענדליקער סלאָ־גאַנס. אונדזער קאָאָפּעראַטיווע סטאָר איז געווען דעקאָרירט אין רויטן, אַ סך האָבן אין צייט פון מאַרשרוט אויסגעשאָסן אין דער לופט פון רעוואָלווערן. דער מאַרשרוט האָט אָנגעהאַלטן שטונדן לאַנג. פון דעם מאַרשרוט איבער די גאַסן האָט מען אַריינגעמאַרשירט אין מיוזיקאַל פאַנד־האָל אויף דער 8טער און לאָקוסט. מיר האָבן צוגעגרייט ספּע־ציעלע ענוועלאָפּס (קאָנווערטן), זיי אויסגעלייגט אויף די שטולן. גע־רעדט האָבן: באַראַנדעס, משה קאַטץ, לואי מילער און איך. מ. גילעס איז געווען פאָרזיצער. געפאָדערט האָט זיך 800$ צו דעקן די אויסגאַבן. פון דער מאַרש־דעמאָנסטראַציע האָבן מיר איבערגעציילט דאָס געלט, וואָס מען האָט געזאַמלט, איז נישט געווען מיט וואָס אַפילו צו באַ־צאָלן פאַרן האָל.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן מיר זיך גענומען גרייטן צו אַ גרויסן „חנוכת הבית". יעדן אָוונט, פאַר פינף נעכט, פאַר אַן אַנדער יוניאָן. ביי יעדן טיש אין די צימערן פון סטאָר — אַ רעדנער. ביר און שנאַפּס מיט געבעקס האָט אונדז נישט געקאָסט. עס איז אַלץ געווען געגעבן אַלס אַ ביישטייער. דער „חנוכת הבית" איז געווען אַ גרוי־סער דערפאָלג. דאָס געלט, וואָס איז געווען נייטיק צו דעקן די קאָסטן פון דער מאַרש־דעמאָנסטראַציע, איז געשאַפן געוואָרן. דאָס האָט אונדז אויף דאָס ניי צוגעגעבן מוט און האָפענונג.

## דער טשאַרטער פון דער קאָאָפּעראַציע און פּאָקראַס

אונדזער קאָאָפּעראַציע, איז באַשלאָסן געוואָרן, זאָל ווערן „איני־קאָרפּאָרייטעד", דאָס הייסט, זי זאָל אַרויסקריגן אַ טשאַרטער (אַ דער־לויבעניש פון שטאַט). צו וועמען װענדט מען זיך אויף אַרויסנעמען אַ טשאַרטער? צו אַ לאָיער. איז אין אונדזערע רייען געווען איינער פּאָקראַס, וועלכער איז שוין געווען אַ פּאַרענדיקטער לאָיער. מיר גייען צו אים. ער דערקלערט אונדז, אַז ער וויל גאָרנישט פּראָפּיטירן פון אונדזער קאָאָפּעראַציע. עס וועט נאָר קאָסטן 90$ די נאָמינאַלע הוצאות פאַרן דורכפירן די פּאַפּירן. מיר טראַכטן זיך מיט צופרידנהייט: פאָרט אַן אידעאַליסט . . . אַן אייגענער מענטש, וויל ער טאַקע אונדז נישט עקספּלואַטירן, און מיר פרייען זיך מיט פּאָקראַסן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זיץ איך אַזוי זיך אין אַ רעסטאָראַן. ביים זעלבן טיש זיצט אַ לאָיער מיטן נאָמען קאָהען. איך צערעד זיך מיט אים וועגן דער קאָאָפּעראַציע און דעם טשאַרטער, וואָס מיר גייען אַרויסנעמען, און מיט גרויס שטאָלץ דערצייל איך אים וועגן פּאָקראַ־סעס האַנדלונג. ער ווערט גלייך אַן אויפגעקאָכטער. ער איז איינשטי־מיק אַרויסצוקריגן דעם טשאַרטער פאַר 40$, נישט פאַר 90$.

## לאָיער פּאָקראַס ברענגט די קאָאָפּעראַציע אין קאָורט

פון גרויס באַגייסטערונג פאַר פּאָקראַסן האָט זיך ביי אונדז די לאַגע פאַרוואַנדלט אין אַ האַס. מיר האָבן באַשלאָסן צו געבן לאָיער קאָהענען די אַרבעט פון אַרויסנעמען אַ טשאַרטער פאַר 40$. דאָס קומט אונדז אָבער נאָך נישט אָן אַזוי גרינג.

פּאָקראַס מיט זיין פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון דובינסקי, הינדען און לייענים, באַשליסן פון אונדז צו נעמען נקמה און העלפן פאַרניכטן די קאָאָפּעראַטיווע סטאָר. און זיי האָבן לאַנג נישט געוואַרט צו באַפרידיקן זייערע נקמה־געפילן.

אַ שטיקל צייט נאָך דעם אַרויסנעמען אַ טשאַרטער פאַר אונדזער קאָאָפּעראַטיווער סטאָר איז פאָרגעקומען אַזאַ פּאַסירונג. פינף אַרבע־טער זיינען געקומען צו דער פילאַדעלפיער בעקער־יוניאָן און דער־קלערט: אַזוי ווי מען האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון די פּלעצער, וואו זיי אַרבעטן, פאַר זיין יוניאָן־לייט, און זיי זיינען אַרבעטסלאָז, טאָ אַפּעלירן זיי צו דער יוניאָן, זי זאָל עפּעס טאָן פאַר זיי. נאָך אַ דיסקוסיע ווערט באַשלאָסן צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. איך שלאָג פאָר מען זאָל אַרויסלאָזן סטעמפּס צו 25 סענט. פאַר די סטעמפּס זאָל מען קענען קויפן ברויט, ווען די בעקעריי וועט שוין זיין געעפנט. מיין פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען און עס זיינען גלייך געדרוקט געוואָרן סטעמפּס פאַר דעם צוועק. דער פאַרקויף איז אָבער נישט אָנגעגאַנגען

ווי מיר האָבן דערוואַרט, דעריבער ווער איך געשיקט נאָכן יאָר צו באַזוכן די יוניאָנס און די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן און אַפּעלירן צו זיי פאַר הילף.

די ערשטע יוניאָן, צו וועלכער איך בין געגאַנגען אין ניו יאָרק, איז געווען די בעקער־יוניאָן. זיי האָבן גלייך באַשטימט צו שיקן $50. צום באַדויערן האָבן זיי פאַרגעסן אָן דעם באַשלוס און קיינמאָל נישט געשיקט קיין פעני. מיר איז אָבער דאָך געלונגען צו ברענגען $200 קיין פילאַדעלפיע. האָבן מיר שוין געהאַט די סומע פון $600, צוזאַמען $800, אנשטאָט די נייטיקע $1000. מען באַשליסט צו עפענען די בעקעריי מיט דעם געלט וואָס מיר האָבן. הייבט זיך גלייך אָן די זורכעניש פאַר אַ פאַסנדן מענעדזשער. אַזוי ווי מען האָט נישט געקענט גלייך געפינען אַזאַ מענטשן, איז מען צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל אָננעמען. קעגן מיין ווילן האָב איך עס געטאָן. אָנגעהאַלטן דעם אַמט האָב איך אַ פאָר וואָכן. די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט צוגעלייגט $25 אַ וואָך. נאָך מיר איז גערסטין געוואָרן מענעדזשער. דורך זיין צייט האָט די בעקעריי נאָך מער צוגעלייגט יעדע וואָך, און נאָך אים ווערט געגאָסע מענקין מענעדזשער. אים גייט עס אויך נישט בעסער. דערווייל שטעלט זיך אַרויס, אַז פון גאַנצן קאַפּיטאַל איז שוין באַלד גאָרנישט געבליבן. קומט מען צו מיר נאָך אַמאָל, איך זאָל ווידער ווערן מענעדזשער.

די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט אָנגעהויבן פאַרקלענערן אירע פאַרלוסטן. האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן אַנדערע צרות און שוועריקייטן. אַלע אַרבעטסלאָזע בעקערס האָבן דערוואַרט אַרבעט ביי דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, און דאָס איז געווען אוממעגלעך. אַלס רעזולטאַט איז געשאַפן געוואָרן אַן אומצופרידנקייט אויך אין דער בעקער־יוניאָן. דערנאָך באַקום איך אַ באַפעל פון דער יוניאָן צו נעמען באַשטעלונגען אויף ברויט פון אַזעלכע סטאָרס, וועלכע האַלטן נישט קיין יוניאָן־ברויט. דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ סך שטערונגען. אנשטאָט אָנצוהאַלטן אונדזער בעקעריי, האָב איך געמוזט אַרומלויפן אין אַלע טיילן פון שטאָט צו באַקומען נייע קאָסטאָמערס (קונדן). דאָס איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה. אונדזער דעליווערי (צושטעלונג) פון די געבעקס איז געווען אַ באַגרענעצטע, פלעגט דאָס ברויט אָנקומען צו שפעט, פלעגט מען אונדז צוריקברענגען אַלץ מערער און מערער. דאָס אומגעקערטע געבעקס איז אַזוי גוט ווי ווערטלאָז פאַר דעם אַלגעמייעם עולם, וועלכער וויל נאָר הייס און פריש ברויט, כאָטש דאָס איז אומגעזונט.

אונדזערע אַרבעטער פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיך באַציען צו דער אַרבעט ערנסט, כאָטש אַרבעטן ווי מען אַרבעט אין אַ געוויינלעכן יוניאָן־שאַפּ ביי אַ באַלעבאָס, האָט מען אונטערגעהונקען גאַנץ היפּשלעך אין דער אַרבעט.

אין דער צייט האָבן מיר אָבער דערלייגט צו דער בעקעריי בלויז 4$ אַ וואָך. לייג איך פֿאַר די באָארד און דירעקטאָרן, זיי זאָלן צולייגן 2$ אַ וואָך און מיר, די 8 אַרבעטער פֿון דער בעקעריי, וועלן אויך צולייגן 2$ אַ וואָך, וועט זיין געדעקט דער דעפֿיציט, יעדערער לויט די פֿאַרדינסטן צו עטלעכע סענט. די אַרבעטער האָבן זיך גלייך אָפּגעזאָגט דערפֿון. זייער טענה איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש, ווייזנדיק דעם מאַטעריאַל מיט וועלכן אונדז איז אויסגעקומען צו מאַכן אַזעלכע עקספּערימענטן. "וואָס הייסט מיר זאָלן אַרויסגעבן פֿון אונדזערע שכירות? ביי יעדן באַלעבאָס, ביי וועלכן מיר אַרבעטן, באַקומען מיר פֿולע שכירות, מען נעמט ביי אונז גאָרנישט אַראָפּ!"

נו, וואָס האָט געקענט זיין דער סוף פֿון דעם קאָאָפּעראַטיוון עקספּערימענט, אויסער אונטערגאַנג? און דאָס איז געווען דער סוף פֿון דער בעקעריי נאָך פֿריער, איידער עס איז געקומען דער סוף פֿון אונדזער הויפּט־קאָאָפּעראַטיווע — דעם שוך־סטאָר.

נאָכן אויפֿגעבן די בעקעריי, קומט צו אונדז די פּרוי, ביי וועמענס מאַן מיר האָבן געקויפֿט מעל, מיט אַ געוויין, אַז מיר האָבן זי רואינירט. מיר זיינען זיי געבליבן שולדיק פֿאַר מעל 25$. באַשליסן מיר איבערצושרייבן אַלץ אויף איר מאַנס נאָמען. ווען איך בין שוין גרייט צו גיין צו מאַרגאַלין, דעם לאָיער, אַלץ איבערצושרייבן, ווייזט זיך אַרויס, אַז אַלץ וואָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט איז צענומען געוואָרן. דאָס אייניציקע וואָס אונדז איז געבליבן איז אַ פֿערד. נישט אַלע האָבן געוואוסט וואו מיר האַלטן אים, האָב איך אים, דעם פֿערד, אָפּגעגעבן צום מעלמאַן.

דער מאַן פֿון סטעיבל (שטאַל), וואו מיר האָבן געהאַלטן דעם פֿערד, האָט זיך מיט אונדז אָפּגערעכנט. מיר זיינען אים געבליבן שולדיק אַכט דאָלער. ער האָט אָבער באַלאַנגט, צוזאַמען מיט פֿאַקראַסן (וועלכער האָט שוין לאַנג פֿאַרגעסן אָן זיין אַנאַרכיסטישער אַקטיווויטעט), צו איין פּאָליטיקאַל־קלוב. דער סטעיבל־מאַן האָט אונדז צוגעשיקט אַ ביל אויף אַכט דאָלער. דער ביל איז געווען אויף אַ פּאָסטקאַרטל. פֿאַקראַס ראָט אים אָבער אונדז צוצושיקן אַ ביל פֿאַר 52$, און אָן מינדסטן זעלבסטרעספּעקט ברענגט טאָקע פֿאַקראַס אַליין דעם ביל צו מיר. איך ווייז אים דאָס פּאָסט־קאַרטל מיט דעם פֿאַרלאַנג אויסצוצאָלן 8$. ער הייסט מיך אים געבן דאָס פּאָסט־קאַרטל ביז פֿאַרנאַכט. אין מיין נאַאיוויטעט קומט מיר גאָרנישט אויפֿן געדאַנק, אַז פֿאַקראַס זאָל האָבן געזונקען צו אַזאַ נידעריקער מדרגה פֿון שווינדל. אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן — דאָס פּאָסט־קאַרטל האָב איך מער אין די אויגן נישט געזען. ער האָט באַהויפּטעט, אַז דאָס קאַרטל איז "פֿאַרשוואונדן" געוואָרן.

מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון באַצאָלן די 52$, וועלכע מיר זיינען נישט שולדיק געווען. פֿאַקראַס האָט דורכגעפֿירט זיין לאַנג־געפּלאַנטע

נקמה פאַר נישט געבן אים די 90$, אנשטאָט 40$, פאַר אַרויסנעמען דעם טשאַרטער. ער האָט אָנגעקלאָגט די קאָאָפּעראַטיווע שוך־ און העט־סטאָר און האָט אונדז געבראַכט אין געריכט.

ביי דער עפענונג פון פּראָצעס האָט ער, פּאָקראָס, אָנווייזנדיק אויף אונדז, די אָנגעקלאָגטע, דראַמאַטיש אויסגעשריגן: „דאָס זיינען אַלע אַנאַרכיסטן." דערנאָך האָט ער גענומען דערווייזן, אַז מיר, די קאָאָפּעראַטיווע שיך־ און העט־סטאָר און די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, איז איינע און דאָס זעלבע. און זיינע באַווייזן אויף דעם זיינען געווען גלענצנדע. אַזוי ווי מיר האָבן באַנוצט די ווערטער „וואָרקערס קאָאָפּע־ ראַטיוו", אויף די בעקערס האָבן באַנוצט קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־ בעקעריי, דעריבער איז דאָס איינס און דאָס זעלבע.

דאָס איז גראָד געווען פאַלש, די בעקעריי איז גאָר געווען אַ צווייג פון דער בעקערס יוניאָן און מיט דעם שיך און העט קאָאָפּעראַטיוו האָט זי נישט געהאַט קיין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען.

דער סוף איז געווען, אַז אַפילו אַ קאַפּיטאַליסטישער געריכט האָט נישט געוואָלט העלפן פּאָקראָסן נעמען זיין בלוטיקע נקמה פון זיינע אַמאָליקע קאַמעראַדן. פּאָקראָס האָט פאַרלאָרן דעם פּראָצעס.

## אונדזערע צרות אין דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי

קומט אַ ייד אין אַמעריקע מיטן נאָמען לאַנדאָן. ער דערציילט, אַז ער איז אַ בעקער־פאַרמאַן און קען זיך מיט ווינטשעווסקין און פייגנבוימען, ער איז אַפילו געשלאָפן מיט זיי צוזאַמען. ער בעט מיר זאָלן אים געבן אַרבעט כאָטש אויף אַ קורצער צייט. גיבן מיר אים. פּאַסירט מיט אים גלייך, אַז ער גליטשט זיך אויס און פאַלט אויף אַ פאַרזשאַווערטן טשוואָק. זיין פרוי קומט גלייך צולויפן מיט אַ גע־ שריי, מיט אַ געוויין: „גאָ, ווייגבערג, מיין מאַן איז איצט געבליבן אַ קאַליקע פון אייער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, וואָס זאָל איך טאָן, וואו זאָל איך נעמען אויף רענט און צו עסן?!"

מיר האָבן געהאַט 4 רומס אויף סאַוט סטריט, ביים שוך־סטאָר, באַשליסט מען צו פאַרדינגען עס צו לאַנדאָנס פאַמיליע פאַר 12 דאָלער אַ חודש, און פאַר אים אַליין עפענען אַ ברויט־סטאָר, ער זאָל קענען מאַכן אַ לעבן.

נאָך פיר חדשים צייט בלייבט ער שולדיק פאַר 50 דאָלער ברויט און פאַר דער גאַנצער צייט צאָלט ער נישט קיין רענט. אויסער דעם וואָס ער, לאַנדאָן, האָט נישט געצאָלט, האָבן אים די איבעריקע טענאַנטס נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון נישט צאָלן. דאָס וואָס מיר האָבן געשיקט מאַרגאַלין דעם לאָיער קאָלעקטירן האָט אויך נישט גע־ האָלפן און מיין אייגענער אַרויסגיין צו זיי איז אויך געווען אומזיסט. די טראַגישע קאָמעדיע פון לאַנדאָנס פאַל איז געווען דער פינאַל.

עס קומט אָן פּסח, קומט ער צו אַ מיטינג פון באָארד אוו דירעקטאָרן מיט דער פאָדערונג, אַזוי ווי עס גייט צו פּסח וויל דאָס ווייב זיינס מען זאָל איר אויספאַרבן די צימערן. עס פאַרשטייט זיך, אַז די באָארד אוו דירעקטאָרן האָט עס גוט פאַרדראָסן און מיר האָבן איר געענט־פערט: אַזוי ווי פאַר ברויט און רענט צאָלט איר סיי־ווי־סיי נישט, מעגט איר דאָך כאָטש אַליין אויספאַרבן. און לאָנדאָן איז נישט פון די יידן וואָס בלייבן נישט שולדיק קיין ענטפער. „אַזאַ שאלה האָב איך דאָך געקענט קריגן געפּסקנט ביים רב."

## די קאָאָפּעראַטיווע קראָם און סטרייקס

עס איז אָנגעגאַנגען אין פילאַדעלפיע אַ סטרייק פון שווירט־מאַכער (העמדער). דער סטרייק איז געווען אַ פאַרביטערטער. סטריי־קערס האָבן געליטן הונגער. קום איך צו אַ מיטינג פון דער באָארד אוו דירעקטאָרן און אַפּעליר: אַזוי ווי אונדזער סטאָר דערלייגט איצט געלט, זאָלן מיר נעמען פון די אייגענע קעשענעס $25 און אָוועקטראָגן צו די סטרייקערס, און דאָס געלט זאָל געגעבן ווערן אין נאָמען פון דער קאָאָפּעראַטיווער סטאָר.

איך קום מיט די $25 צו אַ מיטינג פון די סטרייקערס; איך האַלט אַ רעדע צו די סטרייקערס: „ביי אונדז אין שטאָט זיינען דאָ הונדער־טער, טויזנטער סטאָרס; האָט איר ווען געזען אַז ווער עס איז פון די אַלע סטאָר־קיפּערס זאָל זיך אָננעמען פאַר אייך? האָט ווער עס איז פון זיי, כאָטש איין־איינציקער, אייך געשטיצט מיט דאָס מינדעסטע? אָבער איין סטאָר איז דאָ אַן אויסנאָם. אויף סאוט סטריט געפינט זיך אַ סטאָר, געגרינדעט פון אַרבעטער, אָנגעפירט פון אַרבעטער פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטער. וואָלט יעדערער פון אייך אַרבעטער אין פילאַדעלפיע געשטיצט די סטאָר, ווי איר שטיצט דורך קויפן אין יעדן אַנדערן ניט־אַרבעטער סטאָר אין פילאַדעלפיע, טאָ וואָלט איך איצט געשטאַנען פאַר אייך מיט אַ טשעק פון $1000. נאָך מער — ווען אַלע אַרבעטער וואָלטן פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, בין איך זיכער, אַז איר וואָלט גאָר אײַנגאַנצן ניט באַדאַרפט סטרייקן. גאַנץ געוויס וואָלט איר זיך נישט געניייטיקט אין עסן און קליידן. קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס וואָלטן אייך אַלעמען וואָס נייטיקן זיך אויסגעליענ. איר, אַרבעטער, האָט נאָך דערווייל נישט אַרויסגעוויזן, אַז איר פאַרשטייט ווי שטאַרק עס איז נייטיק אין אייערע אינטערעסן די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. דעריבער איז אונדזער עק־זיסטירנדע קאָאָפּעראַטיווע סטאָר אָרעם און איך קען אייך נאָר ברענ־גען די אומבאַדייטנדע סומע פון $25 אַלס ביישטייער צו אייער סטרייק."

די סרייקערס האָבן שטורעמדיק אַפּלאָדירט מיין רעדע. נו, האָבן מיר דערוואַרט, אַז דער רושם און באַגייסטערונג, וואָס אונדזער האַנד־

לונג וועט אַרויסרופן ביי די אַרבעטער אין פילאַדעלפיע, וועט אונדז ברענגען מער לייזונג די קומענדע וואָך. אונדזער האָפענונג איז נישט מקוים געוואָרן. זיי האָבן אַלץ מער און מער אויסגעמיטן די סטאָר.

מיר האָבן אַרויסגעלאָזן אַ בראָשור, וועלכע דר. באַרבער האָט אָנגעשריבן. מען האָט די בראָשור אויסגעטיילט אין די בריוו־קעסטלעך. מיר האָבן געדרוקט און געטיילט טויזנטער ליפלעטס, גערופן מיטינגען, אָבער צו קיין פאַרבעסערטע געשעפטן אין אונדזער סטאָר האָט עס נישט געבראַכט.

איינע פון די לעצטע פאַרזוכן צו ראַטעווען די סטאָר פון אונטער־גאַנג איז געווען: ווענדן זיך צו די יוניאָנס. מיר האָבן זיי פאָרגעלייגט, אַז יעדערער, וואָס וועט צייגן זיין יוניאָן־ביכל, וועט באַקומען אַרונ־טערגעלאָזן פון פרייז 5 פּראָצענט פאַר זייער יוניאָן. די ענגלישע יוניאָנס האָבן אונדז אויפגענומען קאַלט. פאַר זיי איז עס געווען אַן אונטערנעמונג אָנגעפירט פון „פאָרעינערס". אין דער אמתן איז עס דאָך אַזוי געווען. אַפילו דער פּלאַץ, וואו די סטאָר האָט זיך גע־פונען, איז געווען ווייט פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַפעלקערונג. די יידישע יוניאָנס, פון וועמען מיר האָבן מיט רעכט דערוואַרט זיי זאָלן זיך וואַרעם אָפּרופן, האָבן אונדז אויך ביטער אַנטוישט. כאַראַק־טעריסטיש איז געווען די באַמערקונג פון אַ פּענטסמאַכער, ווען איך בין געקומען צו זייער יוניאָן־מיטינג. נאָך מיין רעדע שטעלט ער זיך אויף און זאָגט: „שוין געקומען מיט אַ נייעם פּעיק."

ווען עס פלעגט מיר אויסקומען אָנטרעפן אַרבעטער, מיטגלידער פון דער קאָאָפּעראַציע, און איך פלעג זיי פרעגן: „פאַרוואָס קומט איר נישט אויף די מיטינגען? פאַרוואָס קויפט איר נישט אין אונדזער אייגענער קאָאָפּעראַטיווער סטאָר?" האָב איך געקראָגן פאָלגנדן ענט־פער: „איך בין שוין אַליין אַלט, איך מוז ערשט טראַכטן וועגן אַ תּכלית, איך זוך אַליין אַ סטאָר, טאָ ווי אַזוי זשע קען איך ווייטער שטיצן די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וועלכע שטרעבט אויסצוראָטן אַלע סטאָר־קיפּערס?" וואָס האָב איך געזאָלט, אָדער געקענט, ענטפערן אויף דעם טרויעריקן אמתן צושטאַנד, ספּעציעל צווישן יידישע אַרבעטער . . . עס האָט ווי געטאָן, און מיין צונג, וועלכע איז אימער רירעוודיק אויף דער פּלאַטפאָרמע, איז איצט שטום געבליבן . . .

פיר יאָר צייט האָט אָנגעהאַלטן דער גרויסער עקספּערימענט פון אונדזער ערשטן פאַרזוך פון אַ קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג צווישן יידי־שע אַרבעטער. וואָס פאַר אַ שיינע חלומות מיר האָבן אויסגעוועבט אין די ערשטע מאָנאַטן פון דער גרינדונג; וואָס פאַר אַ גרויסע האָפענונגען מיר האָבן געבויט פאַר דער צוקונפט! דאָס זיינען דאָך געווען די שענסטע מאָמענטן פון מיין אַקטיוויטעט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. און ווי שטאַרק מיר האָבן דאָס געקעמפט קעגן דעם אונטערגאַנג, אָבער,

ווי שוין געזאָגט, מיט דעם אַקט פון באַרנשטיינען, וואָס האָט אַרויס־גערופן אומצוטרוי צווישן די מיטגלידער, איז שוין דער גורל פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג געווען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג. ווען די ענדע איז שוין געקומען, האָב איך, וואָס כ׳האָב נאָך קיינמאָל אַלס דערוואַקסענער מענטש נישט אַרויסגעלאָזן קיין טרער, האָב זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד.

די חלומות פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט, וואו אַרבעטער זיינען צוגלייך פּראָדוצירער און קאָנסומענטן, איז דערקלערט געוואָרן באַנקראָט נאָך 4 יאָר ראַנגלען זיך פאַר איר עקזיסטענץ! באַנקראָטירט האָט די סטאָר און ס׳איז נישט געבליבן פון איר קיין זאַך.

כאָטש די אַרבעטער האָבן נישט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דעם גרויסן עקספּערימענט, האָבן נישט אַרויסגעוויזן גענוג קלאַסן־באַוואוסטזיין, שטעלט זיך מיר נאָך היינט טרערן אין די אויגן, ווען איך דערמאָן זיך אָן די שיינע מאָמענטן, אָן דער צייט פון דער עקזיס־טענץ פון דער קאָאָפּעראַטיווער שוך־ און העט־סטאָר אין פילאַדעלפיע.

## VI

# פּראָפּאַגאַנדירנדיק די אַנאַרכיסטישע אידייע אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד

### מיין ערשטער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדע־טור

אין דער צייט, ווען מען האָט געהאַלטן אין גרינדן אויף דאָס ניי די „פרייע אַרבעטער שטימע״, איז ביי אַ קאָנווענשאָן פון די יידישע אַנאַרכיסטן אין ניו יאָרק באַשלאָסן געוואָרן, אַז עס איז נייטיק פאַר דער גרינדונג פון אַ נייער צייטונג אַרויסצושיקן אַן אַגיטאַטאָר צו גרינדן גרופּעס און דערמיט צוגרייטן דעם באָדן פאַר אַן אַנאַרכיסטי־שער פּרעסע. געזוכט האָט מען אַ „סינגל מאַן״, וועלכער זאָל קענען אָפּגעבן אַ 3 חדשים פאַר דעם געפּלאַנטן טור. און דער גורל איז אויס־געפאַלן אויף מיר. באַשלאָסן האָט מען, שכירות זאָל מען מיר צאָלן דאָס זעלבע וואָס איך פאַרדין אין שאָפּ — $10 אַ וואָך. די צוויי קאַסירערס — מייקעל קאָהען און ב. סאַפּיר — האָבן עס מיר געדאַרפט צאָלן דאָס געהאַלט. איך בין אַרומגעפאָרן 4 חדשים צייט נישט קריגנ־דיק קיין סענט. ביים צוריקקומען האָבן די צוויי קאַסירערס מיר דער־לאַנגט $10. איך האָב געהייסן עס בעסער שוין האַלטן פאַר דער באַ־וועגונג און האָב גאָרנישט ניט גענומען. (דאָס האָט געמוזט זיין אין 1898־1899).

דער אָנהייב פון מיין פּראָפּאַגאַנדע־טור, דאָס ערשטע אָפּשטעל־פּלאַץ, איז געווען פּיטסבורג. איך האָב געהאַט אַן אַדרעס פון גענאָסע

הערי גאָרדאָן און איך בין צו אים פאַרפאָרן. איך עסן די טיר, דערזע איך אַ ווייס־געדעקטן טיש מיט אַלערליי עסנס, יעדערער אין הויז איז אויסגעפּוצט. ווען די אַנוועזנדע האָבן געגעבן אַ בליק אויף מיר — אַ קליין־געוויקסיקער, הינקענדיק אויף אַ פוס, מיט אַ צעריסענעם ראָק, אויבערראָק און רעגן־שירעם, און מיט זייער נישט קיין שיינעם הוט, זיינען אַלע אַרויסגעלאָפן פון צימער, מיך איבערלאָזנדיק איינעם אַליין. מיר האָט אָנגעהויבן קלאָר ווערן, אַז דער גאַסט, און ספּעציעל מיט זיין אויסזען, האָט זיי אַלעמען ביטער אַנטוישט. איך שטיי אייגער אַליין אין מיטן פון צימער און וואַרט. ענדלעך נעמט זיך געגאָסע גאָרדאָן אָן מיט מוט, עפנט די טיר און קומט אַריין. דערנאָך — גע־נאָסע קיסליוק. איך פרעג ביי זיי, פאַרוואָס זייט איר אַנטלאָפן? מען ענטפערט מיר נישט. איך האָב דאָס אָבער אַזוי גוט פאַרשטאַנען: מען האָט דערוואַרט אַ גרויסן הויכן יידן, כאָטש אין אויסזען פון יעקב גאָרדין — מיט אַ גרויסער באָרד און אַ שטעקן, שיין געקליידט . . . רוף איך זיך אָפּ: איז אייך אַ שאַנדע מיינע קליידער, מיין טשעמאָדאָן, אָדער מיין הוט? מען ענטפערט נישט. אָט אַזוי, כמעט ברוגז אויף מיין אויסזען און אַנטוישטע, פירט מען מיך אַוועק אין האָל. די ערשטע פאַרזאַמלונג איז געווען אַזאַ דערפאָלג, אַז איך האָב גערעדט אין פּיטס־בורג נאָך צוויי מאָל. און פאַר אַ סך, אַ סך יאָרן נאָך דעם האָבן די געגנאָסן פון פּיטסבורג געהאַט צו געדענקען נישט מיין אויסזען, נאָר זייער שעמען זיך פאַר דער אויפנאַמע, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן אויף דעם ערשטן אָפּשטעל פון מיין ערשטן אַגיטאַציע־טור.

אָנקומענדיק קיין באַפאַלאָ פון פּיטסבורג, האָב איך אָפּגעזוכט געגנאָסע זאַלען. כ׳קום אַריין צו אים אין סטאָר, באַגעגנט ער מיך ווי יעדן קאָסטאָמער: „דו יו וויש סאַמטהינג?" (ווילט איר עפּעס?) „יע," ענטפער איך. — „איך וועל אייך זען." — כאַפּט ער זיך שוין ווער איך בין און פרעגט מיך, צי בין איך עס טאַקע ווייגבערג. ער פירט מיך אַריין אין צימער, נעמט מיך אויף מיט טיי. פון זיינע רייד איז מיר גלייך קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט נאָר־וואָס חתונה געהאַט מיט אַ גאַנץ שיין מיידל. איך האָב אויך באַמערקט, אַז ער שעמט זיך מיט מיין אויסזען מיך צו ווייזן פאַר איר, און דעריבער, אַזוי גיך ווי ער האָט נאָר געקענט, האָט ער מיך אַוועקגעפירט צו געגנאָסע פּערלמאַנען. צוערשט אָבער איז ער אַליין אַריבערגעלאָפן אַלץ צוגרייטן, מען זאָל נישט לאַכן פון מיר, ווי עס איז געווען דער פאַל אין פּיטסבורג.

ביי פּערלמאַנען זיינען געווען צוויי שוועסטער נאָר־וואָס אַריבער־געקומענע, גרינע. גלייך ביי מיין אַריינקומען, וואַרפנדיק אַ בליק אויף מיר, אויף מיינע מלבושים, הוט און שיך, מיט מיין טשעמאָדאָן און אַלגעמיינעם אויסזען, האָט מען זיך אָנגעהויבן שטיקן פאַר געלעכטער. איך האָב זיך אויך שוין אָנגעהויבן צוגעוואוינען דערצו, אַז אַזוי דאַרף

עס זיין. צום אומגליק, ווי איך האָב צו שפּעט אויסגעפונען, איז נאָך מיין שניפּס (טאַי) אויך נישט געווען אין דער געהעריקער פּאָזיציע און דאָס האָט מיך געמאַכט אויסזען נאָך מאָדנער.

פּערלמאַן האָט מיך געפירט צו דער לעקציע און די צוויי גרינגע שוועסטער האָבן זיך געשעמט צו גיין מיט מיר, זיינען זיי נאָכגעגאַנגען נאָך אונדז.

ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ ייד מיט אַ טעלער, און ווער עס האָט געוואָלט האָט ביים אַרויסגיין עפּעס אַריינגעלייגט. אַ ייד — האָט מען מיר איבערגעגעבן — איז צוגעקומען און האָט אַריינגעלייגט אַ גאַנצן דאָלער (ביי יענער צייט אַ דאָלער איז געווען ווי היינטיקע $10), באַמערקנדיק, אַז ער וואָלט מיט פאַרגעניגן געגעבן נאָך אַ דאָלער, ווען איך זעץ פאָר מיין רעדע אַ גאַנצע נאַכט.

נאָך דער לעקציע, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, ווי אין פּיטסבורג, האָבן שוין די צוויי גרינגע שוועסטער זיך מיט מיר נישט געשעמט. זיי האָבן מיך אַהיימגעפירט ווי די „עטיקעט" פאָדערט מען זאָל פירן אַ „דזשענטלמען".

אויך דאָ אין באָפאלאָ האָב איך גערעדט דריי מאָל. צו יעדן מאָל זיינען געקומען וואָס מער מענטשן. ביי די דריי לעקציעס, פּונקט ווי אין פּיטסבורג, האָבן זיך כמעט די מערהייט פראַגן און דיסקוסיעס באַצויגן אויף דער אייביקער פראַגע, וועגן דער בריק (וואָס מיינט אין דערווירקלעכקייט — פּשוטער פאַרשטאַנד). וואָס וועט מען טאָן ווען אַ מאַיאָריטעט וויל יע אַ בריק, און די מינאָריטעט וויל נישט קיין בריק?

## שיקאַגאָ און די פאַמיליע פון דוד עדעלשטאַט

פון באָפאלאָ בין איך אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ — 6 אַזייגער אין דער פרי. דעם איינציקן אַדרעס, וואָס איך האָב געהאַט, איז געווען פון גענאָסע לעוויצקי, וועלכער האָט געהאַלטן אַ סיגאַר־סטאָר (שפּעטער מיט אַ פאָר יאָר איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד). נאָך דעם ווי איך האָב אים אויפגעוועקט פון שלאָף, איז אויך אונטערגעקומען גענאָסע הוירסען, וועלכער האָט מיך גלייך אָוועקגעפירט צו דער עדעלשטאַט־פאַמיליע, ביי וועמען עס איז געווען די הויפּט־אַכסניה פון אַלע ניי־אָריבערגעקומענע גענאָסן.

מיין אויסזען האָט דאָ אויך, ביי דער דערשיינונג פון שרה עדעלשטאַט, אַרויסגערופן דעם זעלבן געלעכטער ווי אין פּיטסבורג און באָפאלאָ. אויך שרה איז אַרויסגעלאָפן פון צימער, שטיקנדיק זיך פאַר געלעכטער.

מיין מאָראַלישער דערפאָלג איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט אַלע מאָל געראַטעוועט מיין פּרעסטיזש. איז אויך דאָ געווען אַ

גרויסער דערפֿאָלג, נאָך פֿיל גרעסער ווי אין פּיטסבורג און באָפֿאַלאָ. איך האָב די ערשטע צוויי וואָכן גערעדט אַ 7–8 מאָל.

דורך מיינע פֿאָר וואָכן אין שיקאַגאָ איז אויסגעפֿאַלן דער ערשטער מאַי. מיר דערוויסן זיך, אַז אַ גרויסער באַנער, וועלכער ציט זיך פֿון איין זייט גאַס אַריבער צו דער צווייטער אין פֿראָנט פֿון אַ ראַטשעסטער האָל, אַנאָנסירט, אַז דער גרויסער אַב. קאַהאַן קומט ריידן דעם ערשטן מאַי. דאָ האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ געפֿיל פֿון נקמה קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. פֿאַרוואָס — וועט דער לייענער זיך דערוויסן שפּעטער. איך טרעף אָן אין שיקאַגאָ שטאָלערן און ברענערן, וועלכע זיינען גראָד דאָן דאָרט אין שטאָט געווען. אין אָוונט ביי אַ מיטינג פֿון די שיקאַגער גענאָסן ווערט באַשלאָסן צו פֿאַררופֿן אויף דער זעלבער צייט וואָס אַב. קאַהאַנס מיטינג וועט זיין אָראַנזשירט, אַן אינטערנאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג מיט פֿאָלגנדע רעדנער: רוסיש — יצחק אייזיק בן הירש צבי הלוי (דר. הורוויטש); פּויליש — גראָץ רובאַקאָווסקי, אַן אַנאַרכיסט, אינזשעניר, איצטער זייער רייך, לעבט אין אַמעריקע; יידיש — ברענער און איך; אַ רעדנער אין דייטש, און לוסי פּאַרסאָנס אין ענגליש.

אַז אונדזער אינטערנאַציאָנאַלע מאַי־פֿייערונג איז געווען אַ דערפֿאָלג, איז ווייניג צו זאָגן, איינס אַזייגער בייטאָג איז שוין דער האָל געווען פֿאַרמאַכט, מען האָט שוין מער קיינעם נישט אַריינגעלאָזן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, מיט אַב. קאַהאַן, האָבן געהאַט אַ גרויסן דורכפֿאַל. דער האָל איז ביי זיי געווען פּוסט, ווי אויף אַ בית־עולם. אַב. קאַהאַן האָט געזידלט די אַנאַרכיסטן, וויפֿעל ער האָט נאָר געקענט און געוואָלט.

ווען פּעטער זוסמאַן, דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, האָט מיך אָנגעטראָפֿן, איז די ערשטע פֿראַגע געווען: צו וואָס האָט איר געדאַרפֿט צעברעכן אונדזער פֿאַרזאַמלונג? נישט געקענט אָראַנזשירן אייער פֿייערונג אין אָוונט?

אַלס ענטפֿער האָב איך אים דערציילט פֿאָלגנדע פּאַסירונג:

## ווי סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן באַקעמפֿט דעם אַנאַרכיזם

אין פּראָווידענס, ראָוד איילאַנד, האָט זיך געפֿונען גענאָסע בוכבינדער (נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן). איך באַקום פֿון אים אַ בריוו צו קומען געבן אַ לעקציע. די הוצאות פֿון דער רייזע וועט מען מיר אומקערן. ווען איך בין אָנגעקומען (דאָס איז געווען ווינטער־צייט) אין פּראָווידענס, געפֿין איך אויס, אַז מען טאָר נישט פֿונאַנדערטיילן קיין הענדבילס אין דער שטאָט, נאָר אויסקלעפּן. גענאָסע בוכבינדער און נאָך אַ גענאָסע האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אַ גאַנצע נאַכט אין דער קעלט, אויסקלעפּנדיק די אַנאָנסן פֿון מיין קומענדער לעקציע.

אויפֿן צווייטן טאָג האָבן דאָס דערזען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן

פון פראָווידענס, האָט זיך זייער דעמאָקראַטישער גייסט אַזוי צעפלאַ־קערט, אַז זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט און אַראָפּגעריסן די אָנגעקלעפּטע הענדבילס. אויפן דריטן טאָג האָבן מיר זיך דערוואוסט פון דעם חורבן וואָס זיי האָבן געמאַכט, עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט צו קענען עפּעס טאָן. אַנטמוטיקט און פאַרביטערט זיינען מיר געקומען צום האָל. געקומען זיינען אַ 12 מענטשן. אין האָל איז געווען אַ קעלט, פאַרפראָרן צו ווערן. דער האָל־קיפּער האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, אַז עס וועט זיך אים בעסער באַצאָלן נישט צו הייצן דעם האָל. באַשליסן מיר צו גיין אַהיים צו גענאָסע בוכבינדערן און נישט האַלטן קיין לעקציע אין האָל. איינער אַ גענאָסע פון באָסטאָן האָט גראָד געוואָלט אַרויסהעלפן מיט $3 אויף צו באַצאָלן פאַרן האָל. מיר זיינען אָבער אַוועק אַהיים צו גענאָסע בוכבינדערן און ביי אַ גלעזל טיי האָב איך געגעבן מיין לעקציע.

דאָס איז געווען די אורזאַך וואָס עס האָט מיך געטריבן צו נעמען נקמה, וועלכע מיר האָבן גענומען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין שיקאַגאָ.

* * *

דער ערשטער יידיש־אַנאַרכיסטישער פּאָעט, אונדזער אַלעמענס ליבער פריינט און קאַמעראַד, דוד עדעלשטאַט, האָט געהאַט אַ פאַמי־ליע, וועלכע האָט זיך שטאַרק אונטערשיידט פון די געוויינלעכע פאַ־מיליעס, וואָס מען באַגעגנט. זיי זיינען אַלע — די עלטערן, ברידער און שוועסטער — געווען אַנאַרכיסטן.

נאָך דוד עדעלשטאַטס טויט האָט זיך זיין גאַנצע פאַמיליע געפונען אין שיקאַגאָ. פילע פון אונדז פון דער יידישער אַנאַרכיסטישער באַ־וועגונג האָבן זיך אָנגעהערט וועגן שרה עדעלשטאַט, דוד עדעלשטאַטס שוועסטער. ספּעציעל האָט מען וועגן איר גערעדט אַלס אַ טאַלאַנטפולע רעדנעריך. און חברה בחורים האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אָנקוקן שרהן. גענאָסע פעלדמאַן פון באָסטאָן, גענאָסע טעלסאָן פון פילאַדעלפיע און איך. אַ דאַנק דעם אַגיטאַציע־טור זיינען מיר אָנגעקומען מיט האָפענונגען און דערוואַרטונגען יעדער צו זיין דער גליקלעכער לעבנס־טיילער פון שרה עדעלשטאַט. דער גליקלעכער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער צווייטער, וואָס איז געפאָרן פאַר דעם צוועק קיין שיקאַגאָ — גענאָסע טעלסאָן.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ, האָט לאַנג נישט גענומען פאַר מיר אויסצוגעפינען פאַרוואָס עדעלשטאַטס הויז איז דער פּלאַץ, וואו אַלע גענאָסן אין שיקאַגאָ קומען זיך צוזאַמען. אַריינקומענדיק אין זייער הויז דעם ערשטען מאָל, האָב איך דערזען אַ לאַנגן טיש מיט עסערס. איך בין ביי זיך געווען זיכער, אַז דאָס עסן אונדזערע

געגאָסן ביי די עדעלשטאַטס אנשטאָט צו עסן אין אַ רעסטאָראַן. עס האָט אָבער לאַנג מיר נישט גענומען אויסצוגעפינען מיין טעות. קיינער פון די עסערס האָט נישט געצאָלט קיין פעני.ביידע ברידער עדעל־שטאַטס, אַבראַשאַ און אַראָן, האָבן אויסגעהאַלטן דאָס הויז. ספּעציעל איז דאָס געווען דער פאַל מיט אַבראַשען, וועלכער האָט צו יענער צייט פאַרדינט $5 ־ $6 אַ טאָג. צו דעם האָב איך נאָך אויסגעפונען, אַז ביידע ברידער ליידן פון דער פּראָלעטאַרישער קרענק. עס האָט מיך טיף פאַרדראָסן און ווי געטאָן, אַז אין נאָמען פון אַ פּרינציפּ פון נישט אַרבעטן קענען מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין באַגריף וואָס דאָס וואָרט מיינט, מיסברויכן עס אויף דעם ערגסטן אופן. איך האָב ביי זיך באַשלאָסן נישט צו שוויגן, צו זען אַז די געמיינע מיסברוי־כונג פון די „פּרינציפּיעלע עסערס" ביי דער עדעלשטאַט־פאַמיליע זאָל אָפּגעשטעלט ווערן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָב איך זיך דורכגערעדט מיט שרהן. איך האָב איר אָפן געזאָגט, אַז צולאָזן אומ־פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן־פּאַראַזיטן, אויף דער פּראַצע פון אירע צוויי קראַנקע ברידער, איז זינלאָז און אויך אַ גרויס אומרעכט. זי האָט דערצו מסכים געווען, און זיי האָבן אָפּגעמאַכט אַרויסצוציען פון דעם הויז, אויך אַזוי ווייט פון דער געגענט וואו די אַלע „פּרינציפּיעלע עסערס" וואוינען, אַז זיי זאָלן בוכשטעבלעך נישט קענען קומען.

די עדעלשטאַט־פאַמיליע האָט אַרויסגעצויגן אין אַ הויז אַרום לינקאָלן פּאַרק. די חברים, אומזיסטיקע עסערס, האָבן אָבער נישט פאַרגעסן אָן זייער פרייער אַכסניה. יעדן זונטיק פלעגן די חברה מאַר־שירן אַ 4 ־ 5 שעה צייט פון האלסטעד סטריט ביז לינקאָלן פּאַרק. און עסן פלעגט מען שוין צוויי מאָלצייטן. אָבער דאָס איז שוין געווען איין מאָל אַ וואָך. און די גוטע ליבע עדעלשטאַט־געגאָסן האָבן זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון געבן די ליידיקגייער די צוויי אומזיסטע מאָלצייטן אַ וואָך.

אין שיקאַגאָ בין איך פאַרבליבן אַרבעטן ביי סיגאַרן. אָפּגעווען בין איך אין שיקאַגאָ 7־8 חדשים. ווען איך בין געוואָרן אַרבעטסלאָז און די אויסזיכטן אויף צו קריגן אַרבעט זיינען אויך נישט געווען קיין גלענצנדע, האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן שיקאַגאָ.

## די טראַגעדיע אין שיקאַגאָ

אונדזערע מאַרטירער פון 1887 האָבן נישט אומזיסט מקריב געווען זייערע לעבנס: זייער דערמאָרדונג דורך דעם שטאַט האָט גע־בראַכט אין אונדזערע רייען אַזאַ זעלטענע איידעלע און טיף־דענקענדע, פילנדע נשמה, ווי געג. וואָלטערין דע קלעיר. ווי עס איז איצט פאַר אַלעמען באַוואוסט, האָט די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג פון אַמעריקע און פון דער גאַנצער וועלט צוגעקראָגן צענדליקער אין אירע רייען

אַלס רעזולטאַט פון אונדזערע פינף קאַמעראַדן־מאַרטירערטום. (אויך איך אַליין בין פאַקטיש פאַראינטערעסירט געוואָרן אין דער אַנאַרכיס־טישער באַוועגונג, לייענענדיק זייערע רעדעס.)

ווער ווייסט צי די ווידערהאָלונג פון שטאַט־מאָרד אין 1927, די געזעצלעכע דערמאָרדונג פון אונדזערע מאַרטירער ניקאָלאַי סאַקאָ און באַרטאָלאָמיאָ וואַנזעטי, וועט אויך אַרייַנברענגען אין אונדזערע רייען נייע רעקרוטן.

עס מוזן דאָך זיין דאָ און דאָרט פאַרבליבענע געציילטע מענטשן, וועמענס נשמות עס זיינען נישט אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין קלייניקייטן און שטרעבונג פאַר קאַריערעס! און די צייט וועט פריער אָדער שפּעטער באַווייזן, צי מיין האָפענונג איז אַ ריכטיקע, אָדער נישט.

## מיין רייזע קיין ענגלאַנד

פון שיקאַגאָ בין איך צוריקגעקומען קיין פילאַדעלפיע. דאָ האָב איך שוין געפונען עטלעכע ענדערונגען. די צווייטע אַנאַרכיסטישע גרופע „דער נייער דור" האָט זיך אויפגעלייזט. געבליבן איז נאָר די אָריגינעלע ערשטע אַנאַרכיסטישע גרופּע „ריטער דער פרייהייט". אויך האָט די גרופע באַשלאָסן אויפצוגעבן די יום־כיפור־בעלער.

גענ. וואָלטערין דע קלעיר האָט זיך צו דער צייט געפונען אין ענגלאַנד, וואו זי האָט מיט גרויס דערפאָלג געהאַלטן פאָרטראַגן אין אַ סך שטעט. די יידישע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג איז דאָרט געווען כמעט טויט; עס האָט נאָר עקזיסטירט די „אַרבעטער פריינט" גרופּע. די יידישע אַנאַרכיסטן זיינען צוגעשטאַנען צו דע קלעיר, זי זאָל זיי זאָגן צי מען קען אין אַמעריקע באַקומען אַ רעדנער, וועלכער זאָל אויפבויען די יידישע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד. איר ענטפער איז געווען, אַז פאַר גרינדן יידישע יוניאָנס און אויפבויען אַן אַנאַרכיסטישע באַוועגונג איז דאָ נאָר איינער, — דער פילאַדעל־פיער וויינבערג. גענ. דע קלעירס עצה האָט געפירט דערצו, אַז גע־נאָסע באַראָן זאָל מיר שרייבן אַ בריוו, וואו מען באַט מיר אָן צו קומען אויף אַ שטיקל צייט קיין ענגלאַנד.

אין יענער צייט בין איך געווען דער טאַטע פון אַ צוויי־יאָריק קינד, דעריבער איז מיין פאָדערונג צו די גענאָסן פון ענגלאַנד געווען מיר צוצושיקן אַ שיפסקאַרטע אויף אַהין און צוריק, ווי אויך אַ $10 אַ וואָך פאַר אויסהאַלטן דאָס קינד. מיינע קאָנדיציעס זיינען אָנגע־נומען געוואָרן; מען האָט מיר געשיקט אַ שיפסקאַרטע און „ווייזשעס" פאַר 3 וואָכן צו עסן.

אָנקומענדיק קיין לאָנדאָן האָב איך זיך גלייך דערוואוסט, אַז דאָ גייט אָן אַ ביטערער פראַקציאָנעלער קאַמף אין אונדזער יידישער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. איין פראַקציע זיינען „באַראָניסטן" און די

צווייטע — „קאַפּלאַניסטן". אַראָפּגעבראַכט האָבן מיך די באַראָניסטן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט קיין אַנונג דערפון ביז מיין קומען קיין לאָנדאָן.

די „קאַפּלאַניסטן" האָט שטאַרקט פאַרדראָסן וואָס די „באַראָ־ניסטן" איז געלונגען אויפצוטאָן אַזאַ שטיקל אַרבעט ווי ברענגען אַ רעדנער אַזש פון אַמעריקע. וואָס זשע זאָלן זיי טאָן? זאָלן זיי פאַרגעסן אָן זייערע קליינלעכע רייסערייען און העלפן מאַכן מיין באַזוך אַ דערפאָלג? עס הייבט זיך גאַרנישט אָן. אנשטאָט אַזוי צו האַנדלען לאָזן די קאַפּלאַניסטן אַנאָנסירן, אַז אין דער זעלבער צייט וואָס איך וועל ריידן אין „קרייסט טשוירטש", און נאָך מער, אין דער זעלבער גאַס, וועט גענאָסע קאַפּלאַן געבן אַ סעריע פון 12 לעקציעס אין שוגער לאָף האַל.

פאַר מיינע לעקציעס האָט די באַראָניסטישע פראַקציע באַשלאָסן צו שטעלן אַ פּרייז פון 3 פּעניס (6 סענט איינטריט צו יעדער לעקציע). וואָס זשע טוען די „קאַפּלאַניסטן"? — באַשטימען זיי אין גאַנצען נישט צו שטעלן קיין פּרייז, נאָר מאַכן אַ פרייען איינטריט.

צו דער ערשטער לעקציע זיינען געקומען אַ 100 מענשן. ווייזט אויס, די לאָנדאָנער אַרבעטער האָבן געסטרייקט קעגן מיר. און עס האָט טיף פאַרדראָסן. קומען טויזנטער מייל ריידן פאַר בלויז אַ הונ־דערט מענטשן.

די באַראָניסטן האָט עס נאָך מער געערגערט, און גענאָסע באַראָן האָט איינפאַך צוזאַמענגעבראָכן און נישט געקענט דעם צווייטן טאָג גיין אַרבעטן. באַשליסן שוין איצט די באַראָניסטן אַרונטערצולאָזן דעם איינטריט אויף 2 פּעניס. דער רעזולטאַט איז געווען — מען האָט אָנ־געהויבן קומען אין די הונדערטער. באַקומען שוין די באַראָניסטן נאָך מער מוט און לאָזן אַרונטער דעם איינטריט אויף 1 פּעני און דער האָל, וואו עס האָבן געקענט אַריין 600 מענטשן, איז שוין געוואָרן קליין.

די קאַפּלאַניסטן האָבן געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל. צו דער ערשטער פּענידיקער לעקציע קומט צו מיר צו אַ מאַן און שטעלט זיך אַליין פאָר: „איך בין עס קאַפּלאַן, האָב אויפגעגעבן מיינע לעקציעס כדי נישט צו שטערן אייערע."

געערעדט האָב איך אין לאָנדאָן 12 מאָל און מיט גרויס דערפאָלג.

## אויף דער פּראָווינץ אין ענגלאַנד

אויסער לאָנדאָן האָב איך אויך געערעדט אין לידז, גלאַזגאָו און ליווערפּול. די אינטערעסאַנטסטע פּאַסירונג איז פאַרגעקומען אין לי־ווערפּול. דאָ האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה ווער עס זאָל זיין דער פאָרזיצער. צוויי קעמפּער זיינען געווען פאַר דעם כבוד — גענאָסע ליווי און גענאָסע יעגער. גענאָסע יעגער איז געווען אַ גרויסער

באַרימער. איך דערמאָן זיך מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ און ערנסט ער האָט מיר דאָן דערציילט ווי אַזוי ער האָט עס אָפּגעהאַלטן אַ דעבאַטע מיט אויגוסט בעבעל און אים באַזיגט . . . פאַר אים איז נישט געווען גענוג, אַז ער האָט דעבאַטירט מיט בעבעלן, וואָס איז אַן און פאַר זיך געווען אַ שיינע פאַנטאַסטישע מעשה.

צום אומגליק האָבן ביידע גענאָסן, יעגער און ליוויי, געוואוינט אין איין הויז. האָט מען געקעמפט אַזוי לאַנג, ביז עס איז געבליבן, אַז גענאָסע יעגער זאָל זיין דער פאַרזיצער.

איז אָבער פון שיקאַל, ווייזט אויס, געווען אַנגעצייכנט, אַז גע־נאָסע יעגער זאָל ניט זיין דער פאַרזיצער. זייענדיק זיכער, אַז ער איז פאַרזיצער, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט ריידן אין דרויסן. גענאָסע ליוויי האָט דערווייל אויסגענוצט דעם צופאַל פון יעגערס פאַרשפּעטי־קונג און ווערט אַליין דער פאַרזיצער.

איך ווייס נאָך נישט ביזן היינטיקן טאָג צי איך וואָלט אָפּגעשניטן אַזוי שלעכט מיט גענאָסע יעגערן אַלס פאַרזיצער, ווי עס איז געשען דער פאַל מיט גענאָסע ליווייען. איין זאַך איז אָבער זיכער — איך האָב ביז דאָן נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ פאַרזיצער. גענאָסע ליוויי עפנט די פאַרזאַמלונג און נעמט זיך ריידן. עס גייען אַוועק פינף מינוט און ער רעדט נאָך אַלץ. אַזוי איז אַוועק די ערשטע האַלבע שעה און גענאָסע ליוויי רעדט אַזוי געשמאַק און גערמיטלעך, און הייבט גאָר נישט אָן אַ טראַכט צו טאָן פון אָפּשטעלן זיך און מיך לאָזן ריידן. ביסלעכווייז הייבן זיך אָן צו הערן מורמלען און אויסרופן: וואו איז דער רעדנער פון אַמעריקע? און גענאָסע ליוויי ענטפערט: „איר האָט נישט קיין געדולד, נו, וועל איך גלייך אויפהערן.“ איך באַקום ענדלעך דאָס וואָרט. בעתן ריידן קומט אַריין גענאָסע יעגער. דערזען וואָס גע־נאָסע ליוויי האָט אים אָפּגעטאָן ווערט ער אַן אויפגערעגטער און אַנט־לויפט פון האָל נישט הערנדיק מיין לעקציע.

קומענדיק אַהיים (איך בין געשטאַנען ביי זיי ביידן אין הויז), האָבן מיר אַ נייע איבעררעשונג: די טיר איז פאַרשלאָסן און פאַרריגלט פון אינעווייניק. מיר קלאַפּן און קלאַפּן, אָבער גענאָסע יעגער וויל אונדז נישט אַריינלאָזן. אין דרויסן גייט אַ רעגן און מיר הייבן עס אָן צו פילן. עס גייען אַוועק 15 מינוט, אַ פּאָליסמאַן גייט פאַרביי און פרעגט אונדז וואָס דער טראָבל איז; זאָגט מען אים, אַז מיר קלאַפּן נאָר עס ווייזט אויס אַז מען הערט נישט. פוילט זיך נישט דער פּאָליס־מאַן און גייט צו און נעמט זיך קלאַפּן מיט זיין קלאָב. גענאָסע יעגערס פרוי איז גלייך אַרונטערגעקומען און אונדז געעפנט. גענאָסע יעגער האָט אויסגעלאָזן זיין צאָרן אויף גענאָסע ליווייען מיט אויסגעשרייען „משוגענער!“ ביידע גענאָסן, ליוויי און יעגער, זיינען דאָס געווען די

אַרויסגעבער פון אַ לאָקאַלער אַנאַרכיסטישער צייטונג, וועלכע האָט זיך גערופן מיטן מאָדנעם נאָמען „דאָס שפּיגעלע״.

## מיין לעצטער מיטינג אין לאָנדאָן

דאָס אַרומרייסן זיך פון די גענאָסן אין לאָנדאָן האָט מיר זייער ווי געטאָן, און איך האָב גלייך נאָך מיין אָנקומען אין לאַנד געמאַכט אַ פּאַרזוך און צוזאַמענגעבראַכט די קאָפּלאַניסטן און די באַראָניסטן. גענאָסע א. פרומקין האָט מיך געוואָרנט, אַז עס וועט זיך גאַרנישט אויסלאָזן פון דעם פּאַרזוך. און ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער אויך געווען גערעכט: מען איז אַוועק נאָך דעם שלום־צוזאַמענ־קונפט נאָך מער צעקריגט ווי פריער. דער קאַמף האָט זיך געדרייט אַרום דעם ווער פון זיי ס׳זאָל זיין דער אָנפירער, גענאָסע באַראָן אָדער גענאָסע קאַפּלאַן.

וואָן עס איז געקומען די פראַגע פון באַצאָלן מיר, איך זאָל קענען צוריקפאָרן קיין אַמעריקע, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פון די ערשטע 12 מיטינגען אין לאָנדאָן איז נישט געבליבן קיין פּעני. גענאָסע באַראָן האָט פאַרזעצט אַלץ וואָס ס׳האָט נאָר געהאַט אַ ווערט. צום גליק האָב איך מיט זיך געהאַט $25 פון אַמעריקע. די הויפּט פינאַנציעלע הילף פאַר מיין אומקערן זיך קיין אַמעריקע איז געווען די פּראָווינץ. קומענ־דיק צוריק קיין לאָנדאָן האָט מען אַראַנזשירט פאַר מיר אַ אַפּשייד־פאַרזאַמלונג.

צו דער פאַרזאַמלונג האָט גענאָסע פּעטער קראָפּאָטקין צוגעשיקט אַ באַדויערונגס־בריוו פאַר נישט קענען קומען און ווינטשנדיק אַ דער־פאָלג. דזשאָן טוירנער, וועלכער איז געווען אין יענער צייט זייער אַקטיוו אין דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אויך צוגעשיקט אַ באַדויערונגס־בריוו פאַר נישט קענען קומען, און גענאָסע טשערקע־סאָוו, וועלכער איז אויך געווען פאַרבעטן, איז נישט געקומען.

דער האָל איז געווען איבערגעפילט. איך בין געקומען מיט מיין טשעמאָדאַן „באַגאַזש״, ווייל מיין שיף איז אָפּגעגאַנגען 12 ביינאַכט, אַזוי אַז איך האָב געדאַרפט גיין גלייך פון מיטינג צו דער שיף.

פאַר דעם סוף פון מיטינג שטעלט זיך אויף אַ מאַן און לייענט פאַר אַ רעזאָלוציע, וועלכע די פאַראייניקטע אַרבעטער געזעלשאַפט פון לאָנדאָן האָט אָנגענומען: אַזוי ווי זיי בייטיקן זיך זייער שטאַרק אין אַ מענטשן, וואָס זאָל זיי העלפן אָרגאַניזירן די אַרבעטער אין לאָנדאָן, און אַזוי ווי איך בין די פּאַסיקסטע פּערזאָן דערפאַר, האָבן זיי באַשלאָסן מיר פאַרצולייגן צו בלייבן דאָ פאַר אַן אומבאַשטימ־טער צייט.

איך האָב געענטפערט, אַז עס טוט מיר ווירקלעך לייד, אַז גע־וויסע פערזענלעכע פאַמיליען־פליכטן מאַכן אוממעגלעך פאַר מיר אַנ־

צונעמען די איינלאַדונג. עס איז שוין איצט פאַר מיר כמעט צו שפּעט צו לויפן כאַפּן די שיף, מיט וועלכער איך האָב באַדאַרפט אָפּפאָרן — בפרט אַז מיין „באַגאַזש" איז פאַרשוואונדן געוואָרן. נו, מוז איך דאָך בלייבן אַ לאָנדאָנער פאַר נאָך אייניקע טעג, ביז די קומענדע שיף וועט אָפּגיין קיין אַמעריקע. אַזוי בין איך אין עטלעכע טעג אַרום צוריק־געפאָרן קיין אַמעריקע.

VII

# וואָלטערין דע קלעיר און דזשאָרדזש בראַון בלוטיקע אַטאַקע אויף אַרבעטסלאָזע און די רדיפות אויף אַנאַרכיסטן

## גענאָסין וואָלטערין דע קלעיר

מיין באַקאַנטשאַפט מיט גענאָסין וואָלטערין דע קלעיר איז געווען אַ זייער נאָענטע. עס איז מיר אָפט אויסגעקומען צו הערן זי לייענען אירע פאָרטראַגן. זי האָט זעלטן ווען גערעדט נישט האָבנדיק פריער אָנגעשריבן איר רעדע. עפּעס האָט זיך געפילט אַ מין הייליקייט און ליבע אין איר באַציאונג צו יעדער און בכלל סיי וועלכער ניט איז אַרבעט אין דער באַוועגונג. גאַנץ מעגלעך, אַז אַט־דעם גייסט האָט זי מיטגעבראַכט מיט זיך פון דעם קאַטוילישן מאָנאַסטיר, וואו זי איז געווען אַ נאָנע. און מיר האָבן זי געהאַלטן פאַר דער פּאָעטישער נשמה פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פילאַדעלפיע. זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לערעריי פון ענגליש. אַלע אונדזערע גענאָסן האָבן מיט וואָלטערינס הילף זיך אויסגעלערנט די ענגלישע שפּראַך.

גענאָסע עלשער איז אויך געווען איינער פון די, וועלכע האָבן ביי איר געלערנט ענגליש. איר טיפע איבערגעבנקייט און ליבע, וועלכע זי פלעגט אַרויסווייזן צו יעדן תלמיד, האָט איר דאָס מאָל טייער געקאָסט. גענאָסע עלשער האָט זיך איינגערעדט, אַז גענאָסין דע קלעיר איז אין אים פאַרליבט. ער האָט מיט איר פריער געאַרבעט אין דעם זעלבן שאָפּ. דאָרט האָט אויך געאַרבעט גענאָסע באַוורא, וועמען גענאָסין דע קלעיר האָט טאַקע געליבט, מיט וועמען זי האָט פאַר אַ סך יאָרן געלעבט. ווען גענאָסע עלשער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט עס אים איינפאַך געטריבן צו פאַרלירן איבער זיך דעם קאָנטראָל. און נאָך אַ מערק־ווירדיקע זאַך: גענאָסע עלשער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט קיין וואָרט, אָדער געשריבן, צו גענאָסין וואָלטערין וועגן זיין ליבע צו איר. ווי אַזוי

ער האָט עס געקענט דענקען, אַז גענאָסין וואָלטערין איז אין אים פאַר־ליבט, איז געבליבן פאַר מיר אַ רעטעניש.

גענאָסע עלשער, נאָכן דערוויסן זיך וועגן גענאָסע נאוורא, איז אַוועק און געדונגען אַ צימער אַנטקעגן גענאָסין וואָלטערין אויף דער 8טער און פערמאָונט עוועניו. עס האָט נישט גענומען לאַנג, אין איינ־קע טעג אַרום, גייט ער אַרויס אויף דער גאַס און שטעלט זיך וואַרטן אויף גענאָסין וואָלטערין ביים אָפּשטעל פון יעדער קאַר (טראַמוויי). ווען גענאָסין וואָלטערין איז נאָר־וואָס אַרויס פון קאַר, איז ער איר אַנטקעגן געקומען. נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט, האָט ער אַרויס־גענומען אַ רעוואָלווער און אויף איר אויסגעשאָסן. פאַרן גיין דורכפירן זיין אַקט, האָט ער זיך צוגעקלעפּט אַ מאָסטאַש (וואָנצעס), נאָכן אויס־שיסן האָט ער זי אַרונטערגענומען. ווען גענ. וואָלטערין האָט דערזען און דערקענט ווער דאָס איז, ווער עס האָט אויף איר געשאָסן, האָט זי אויסגערופן: „יו קילד מי?" (דו האָסט מיך געטויט?)

מען האָט גענאָסין וואָלטערין גלייך אַוועקגענומען אין אַ שפּיטאָל, וואו זי איז אָפּגעווען 5 וואָכן. די קויל, וואָס האָט איר געטראָפן, האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן האַרץ.*

אַזוי שנעל ווי גענאָסין וואָלטערין איז נאָך די 5 וואָכן אַרויס פון שפּיטאָל, האָט זי גענומען אַרבעטן פאַרן העלפן באַפרייען דעם אַרעסטירטן גענאָסע עלשער. זי איז אַרומגעגאַנגען מאַכן קאָלעקציעס און האָט געטאָן יעדע אַנדערע אַרבעט וואָס עס האָט זיך נאָר געפאָ־דערט. דער בוכשטאַב פון געזעץ האָט אָבער געפאָדערט זיינס, ספּעצ־ציעל ווען דאָס איז אַן אַרבעטער. דאָס געזעץ פון שטאַט האָט גענומען אַ נערוועזן קראַנקען מענטשן און אים געשטעלט צום פּראָצעס, פאָ־דערנדיק באַשטראָפונג. גענאָסין וואָלטערין האָט דערשטוינט די אַלע אַנוועזנדע געזעץ־היטער, ווי אויך די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג אין אַמעריקע, מיט איר אָפּזאָגן זיך אויפצוטרעטן קעגן גענאָסע עלשער. אין דעם אַנאַרכיסטישן אַקט פון גענאָסין וואָלטערין דע קלעיר, וועלכע האָט אַמבולטסטן אַרויסגעוויזן יענע וואונדערשיינע, ליבנדע מענטשן־נשמה, וואָס איז ביי איר געווען טיף פאַרבאָרגן, האָט אָבער נישט גע־קענט אָפּשטעלן די נקמה, וועלכע די שטאַט־ווערכטער האָבן געפאָדערט. זיי האָבן אויך נישט געקראָגן אַלץ וואָס זיי האָבן דערוואָרט. אַנ־שטאָט ווייטער אים אַריינזעצן אין טורמע איז ער אַוועקגעשיקט גע־וואָרן אין אַ משוגעים־הויז.

אָבער אונדזער גענאָסין וואָלטערין דע קלעיר און גענאָסע עלשערס

---

*) די שיסונג איז געשען אין 1902. געשטאָרבן איז גענ. וואָלטערין דע קלעיר דעם 6טן יוני, 1912, און געבוירן איז זי דעם 17טן נאָוועמ־בער, 1866. — מ. ג.

מוטער רוען נישט; זיי ווענדן אָן אַלע זייערע קרעפטן אים אַרויסצונעמען פון משוגעים־הויז. עס געלינגט זיי אויך דאָס צו דערגרייכן. ליידער איז אָבער זייער דערפאָלג געווען אַ נוצלאָזער. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט זיין אייגענער אַקט אויף אים געווירקט נאָך שרעקלעכער. גלייך נאָך זיין באַפרייאונג איז ער נאָך מער ווילד געוואָרן און זיין אייגענע מוטער האָט געמוזט צושטימען מען זאָל אים צוריקנעמען אין משוגעים־הויז. גענאָסע עלשער האָט זיך אָפּגעמוטשעט נאָך עטלעכע יאָר און איז געשטאָרבן.

פּערזענלעך האָב איך געקענט גענאָסע עלשערן גאַנץ נאָענט פּאַר דער טראַגעדיע. אַז עפּעס איז מיט אים געווען אומנאָרמאַל, וועגן דעם באַשטעטיקן אייניקע פּאַסירונגען, וועלכע זיינען מיר באַקאַנט, פּונקט ווי עס איז, דאַכט זיך מיר, באַקאַנט דער גרונט־מאָטיוו, וועלכער האָט פּאַראורזאַכט זיין אומנאָרמאַליטעט. גלייך נאָך מיין ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט אים האָב איך אויסגעפונען, אַז וואו ער זאָל נישט קומען, טראָגט ער זיך אַרום מיט אַ סענדוויטש אין קעשענע. שפּעטער־צו קומט ער ביי מיר פרעגן, וואו עס וואוינט דזשאַן וואַנאַמייקער (דער רייכער דעפּאַרטמענט סטאָר אייגנטימער, וועלכער איז שוין אויך טויט). פרעג איך אים צו וואָס ער וויל דאָס וויסן, דערקלערט ער מיר, אַז אַזוי גיך ווי ער געפינט אויס וואו ער וואוינט וועט ער נאָכמאַכן שליסלען צום הויז, זיך אַריינגנבענען ביינאַכט און אָפּשערן די האָר פון זיינע טעכטער. אַן אַנדער מאָל רופט זיך אָפּ גענאָסע עלשער צו מיר: „געדענקסטו, מיר זיינען געווען אין וואַשינגטאָן פּאַרק־ געדענקסטו אַ פרוי (ווירע באַיער), וועלכע איז געזעסן ביי אַ טיש און אויסגעזען ווי אַ מולאַטקע? איך בין פאַרליבט אין איר! יעדע מינע אירע איז אַזוי זיס און אנגענעם. וויינבערג, ביסטו אַמאָל געווען אין די אַלעגהעני מאַונטענס (בערג)? דאָרטן, צווישן די אַלעגהעני מאַונטענס, וועל איך אויסקלייבן דעם העכסטן באַרג און אויף דעם טורעם וועל איך אויסבויען אַ קעסעל (אַ פּאַלאַץ) פּאַר מיר און איר.“ ער פרעגט ביי מיר דער פרויס אַדרעס און איך הייס אים שרייבן צו דער „פרייע אַרבעטער שטימע“, ווייל זי איז אויך געווען אַן אַנאַרכיסטקע.

איך האָב דערמאָנט די עטלעכע פּאַסירונגען, וועלכע וואַרפן אַ גאַנץ אַנדער ליכט אויף דער טאַט זיינער קעגן גענאָסין וואָלטערין דע קלעיר, וואָס האָט אויך געבראַכט צום פינאַל פון זיין לעבן, און איך דערלויב זיך צו זאָגן — דער פּאַל, און אויך אַנדערע אַזעלכע פּאַלן וואָס איך וועל באַרירן, האָט מיר איבערצייגט, אַז דער גרונט־מאָטיוו איז די אומבאַפרידיקונג פון סעקס (געשלעכטס־טריב), שוין אָפּגערעדט פון דער אָפּוועזנהייט פון ליבע און צי איינער וויל עס אָדער נישט; ווער, ווער איז מער פּאַראַנטוואָרטלעך פּאַר דעם דאָזיקן צו־

שטאַנד, אויב נישט די גאַנצע אומנאָרמאַלע סיסטעם, אויף וועלכער די איצטיקע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם האַלט זיך? . . .

### קרבנות פון סעקסועלער און ליבע אומבאַפרידיקונג

ריידנדיק וועגן דער טראַגעדיע פון געניאַסע עלשערן, מוז איך אויך באַטאָנען, אַז דאָס איז ליידער נישט דער איינציקער פאַל פון דעם מין טראַגעדיעס, פאַר וועלכן מיר מעגן האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך די איצטיקע געזעלשאַפט.

איך דערמאָן זיך איצט דעם שרעקלעכן סוף, וואָס געניאַסע קאָהען האָט געמאַכט צו זיין לעבן. אין אַ צושטאַנד פון משוגעת האָט ער צוערשט זיך פאַרסמט, דערנאָך איבערגעשניטן דעם האַלדז, און צו־לעצט זיך פאַרברענט אויף אַש.

אַ צווייטער טראַגישער פאַל איז געווען מיט געניאַסע לוכאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ פאַמיליע. אין אַ געוויסן טאָג איז ער אַוועק אין פערמאָונט־פּאַרק און האָט זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז. אויף אַנדערע וועגן, אָבער פּונקט אַזוי טראַגיש — האָבן פאַרענדיקט זייערע לעבנס די געניאַסן שערמאַן, ראָזענטאַל, סעלצער און זאַלקין.

און געדענקען מוז מען, אַז דאָס ווערט גערעדט פון געניאַסן אין איין־איינציקער שטאָט — פילאַדעלפיע.

ווער ווייסט דעם גרויסן צעטל פון דער צאָל קרבנות, וועלכע מיר, די פאַרשקלאַפטע, באַצאָלן יאָר־איין יאָר־אויס אין יעדן טייל פון דער וועלט!

### מיין לעצטע באַגעגעניש מיט וואָלטערין דע קלעיר

איך מוז זיך נאָך אַ מאָל אומקערן צו געניאַסין וואָלטערין דע קלעיר. ביי איר איז געווען אַ גאַנץ אַנדער טראַגעדיע. זי האָט פאַרלאָזן דעם פאַמיליען־לעבן צוליב דעם גרויסן אינטערעס און איבערגעבנקייט צו אונדזער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און אידעאַל. אָט, צום ביישפּיל, נעמט געניאַסין וואָלטערין דע קלעיר, ווייל איר איז אויסגעקומען צו אַרבעטן כמעט די גאַנצע צייט מיט יידן און ווייל זי האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גרויס גליק אַז מיר האָבן אַ וועכנטלעכן אָרגאַן, די „פרייע אַר־בעטער שטימע״, און לערנט זיך אויס שרייבן און ריידן יידיש. שפּע־טער־צו זעצט זי איבער פאַר דער „פר. אַרב. שט.״ י. ל. פּרץ׳ס באַ־רימטע קורצע סאָציאַלע עסיי: „מורא און האָפענונג״.

איך דערמאָן זיך איצטער פון אַ גאַנץ אַנדער פאַל: געניאַסין וואָל־טערין דע קלעיר שטייט אויף אין דער פרי אַ מונטערע און אַ פריילעכע, וואַשט זיך אָרום און טוט אָן די שענסטע קליידער; גייט אַוועק צו אַ פאָ־טאָגראַפיסט זיך נעמען אַ בילד. ווער עס וויל זען יענעם אומפאַרגעס־לעכן ליבן שמייכל, דאַרף נאָר אַ בליק טאָן אויף יענעם בילד. אָבער

וויפיל מאָמענטן האָט אונדזער ליבע און טייערע גענאָסין דע קלעיר אַזוי געפילט אין איר לעבן? זייער, זייער ווייניק.

די לעצטע באַגעגעניש פאַר איר טויט איז געווען אין שיקאַגאָ. זי איז געווען פון די באַטורן, וואָס האָבן געמוזט זיין אַקטיוו; אַ מונ־טערע, פריילעכע, פול מיט באַגייסטערונג, אַרבעטנדיק פאַר דער מעק־סיקאַנער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכע די צוויי ברידער ענריקאָ און רעקאָרדאָ פלאָרענס מאַגון האָבן אָנגעפירט דורך זייער שפּאַנישן וועכנטלעכן אָרגאַן „לאַ רעגענעראַסיאָן" אין לאָס אַנדזשעלעס. איין זייט פון דער צייטונג איז רעדאַקטירט און געשריבן געוואָרן פון גענאָסע וויליאַם ס. אָוועןֿ, דעם 85־יאָריקן וועטעראַן פון ענגלישן און אַמעריקאַ־נער אַנאַרכיזם (וועלכער איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן אין 1929).

גענאָסין וואָלטערין רופט מיך צו אַ מיטינג, איינער פון די פילע וועלכע זי פלעגט רופן פאַר דעם צוועק. זי האָט מיר געגעבן לאַנגע דערקלערונגען וועגן אַנאַרכיסטישן גייסט, מיט וועלכן די „פּיאָנען" (פּויערים אין מעקסיקע) זיינען דורכגעדרונגען. זי איז געווען זיכער, אַז די פּראָפּאַגאַנדע פון די מאַגון ברידער וועט מיט דער צייט ברענ־גען צו אַן אַנאַרכיסטישער רעוואָלוציע פון די פּיאָנען אין מעקסיקע. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר אויף מיר האָט די גאַנצע באַוועגונג קיינמאָל נישט געהאַט די אָנציאונג און ווירקונג, וואָס אויף גענאָסין וואָלטערין דע קלעיר. יעדנפאַלס איז דאָס געווען די לעצטע אַקטיווי־טעט, מיט וועלכער זי האָט זיך האַרציק אָפּגעגעבן. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב זי געזען.

היינט געפינט זיך איר קבר נעבן דעם פּלאַץ פון אונדזערע פינף אומפאַרגעסלעכע מאַרטירער אין שיקאַגאָ, אויף וואַלדהיים סעמעטערי.

## דזשאָרדזש בראַון און פרייע ליבע

נאָך וואָלטערין דע קלעיר קומט, נאַטירלעך, דזשאָרדזש בראַון; ער, דער איינפאַכער אימער שמייכלענדיקער קאַמעראַד, איז געווען פּונקט אַזוי ענג פאַרבונדן מיט אונדזער באַוועגונג, ווי גענאָסין וואָל־טערין דע קלעיר. אויך מיט אים בין איך געווען זייער נאָענט באַפריינ־דעט. אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון גענאָסע בראַון איז געווען זיין איינפאַכקייט. איינמאָל לאָדט מען אים איין צו געבן אַ פאָרטראַג פאַר דער „עטיקעל קאָלטשור סאָסייעטי" (עטישע קולטור געזעלשאַפט) איבער דער טעמע: „אַנאַרכיסטישע מאָראַל". נאָך דער לעקציע הויבן זיך אָן די פראַגן און איין פראַגע ווערט אַדרעסירט צו גענאָסע דר. בראַון (אין פולן ערנסט), און אונדזער גענאָסע בראַון ענטפערט זיי מיט זיין שמייכל: „איר רופט מיך מיט דעם טיטל דאָקטאָר, בשעת דער אמת איז, אַז איך האָב געלערנט פאַר יאָרן און יאָרן צו ווערן דאָס וואָס איך בין היינט, אַ שוסטער."

זיין הומאָר, איבער וואָס ער זאָל נישט געוועון ריידן, איז אַלע מאָל געוועזן אַ מין באַגלייטונג פון אַלץ וואָס ער האָט נאָר געהאַט צו זאָגן.

די פילאַדעלפיער רעגירונג פלעגט אַמאָל דערלויבן ביים סיטי־האָל (שטאָט־בילדינג) פרייע רעדע, און גענ'אָסע דזשאָרדזש בראון איז געוועזן דער געוויינלעכער הויפּט־אַקטיווער רעדנער. איינמאָל קומט מיר אויס צו הערן פון אים אַ רעדע איבער „פרייע ליבע״, פון וועלכער די וויכטיקסטע טיילן זיינען מיר נאָך געבליבן אין זכרון.

„מענטשן גייען אַרום און זאָגן, אַז מיר זיינען באַמבע־וואַרפער. אַנדערע זאָגן: מיר גלויבן נישט אין געזעצלעכער הייראַט, און אַז איך אַליין בין באַשולדיקט אין פּראַקטיצירן עס. די לעצטע באַשולדיקונג לייקן איך גאָרנישט; פאַרקערט, איך וועל אייך באַווייזן, אַז עס איז אמת; און איצט צו דער מעשה וואָס איך וויל אייך דערציילן:

„ווען איך אַרבעט נישט, געפעלט מיר אַוועקצוגיין אין פּאַרק, און אַזוי ווי דאָס געזעץ לאָזט מיך אויסקלייבן וועלכן פּאַרק איך וויל, קלייב איך געוויינלעך אויס דעם צווייטן שענסטן פּאַרק אין אַמעריקע, וועלכער געפינט זיך אין פילאַדעלפיע — פערמאַונט פּאַרק. און געוויינלעך האָב איך אַלע מאָל אַ באַגלייטער אין פּאַרק, אַ בוך. זיצנדיק אַזוי איינמאָל אויף אַ באַנק אין דעם פּאַרק, לייענענדיק אַ בוך, גייט דורך אַ מיידל און קוקט אויף מיר. אָבער ווי קום איך, אָרעמער אַרבעטער, צו דענקען וועגן באַגעגענען זיך מיט אַ מיידל? אָפּגעזעסן ביזן אָוונט גיי איך זיך אַהיים. דעם צווייטן מאָל קוק איך און איך וויל זיך זעצן אויף מיין געוויינלעכן פּלאַץ נעבן היל (באַרג). איך קוק זיך אַרום און איך באַמערק גלייך דאָס זעלבע מיידל, וועלכע איז נעכטן נעבן מיר פאַרבייגעגאַנגען, זי זיצט אונטער דעם זעלבן בוים, וואו איך זיץ אַלע מאָל. גיי איך צו און זעץ זיך אויך אַנידער. אַ בליק געטאָן אויף דעם מיידל, זי זיצט פאַרטיפט אין אַ בוך. איך ווער שוין נייגעריק צו וויסן וואָס זי לייענט. פרעג איך ביי איר, וואו זי באַקומט די ביכער צום לייענען. ענטפערט זי מיר — אין לייבררי (ביבליאָטעק). אַן אַמעריקאַנער מיידל זאָל עס לייענען די זעלבע ביכער וואָס איך, האָט מיך ווירקלעך איבערראַשט.

„אַזוי בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט דער מיידל.

„איינמאָל רופט זיך אָפּ דאָס מיידל: פאַרוואָס דאַרפסטו מיך אַלע מאָל אָפּפירן אַהיים? לאָז מיר דיך אָפּפירן. — דאָס האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער. איך האָב דאָן געוואוינט אין אַ צימערל אין ריכטיקן טענעמענט (אויסגעלאָסענעם) געגנט. טאָ ווי אַזוי דערלאָזט מען זי זאָל קומען און זאָל זיך דערוויסן וואו איך וואוין? אָבער נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, וויליק איך איין. ביים הויז לאָד איך זי איין אַרויפצוגיין טרינקען אַ גלעזל טיי, און אונדזער באַקאַנטשאַפט ווערט שוין

מער אינטימער. נאָך אַלעמען רופט עס גאָט אָדער די נאַטור, ווער עס האָט אין אונדז באַשאַפן דעם באַגער צו פּאָרט־פּלאַנצן, ווייל דאָס גיט אונדז פרייד, האָב איך און דאָס מיידל זיך פאַרזינדיקט. דאָס געזעץ האָט נישט געהאַט דאָס מינדעסטע שייכות מיט אונדזער באַקענען זיך. און דעריבער וואָלט עס געווען אַן אומזין צו גיין קריגן ביים געזעץ אַ פּאַפּיר אונדז צו דערלויבן צו וואוינען אין איין צימער און ליבן איינער דעם צווייטן. אָרעם ווי מיר זיינען ביידע געווען, לעבנדיק פון אונדזער אייגענער אַרבעט, האָבן מיר געטאָן דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן געקענט. מיר האָבן געגעסן צוזאַמען, געלעבט צוזאַמען, און דער רעזולטאַט איז געווען צוויי קינדער. איצט זיינען מיר פאַרנומען אין דעם העלפן אויסוואַקסן און דערציאונג פון די צוויי קינדער. מיר האָסן נישט איינער דעם צווייטן, מיר האָבן מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. אונ־דזערע משפחות זיינען אומצופרידן מיט אונדזער אַרט לעבן, הויפּט־זעכלעך וואָס מיר האָבן נישט דורכגעמאַכט די צערעמאָניע פון באַ־קומען די דערלויבעניש אויף דעם ביי דער שטאָט און דער קירכע. וואָס ביי אונדז איז דאָס וויכטיקסטע איז, די קינדער זאָלן אויסוואַקסן אין אַזאַ גייסט, אַז רעליגיע און געזעץ זאָלן בלייבן פאַר זיי אַ טויטער, אומבאַוואוסטער בוכשטאַב.

„דאָס, מיינע פריינט, איז די שרעקלעכע פרייע ליבע, אין וועלכער מיר אַנאַרכיסטן גלויבן.

„וואָס וועט זיין אַז מיר וועלן מיד ווערן איינער פון דעם צווייטן? — וועלן מיר זיך צעגיין. מיר וועלן אָבער ביידע טראָגן די פולע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר די קינדער, וועלכע מיר האָבן געבראַכט אויף דער וועלט.

„און נאָך אַ זאַך, — איך וויל אייך פאַרטרויען אַ סוד: — דאָס מיידל, וועגן וועלכן איך האָב אייך נאָר־וואָס דערציילט, איז צווישן אייך, צוהערער. איר זעט זי אַלע זונטיק פאַרקויפנדיק ליטעראַטור און פאַרטיילנדיק הענדבילס אין שייכות מיט אונדזער אַרבעט. — דאָס איז מערי הענסאָן".

און זיין רעדע, וועלכע איז געווען ווי אימער דורכגעוועבט מיט זיין טיפן הומאָר, האָט אַרויסגערופן עפנטלעכע אויסדרוקן פון די צוהערער:

„הי׳ז גאָד דעם ראַיט!" (ער איז פאַרדאַמט גערעכט!)

און איינער פון די דעטעקטיווס רופט זיך אָפּ: „הי איז עי סמאַרט מען" (ער איז אַ קלוגער מענטש). איצט זיינען שוין פאַרלאָפן איבער 16 יאָר צייט, גענאָסע בראַון איז שוין נישט מער צווישן די לעבעדיקע. זיין טויטער קערפּער איז פאַרברענט געוואָרן. גענאָסין מערי הענסאָן איז פאַרבליבן אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. זי האָט זיך אויך אַנטוויקלט אין אַ באַגאַבטער פּאָעטעסע.

## דער קריזיס פון 1907 און נייע פאַרפאָלגונגען

גענאָסע גאָרדאָן האָט זיך באַקענט מיט וואָלטערין דע קלעיר, ביי וועלכער ער האָט גענומען ענגלישע לעקציעס, דערנאָך אויך מיט דזשאָרדזש בראַון.ביידן האָט גענאָסע גאָרדאָן ביסלעכווייז אַריינגעצויגן אין דעם קרייז פון דער יידישער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און זיי פלעגן אָפט קומען אונדז געבן לעקציעס אין ענגליש.

אין יענער צייט איז פרייע רעדע נאָך געווען מער אָדער ווייניקער אַ פאַקט און פאַר פילע יאָרן האָבן זיךביידע אומדערמידלעך אָנגעפירט עפנטלעכע ענגלישע פּראָפּאַגאַנדע־פאַרזאַמלונגען יעדן זונטיק אַוונטביים סיטי האָל. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דעם יאָר 1907, ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער גרויסער קריזיס אין אַמעריקע.

אין פילאַדעלפיע אַליין זיינען געווען 100 טויזנט אַרבעטסלאָזע. די צייט איז געווען אַ שרעקלעכע. ביי אַ מיטינג, אָפּגעהאַלטן אין קענזינגטאָן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַררופן אַן אינטערנאַציאָנאַלן מיטינג, וואו מען זאָל פאָדערן אַרבעט פאַר די אַרבעטסלאָזע. דער אינטערנאַציאָנאַלער מיטינג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו אוידיטאָריום האָל, 3טע און פיצוואָטער סטריט. בראַון און וואָלטערין האָבן גערעדט אין ענגליש; אין איטאַליעניש האָבן גערעדט רעדנער פון ניו יאָרק. מיך האָט מען אָנאָנסירט אַן מיין וויסן צו ריידן יידיש. איך בין דאָן געווען אָנגעשטעלט אַלס אָרגאַניזירער ביי די בעקער. ווען אַ קאָמיטע איז געקומען מיך רופן צו אַדרעסירן דעם מיטינג, בין איך גלייך געגאַנגען.

ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן ריידן פאַר דעם איבערגעפּאַקטן עולם, מערסטנס איטאַליענער, האָט מען גענומען שרייען איך זאָל אויפהערן צו ריידן, דער פאַרזיצער, גענאָסע פינקלער, האָט אַפּעלירט מען זאָל מיך אויסהערן. איך פּרוביר נאָך אַמאָל אָנהייבן ריידן, אָבער עס העלפט נישט. וואָלטערין דע קלעיר לייענט דאָן פאָר איר רעדע. דער מיטינג פאַרענדיקט זיך מיט אַן אויפרוף צו מאַרשירן צום סיטי האָל פאָדערן אַרבעט, און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די טירן.

די פּאָליציי פון אונדזער שטאָט, די שטאָט וואָס איז באַרימט מער ווי אַ וויץ ווי אַן ערנסט, אַלס די שטאָט פון „ברודער־ליבע", האָט זיך אַלע מאָל אויסגעצייכנט מיט איר ברוטאַליטעט. אַזוי גיך ווי זיי האָבן געקראָגן צו וויסן וועגן דעם מאַרש, וואָס וועט פאָרקומען (פאַרשטייט זיך דורך זייערע שפּיאָנען ביים מיטינג), האָבן זיי זיך צוגעגרייט פון אַלע שטאָט־טיילן ביים סיטי האָל. ווי נאָר די הונדערטער איטאַליענער האָבן זיך באַוויזן אויף בראָד סטריט ביים סיטי האָל, האָט זיך די פּאָליציי אויף זיי אַרויפגעוואָרפן מיט די קלאָבעס. קעפּ זיינען געשפּאָלטן געוואָרן רעכטס און לינקס; אַרבעטער־בלוט האָט זיך

געגאַסן טייכנווייז אויף דער פילאַדעלפיער הויפּט־גאַס. עס איז געווען אַ שפּאַטיש־טראַגישער שאַרזש אויף דעם באַרימטן ווערטל, אַז גאָלד וואַלגערט זיך אין אַמעריקע אויף די גאַסן. אויסגעהונגערטע אַרבעטער פון איטאַליע האָט מען געגעבן צו פאַרזוכן אַט־דאָס גאָלד. עס איז געווען אַ בלוט־באַד פון זייערע אייגענע קערפּערס; דאָס איז געווען דער שטייגער ווי אַזוי אַמעריקאַנער גערעכטיקייט האָט באַפרידיקט זייערע הונגעריקע, אויסגעמאַטערטע קערפּערס.

מיר האָבן געוואוסט, אַז פילע פון די איטאַליענער האָט מען נאָך אַלס אַ צוגאָב אַרעסטירט; ווער זיי זיינען אָדער וויפיל האָבן מיר נאָך נישט געוואוסט גענוי.

אין אָוונט האָב איך זיך געפונען אין קאַלאַניאַל־קאַפע. עס איז שוין געווען 12 אַזייגער ביינאַכט ווען אַ דעטעקטיוו האָט זיך באַוויזן און מיך אַרעסטירט. אין סטיישאַן־הויז האָב איך זיך גלייך דערוואוסט, אַז מען האָט אויך אַנגעפילט אַלע צעלן מיט איבער 50 פאַרוואונדעטע איטאַליענער. דעם זעלבן טאָג האָט מען אויך אַרעסטירט געגאַסין וואַלטערין דע קלעיר אונטער 1800$ בייל. פילע איטאַליענער קאַמע־ראַדן זיינען געשטעלט געוואָרן אונטער גרויסע ביילס. מיך האָט מען געשטעלט אונטער 2500$ בייל. מען האָט אונדז אַלעמען אַרויסגע־נומען אויף בייל.

## דער פּראָצעס

דריי חדשים נאָך אונדזער אַרעסט האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס איבער אונדז.

פינף טעג פאַרן אָנהייב פון פּראָצעס לאָזט מיר וויסן דער סאָ־ציאַליסטישער לאָיער נעלסאָן, אַז ער זאָגט זיך אָפּ מיך צו פאַרטיי־דיקן, אָבער נישט געגאַסין וואַלטערין דע קלעיר.

איך גיי אָוועק צו אַ באַוואוסטן פּאָליטישן לאָיער וועסעל. נאָך דעם ווי ער האָט מיך אויסגעהערט, זאָגט ער צו מיר: — עס איז אַלץ גאַרניט, אַ בלאָף, און פאַר 250$ וועט ער דאָס דערווייזן אין געריכט.

מערקווירדיק איז אויך געווען, אַז — סולצבערגער, דער דזשאַדזש, איז געווען אַ ייד; וואָלף, דער דיסטריקט אַטוירני — אַ ייד; גאָלדע, דער דעטעקטיוו, וואָס האָט מיך אַרעסטירט — אַ ייד; איך, דער אָנגעקלאָג־טער — אויך אַ ייד.

די אָנקלאַגע קעגן אונדז אַלעמען איז געווען — אַ קאָנספּיראַציע קעגן שטאַט און אויפרייצן צו אַן אויפשטאַנד.

דזשאַדזש סולצבערגער פרעגט אויב עס זיינען דאָ עדות צו דער־ווייזן די אָנקלאַגע. דער דיסטריקט אַטוירני זאָגט, אַז ניין; נאָר ער האָט שריפטלעכע באַווייזן. און ער נעמט זיך צו דער אַרבעט. ערשטנס, לייענט ער פאָר אַ בריוו, וואו מען פאַרבעט מיך צו קומען ריידן איבער

דער טעמע „ראַדיקאַלע ליטעראַטור״ ביי אַ ניי־געגרינדעטער פּראַגרעס־סיוועך ביבליאָטעק פון ראָטשעסטער. אַ צווייטער בריוו איז געווען פון דער פּעטערסאָנער ביבליאָטעק, צו קומען ריידן ביי זיי איבער דער טעמע: „יציאת מצרים״. די דזשורי פאַרשטייט נישט וואָס יציאת מצרים באַדייט. דער דזשאַדזש סולצבערגער נעמט זיך זיי געבן דאָס צו פאַרשטיין.

דער דזשאַדזש נעמט זיך צונישט מאַכן די אָנקלאַגע און „דיס־מיסד די קייס״ קעגן מיר. וואַלטערין איז אויך באַפרייט געוואָרן. צוויי איטאַליענישע קאַמעראַדן האָבן באַקומען צו 2 יאָר; איינער אַ יאָר און אַ האַלב און איינער דריי און אַ האַלב יאָר. זיי האָט מען באַשולדיקט אין שיסן אויף אַ פּאָליסמאַן.*)

מען האָט מיר גלייך דערלאַנגט אַ גרויסן קאָנווערט מיט מיין אייגנטום, וואָס מען האָט ביי מיר צוגענומען ביים אַרעסטירן. אינעווייניק האָט זיך געפונען אַ דאָלערדיק זייגערל און 6 סענט. דעם קוק, וועלכן דזשאַדזש סולצבערגער האָט דערלאַנגט צוערשט אויף דעם קעשענע בייטעלע און דערנאָך אויף מיר, געדענק איך נאָך ביז היינט . . .

## די קאָנספּיראַציע קעגן מיר דעקט זיך אויף

צוויי וואָכן נאָכן פּראָצעס ליג איך צו בעט, ווידער קראַנק אויף מיין פוס, וועלכער האָט מיר איבערגעלאָזן אַן אייביקן אָנדענק זינט דער סיבה מיט מיין אויסגליטשן זיך אין לאָנדאָן. צו מיין גרויסער איבעראַשונג באַווייזט זיך פאַר מיין בעט אַ בעקער־באַלעבאָס, נוימאַן ביערדי, וועלכער האָט אַלע מאָל געהאַט אַן אָפּן שאָפּ. ער דערקלערט מיר, אַז ער האַלט נישט פון „יום־כיפור״. געקומען איז ער גלאַט זען וואָס איך מאַך . . . געהערט אַז איך בין קראַנק.

ביסלעכווייז הייבט ער אָן דערציילן וואָס עס האָט אים געבראַכט צו מיר. „וויפיל,״ פרעגט ער, „האָסטו געגעבן דעם לאָיער?״ איך זאָג אים — $250. „עס איז,״ זאָגט ער, „אַרויסגעוואָרפן דאָס געלט. דו ווילסט וויסן ווער עס האָט דיך באַפרייט? איך,״ זאָגט ער, „און נישט קיין אַנדערער.״ איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין און ער נעמט מיר אויפקלערן:

„איך ווייס דאָך וויפיל צרות איר האָט אונדז אָנגעמאַכט מיט אייער יוניאָן און קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. אונדז, בעקער־באַלעבאַטים; איר האָט אונדז בדלות געשטעלט. נו, זיינען מיר אַ 6־7 מאַן

---

*) די פאַמיליעס פון די פאַרשיקטע קאַמעראַדן זיינען אויסגע־האַלטן געוואָרן די גאַנצע צייט פון זייער פאַרשיקונג פון דער פילאַ־דעלפיער ליג מיט דער מיטהילף פון וואַלטערין דע קלעיר.

זיך צוזאַמענגעקומען מיט עטלעכע חדשים צוריק צו דיסקוטירן פּלע־נער ווי אַזוי פון אייך פּטור צו ווערן. אַזוי ווי מיין ברודערס אַ זון, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון ענגלאַנד, איז ווילינק אַלץ צו טאָן — טאָ זאָל ער אויסשווערן אַ וואָראַנט, אַז ער האָט געהערט אויפרייצן צו אַן אויפשטאַנד קעגן דער רעגירונג . . . און ער האָט אויסגעשוואָרן דעם וואָראַנט. ווען איך האָב זיך אויסגעניכטערט, האָט מיין געוויסן מיך געגנומען פּלאָגן: וואָס הייסט, מאַכן אַ בילבול אויף אַן אומשולדיקן יידן? די „קייס״ איז דאָך שוין אָבער געווען ביים דיסטריקט אַטורני; לויף איך אַוועק צו די איבעריקע באַלעבאַטים און דערקלער זיי, אַז וויינבערג וועט באַקומען 3 יאָר שטראָף; אויב מיר נעמען נישט אַרויס די „קייס״ פון דיסטריקט אַטורניס הענט, גיי איך אויפדעקן די גאַנצע זאַך. פרעגן זיי זיך ביי מיר אין טויט־שרעק: וואָס זשע זאָל מען טאָן? דערקלער איך זיי: איך האָב אויסגעפונען, אַז די „קייס״ קען מען שוין נישט דערשטיקן; דער פּראָצעס מוז פאָרקומען; מען מוז נעמען דעם הויפּט־עדות און אים באַהאַלטן דורך דער צייט פון פּראָצעס. דאָס וועט קאָסטן $200. און דער הויפּט דעטעקטיוו האָט אים אַוועקגעפירט און אויסבאַהאַלטן די ערשטע טעג פון פּראָצעס. דאָס האָט אייך געבראַכט די באַפרייאונג, און נישט אייער לאָיער!״

נאָך זיין אַוועקגיין געפינט די נוירס אונטערן קישן אַ 5־דאָלער־ביל, וואָס ער האָט אונטערגערוקט . . .

מערקווירדיק איז אויך דער פאַקט, אַז ביז היינט־צו־טאָג וויל דער זעלבער נוימאַן ביערדי נאָך נישט האַלטן קיין יוניאָן־שאָפּ.

## VIII

# צוויי קאָמונאַלע עקספּערימענטן אין פילאַדעלפיע

### דער ערשטער קאָמוניסטישער פּאַרזוך

אין 1906 איז עס פאָרגעקומען. עס איז שוין געווען שיינע עט־לעכע יאָר נאָך דעם אונטערגאַנג פון אונדזער ערשטן חלום — „די קאָאָפּעראַטיווע שוך־ און העט־סטאָר״. צווישן אַ סך האָט זיך אָנגע־הויבן פילן אַ בענקשאַפט פאַר טאָן עפּעס. מען האָט אָנגעהויבן ריידן צווישן זיך פאַר גרינדן אַ קאָמיטע.

קומען צו מיר אייניקע גענאָסן און לייגן פאַר אָנצוהייבן די קאָ־מיטע מיט דעם, וואָס מיר זאָלן עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוו וואוינונג־הויז. איך דערקלער זיי, אַז ביליקע רענט מיינט נאָך אַלץ נישט קיין קאָמונע. נאָר וואָס זשע דען? אַזוי ווי אַלס „איסטן״ (מיט פאַרשיידענע

אידעאַלן) זייִנען מיר דאָך קעגן עקספּלואַטאַציע, דעריבער זאָלן מיר קומען אין דעם הויז מיט דער אָפּזיכט אָפּצושפּאָרן אַ געוויסע סומע געלט, צו קענען קויפן אַ פאַרם (לאַנד). דאָרטן אויפן לאַנד וועלן מיר קענען דורך דער פּראַצע פון אונדזערע אייגענע הענט שאַפן די נייטיקע לעבנסמיטלען.

מיין פּלאַן ווערט אָנגענומען און מיר טרעטן גלייך צו צו אַרבעטן פאַר דער דורכפירונג פונעם פּלאַן. מיר האָבן געדונגען אַ 9־צימערדיק הויז אויף דער 6טער און דזשעפערסאָן סטריט פאַר ‎$35 אַ חודש. יעדער איינער האָט זיך פאַרפליכטעט אַרייַנצוברענגען ‎$10 אַ חודש.

די ערשטע שוועריקייט איז געווען צו באַקומען אַ ראַדיקאַלע פרוי, וועלכע זאָל קאָכן און אויפּפּאַסן אויפן הויז. ענדלעך געלינגט עס אונדז צו באַקומען אַזאַ פרוי — גענאַסין מירל.

ווען מיר האָבן געעפנט דאָס הויז, האָבן מיר אויך געהאַט מיט־גלידער פון ניו יאָרק. אייניקע פון די גענאָסן, אין דעם קאָאָפּעראַטיוון הויז זייִנען געווען די גענאָסן: געוועגטער און זיין מיידל, קערמאַן, אָקסלער, י. קאַטץ (קעטצנבוים), ברוידע, יעטע, וויינמאַן, איך און אַנדערע; צוזאַמען 12 מיטגלידער.

יעדן זונטיק האָט מען אַרונטערגענומען פון יעדנס „פיידע" (געהאַלט) אַ דאָלער פאַר די הוצאות. די לאַסט פון די הוצאות איז צעטיילט געוואָרן אויף אַלעמען גלייך.

ווען מיר האָבן שוין געהאַט אין באַנק ‎$350, האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן קויפן אַ פאַרם. עס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ייד, וועלכער האָט אונדז געוואָלט פאַרקויפן אַ פאַרם פאַר ‎$8000, אייַנצאָלנדיק ‎$2000. איך האָב געקעמפט קעגן דעם, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם „מאַיאָנטעק" פון קאַרמעל. מיין הויפּט־אַרגומענט איז געווען: מיר האָבן ‎$350; וואו קענען מיר נעמען צו געבן שוין פולע ‎$2000?

צו דער צייט איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע די באַוואוסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערקע יעקאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ. קיין פילאַדעלפיע איז זי געקומען פאַר צוויי וואָכן צייט. די פילאַדעלפיער „פּאַרלאָר ראַדיקאַלן" האָבן זיך געפרייט און זייִנען געווען זיכער, אַז זי וועט שטיין ביי זיי. מיר האָבן גענומען אַרבעטן, זי זאָל איינשטיין ביי אונדז אין דעם קאָאָפּעראַטיוון הויז, ווייל ווי קען דאָס גאָר געמאָלט זיין, עס זאָל זיין אַנדערש! און געזיגט האָבן מיר טאַקע. אויסגעקליבן האָט זי צו זיין מיט אונדז, די פּראָלעטאַריער. די שמחה דערפון קען מען זיך שוין פאָרשטעלן.

דאָס זייִנען פאַרבליבן צוויי היסטאָרישע וואָכן פון שיינע, ליבע דערינערונגען! נאַכט נאָך נאַכט איז מען זיך צוזאַמענגעקומען. די „באַבושקאַ" האָט אונדז אַלעמען געהאַלטן געשפּאַנט מיט אירע באַצויבערנדע זכרונות פון אירע איבערלעבונגען אין רוסלאַנד. ווען זי

פלעגט מיד ווערן, האָט דר. חיים זשיטלאָווסקי געזונגען רעוואָלוציאָ־נערע לידער, און געזונגען האָט ער מיט אונדז געשמאַק, אַז מען פלעגט אויך אים אויסמאַטערן זינגענדיק, ווי די — „באַבושקאַ״ דערציילנדיק אירע זכרונות.

דאָס הויז האָט שוין אָנגעהאַלטן 8 חדשים. עס האָבן אָנגעהויבן אַרויפשווימען די זעלבע אורזאַכן, וועלכע מאַכן צונישט יעדן אידעאַלן עקספּערימענט: די אומפעאיקייט פון די פּערזאָנען, וועלכע באַווייזן זיך דורך די אמתע אפּזיכטן, צוליב וועלכע די מערסטע שליסן זיך אָן אָן אַלערליי באַוועגונגען.

צום ביישפּיל: געוויסע געוועזענער האָט געבראַכט מיט זיך זיין מיידל. געדאַרפט האָט ער זי שיקן אין אַ סאַניטאַריום פאַר קאָנסאָמפּ־טיווס (שווינדזיכטיקע); האָט ער אויסגעפונען, אַז דאָ, אין דעם קאָאָ־פּעראַטיוו, וועט אים קאָסטן ביליקער. אונדזער ראַדיקאַלע קעכין איז געווען באַזעלט פון אונדזער ראַדיקאַלן געדאַנק. אַזוי ווי זי איז געווען אַ „חנעוודיקע״ — חתונה צו האָבן, האָט זיך אויף איר אָפּגעזוכט אַ בעלן אין אונדזער הויז. צום אומגליק פון אונדזער הויז דאַרף זיך אַרויסווייזן, אַז ער האָט גאַרנישט געמיינט מיט איר חתונה האָבן. שולדיק געמאַכט דערינגען האָט, פאַרשטייט זיך, אונדזער קעכין גע־מאַכט דאָס גאַנצע הויז, אונדז, אַלע מיטגלידער . . .

דאָס אַריינקומען פון געלטער איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן. איך האָב דערזען אַז דער אידעאַל ביי די מערסטע קאָמונאַרן, אויב מען קען זיי אַזוי אָנרופן, איז געווען צו האַלטן דאָס הויז, ווייל עס קאָסט ביליקער רענט. איך בין פאַר דעם צוועק נישט געווען איבעריק באַגייסטערט.

צום סוף איז אונדזער פּלאַן פאַר אַ קאָמונע דורך דער גרינדונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוון הויז איז אויפגעגעבן געוואָרן. מיר האָבן צו־ריקגעגעבן יעדן זיין חלק אַריינגעטראָגענע געלט.

נאָך אַ חלום האָט זיך פאַרענדיקט אין אַ זייפנבלאָז מיט אַנטוי־שונג און ווייטיק.

### אַ נייער קאָמוניסטישער עקספּערימענט

ס׳זיינען אַוועק אייניקע יאָרן; ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן בענ־קען נאָך קאָאָפּעראַטיווער אַקטיוויטעט. עס איז אָנגעקומען אַ געוויסער מרס. לעווין, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווילן צו טאָן אַרבעט. געוויסע קאַפּלאַן האָט אונדז געשריבן פון באָסטאָן, אַז ער איז וויליק צו קומען מיט זיין פרוי, וועלכע וועט אויך קענען זיין אַ קעכין. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען ביי אונדז איינע פון די וויכטיקסטע זאַכן אין קענען אויסהאַלטן אַ הויז.

מיר, די פילאַדעלפיער, זיינען אַוועק זוכן אַ הויז. געפונען האָבן

מיר דאָס מאָל אַ 6־צימערדיק הויז אויף מוירס סטריט פאַר $15 אַ חודש. די מיטגלידער זיינען געווען: גענאָסע לעווין און זיין פרוי, גענאָסע קאַפּלאַן און זיין פרוי, גענאָסע סאַראַמבער און איך — 6 אין צאָל.

אַלץ איז אָנגעגאַנגען שיין און גוט; עס איז געווען ריין און ציכטיק. איך האָב שוין אָנגעהויבן וועבן מיינע חלומות פאַר דער צו־קונפט; איצט, האָב איך געטראַכט, אַז מיר זיינען אַזוי קליין אין צאָל, איז אונדזער דערפאָלג אַ געזיכערטער.

אָבער מיין פרייד איז געווען אַן אומזיסטע, אַ צו־פריעדיקע. ווידער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי פּאַראָורטיילט עס איז יעדער אינדיווידועלער עקספּערימענט, ווען די יעניקע, מיט וועלכע מען גייט צום טיש, באַ־טייליקן זיך נישט אין דער אַרבעט צוליב און פאַר דעם באַאַבזיכטיקטן אידעאַל, פאַר וועלכן צוועק דער עקספּערימענט ווערט אָנגעפירט. נאָך מער, אין אַ סך פאַלן האָבן געוויסע אינדיווידואומס אַבסאָלוט אַב־זיכטלעכע אַנדערע צוועקן, פאַר וועלכע זיי ווערן מיטגלידער.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און עס איז קלאָר געוואָרן, אַז גע־נאָסע קאַפּלאַן איז געקומען מיט דעם צוועק צו ברענגען אין דעם קאָ־אָפּעראַטיוון הויז אַ געליבטע, וועלכע ער האָט געהאַט אין ניו יאָרק. צווישן דער געליבטער און קאַפּלאַנס פרוי איז אָנגעגאַנגען אַ שריפט־לעכע מלחמה . . . ווען גענאָסע קאַפּלאַנס פרוי האָט זיך דערוואוסט אַז די געליבטע וויל קומען, איז זי גלייך איינגעגאַנגען דערויף. זי האָט גאַנץ אָפן דערקלערט, און גענאָסע קאַפּלאַן האָט דערפון געוואוסט, אַז זי פּלאַנט צו באַגיסן דער געליבטערס געזיכט מיט קאַרבאָליק־עסיד. איר האָט נישט געאַרט, האָט זי געזאָגט, ווען זי זאָל אַפילו דאַרפן גיין אויפן עלעקטריק טשער (טויט־שטראָף).

דאָ האָט זי אָנגעהויבן באַקומען בריוו פון דעם מיידל, אַז זי איז זייער קראַנק. גענאָסע קאַפּלאַנס פרוי איז צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל זי ברענגען אין קאָאָפּעראַטיוון הויז. זי האָט חרטה און אַנער־קענט אַלס נאַריש די אַלע בריוו וואָס זי האָט געשריבן.

גענאָסע קאַפּלאַן האָט מיט מיר אַן עצה וועגן דער נייער ווענדונג פון זיינע ליבעס . . . איך זאָג אים: איך האָב שטאַרק מורא, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ פּלאַן פון זיין פרוי צו ברענגען זיין געליבטע, כדי בעסער צו קענען דורכפירן איר פּלאַן.

מיר איז גראָד אויסגעקומען אין דער צייט צו זיין אין ניו יאָרק און איך האָב זיך באַגעגנט מיט גענאָסע קאַפּלאַנס געליבטע. דאָס איז געווען די שוין דערמאָנטע ווירע בייער, אין וועלכער גענאָסע עלטשער איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרליבט. איך האָב איר געראַטן פאַר קיין פאַל נישט צו קומען, ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז די נאַרישסטע זאַך וואָס אַ מענטש קען טאָן איז געבן עצות אין ליבעס־פאַרהעלטענישן. אויס־

געוויזן האָט מיר, אַז זי וועט טאַקע פאָלגן מיין עצה; אזוי האָט זי מיר געזאָגט, האָט מיר נאָך אַפילו געדאַנקט פאַר דער עצה.

פלוצלונג, אַ שבת קומט אַ טעלעגראַמע, אַז זי קומט דעם זעלבן טאָג. גענאָסע קאַפּלאַן און פעני, זיין פרוי, פאָרן צו דער באַן־סטאַנציע זי באַגעגענען. מען ברענגט זי, פאַרשטייט זיך, אין אונדזער קאָאָפּע־ראַטיוון הויז. מען האָט זיך געקושט, איך מיין די צוויי קאַנ־קורענטקעס, ווירע בייער און פעני קאַפּלאַן. זונטיק איז אונדזער גאַנצע קאָמונע אַרויסגעפאָרן אין פאַרק. מיר האָבן זייער אַנגענעם פאַרבראַכט. אויפן מאָמענט האָט טאַקע אויסגעוויזן, אַז עס וועט זיין גוט.

מאָנטיק אין דער פרי זיינען מיר אַלע אַוועק צו דער אַרבעט, איבערלאָזנדיק פעניען און ווירען אין הויז. דעם אמת געזאָגט, איז אַלץ צוגעגאַנגען צו גוט און פריינטלעך. איך האָב געפילט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט עפּעס געשען. און עס איז געקומען אַ סך פריער ווי איך האָב געדענקט.

צוערשט האָט פעני געמאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרסמען ווירען דורך אַריינטאָן סם אין אַ גלאָז סעלצער. ווען דאָס האָט זיך איר נישט איינ־געגעבן, האָט זי איר דערלאַנגענדיק אַ גלאָז קאַפּע אויף איר אויסגע־גאָסן אַ צוגעגרייט טעפּל הייסע פעטס. מען האָט ווירען גלייך צוגע־נומען אין הארימען האספּיטאַל. וועלנדיק אויסמיידן דאָס אַריינמישן זיך פון געזעץ, און שעמענדיק זיך אויך פאַר דער עפנטלעכער מיינונג, האָבן מיר אַנגעגעבן אַז עס איז געווען אַ צופאַל: זי האָט זיך דורך אומפאָרזיכטיקייט אַליין אָפּגעבריט.

ווירע בייער איז אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל 6 וואָכן. זי האָט געהאַט געווגוג יסורים אויסצושטיין. מען האָט געשניטן שטיקער הויט פון איר קערפּער און פאַרלאַטעט איר צעשעדיקט געזיכט. און אַ דאַנק דער הויכער קענטעניש פון די דאָקטוירים איז געוואָרן, אַז ביים אַרויסגיין פון שפּיטאָל האָט מען קוים דערקענט אַז זי האָט געהאַט אַזאַ צעשע־דיקט פּנים, ווי מיר האָבן געזען ביי איר יענעם מאָנטיק, ווען עס איז געווען די גרוילטאַט.

פעני קאַפּלאַן איז אויפן צווייטן טאָג פון איר אַקט אַוועק מיט אירע קינדער צוריק קיין באָסטאָן. ווירע באַיער איז אָפּגעפאָרן, נאָך איר אַרויסגאַנג פון שפּיטאָל, צוריק קיין ניו יאָרק און האָט גענומען רומס מיט גענאָסע קאַפּלאַן.

איך האָב געדענקט, אַז קאַפּלאַן איז אונדזערער אַ גענאָסע, אַ קאַ־מעראַד, וועלכן דער שיקזאַל פון לעבן האָט פאַראורזאַכט אַזאַ טרויע־ריקע ליבע־טראַגעדיע. האָבן אָבער די שפּעטערדיקע פאַקטן באַוויזן, אַז ער האָט נישט פאַרדינט דעם נאָמען גענאָסע.

די קינדער מיט פעניין האָט ער איבערגעלאָזן אויף הפקר, אַן וועלכער עס איז פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיט ווירע בייער האָט ער

געהאַט אַ קינד, און שפּעטער געהאַט די חוצפּה צו באַהויפּטן, אַז דאָס קינד איז נישט זיינס, שוין אָפּגערעדט פון טראָגן וועלכע עס איז פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און מיר האָבן באַקומען אַ נייעם גרוס: קאַפּלאַן האָט שוין געפונען אַ נייעם קרבן, אַ גרינע מיידל, אַ גענאָסע פלאָרע, וועלכע איז נאָר־וואָס געקומען פון לאָנדאָן.

ווירע בייער האָט זיך פאַראייניקט מיט אַ שפּאַנישן גענאָסע און איצט איז זי שוין נישט צווישן די לעבעדיקע. און איך מוז נאָך באַמערקן, אַז קאַפּלאַן איז דער זעלבער קאַפּלאַן וואָס איז שפּעטער מיט יאָרן אָפּגעזעסן אַ לאַנגן טערמין אין טורמע צוזאַמען מיט די מעקנאמארא ברידער אויף דער באַשולדיקונג פון העלפן אויפרייסן די רעאַקציאָנערסטע טעגלעכע ציטונג פון אַמעריקע — די „לאָס אַנדזשעלעס טיימס".

קאַפּלאַנס ליבע־אַפּערע האָט גיך פאַרענדיקט דעם צווייטן פאַרזוך פון אַ קאָמונאַלן הויז . . .

## IX

# ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען די היינטיקע אינטערנעשאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן

## די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק אין 1909

די מערסטע יידישע יוניאָנס, ווי איך האָב שוין איין מאָל דערמאָנט, פלעגן זיין וואָס עס וואָלט אַמבעסטן געפּאַסט אָנגערופן צו ווערן — סעזאָן יוניאָנס. יעדן נייעם סעזאָן האָט מען געסטרייקט. נאָך יעדן סעזאָן איז כמעט נישט געבליבן קיין סימן פון אַ יוניאָן.

אין 1909 בין איך געווען אַן אָרגאַניזער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין פילאַדעלפיע. דער דאַמאָלסטיקער גענעראַל סעקרעטאַר פון דער אינטערנעשאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן איז געווען י. דייטש. שיקט ער מיר אַ בריוו צו קומען קיין ניו יאָרק און העלפן אויף דאָס ניי אָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער יוניאָן. איך ענטפער, אַז איך בין וויליק צו קומען נאָר איך מוז האָבן אויף הוצאות. אין זעקס וואָכן אַרום באַקום איך ערשט דאָס געלט פאַר דעם צוועק.*)

---

*) אין 1903 איז ב. שלעזינגער געווען פּרעזידענט פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. דער אָפיס איז געווען אין אַ סאַלון. פלעגט דער סאַלונקיפּער קומען צוהילף דער יוניאָן. ער האָט אַפילו געגעבן אַ 300$ רינג פאַר 75$ כדי די יוניאָן זאָל האָבן געלט צו ברענגען שלעזינגערן פון שיקאַגאָ קיין ניו יאָרק.

אנגעקומען אין ניויארק פארפאר איך אין אפיס פון דער קלאוק־מאכער יוניאן, וואס איז היינט באוואוסט אונטערן נאמען „די אינ־טערנעשאנאל ליידיס גארמענט ווארקערס יוניאן". דער אפיס האט זיך דאן געפונען אין 25 דריטע עוועניו, אויפן צווייטן פלאר (עטאזש) אין די הינטערשטע צימערן. אין דעם צימער פון אפיס האט זיך גע־פונען א צעבראכענער טיש און בענקל, ווי אויך אן אלטער סעיף (פייר־קאסע). מען האט מיר גלייך דערציילט, אז געלט אין סעיף איז דא אזוי ווינציק, אז פאר חדשים לאנג האבן שוין נישט דער סעקרעטאר דייטש און נישט דער פרעזידענט אברהם ראזענבערג באקומען קיין סענט שכירות. און דאס זעלבע איז אויך געווען מיט רענט און טע־לעפאן. דער איינציקער וואס פלעגט ראטעווען די סיטואציע איז געווען סעמועל גאמפערס, דער פרעזידענט פון דער „אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר", וועלכער פלעגט אפט ארייננשיקן א טשעק.

די מער טעטיקע מיטגלידער אין דער יוניאן זיינען דאן געווען: פאליאקאוו, דייטש, ראזענבערג, מיטשעל, קאפלאן, קליינמאן, וואלף און שאר.

מען האט גערופן די ערשטע פארזאמלונג, וועלכע איך האב באַ־דארפט אדרעסירן. צו יענער צייט האט געהערשט אין דער קליידער־אינדוסטריע אן איינפאכער טעראר מצד די באלעבאטים. ארבעטער האבן פשוט מורא געהאט דורכצוגיין פארביי דעם אפיס פון דער יוניאן, שוין אפגערעדט פון אריינגיין. דאס באכשפיאנירן ארבעטער און די מורא פאר דעם שטיקל „דזשאב" האט געבראכט צו דעם צו־שטאנד. די מער געטרייע יוניאן־לייט, די מער קלאסן־באוואוסטזיניקע פלעגן ברענגען זייערע דיוס אין אוונט, ווען שפיאנען האבן נישט געקענט אזוי לייכט באמערקן יעדן איינעם. אין שאפ, אין דרויסן, אויף דער גאס איז דער שפיאן געווען די הויפט־געוועהר, מיט וועלכער די קלאוק באלעבאטים האבן געהאלטן די קלאוקמאכער פארשקלאפט.

די פארזאמלונגען, וועלכע מיר האבן גערופן, זיינען געווען דער־פאלגרייך. די ארבעטער האבן אנגעפילט די האלס יעדעס מאל. אין א פאר וואכן נאך מיין זיין אין ניו יארק איז געלונגען צו ארגאניזירן איינעם פון די גרעסטע דאמאלסטיקע שעפער, „סליוויק בראדערס".

די ארבעטער זיינען געווען צוגעוואוינט צו האנדלען אליין מיט די באלעבאטים, די יוניאן איז בלויז געווען א סעזאן־סטראשידלע. אויפן דריטן טאג נאך דעם ווי „סליוויק בראדערס" שאפ איז ארגא־ניזירט געווארן, פארלויפט זיך אזא געשיכטע:

אן ארבעטער באקומט פון פארמאן א ספעציעלע ארבעט, וועלכע מוז זיין פארטיק ארום איינס אזייגער. קומט איינס אזייגער, דער פארמאן קומט צו — דער ארבעטער האט אפילו זיך נאך נישט גענומען

צו דער „ספּעשל" אַרבעט. דער פֿאָרמאַן פֿרעגט אים — פֿאַרוואָס? ענט־פֿערט אים דער אַרבעטער: „דרייט ניט קיין ספּאָדיקן!" קומט שפּעטער דער באַלעבאָס נאָך דעם „ספּעשל", געפֿינט ער אויס, אַז מען אַרבעט אַפֿילו נישט דערויף; בייזערט ער זיך. דער אַרבעטער פֿוילט זיך נישט, ווויסנדיק אַז עס איז אין סעזאָן און בפֿרט נאָך אין אַן אָפֿיציעלן יוניאָן־שאַפּ, ענטפֿערט ער אים אין אַ מין רוסישן מי שבירך. פֿאַרשטייט גראָד נישט דער באַלעבאָס קיין רוסיש, פֿוילט ער זיך נישט און גייט צום בוכהאַלטער, ער זאָל אים איבערזעצן. ווערט, פֿאַרשטייט זיך, אַן אָנגעצונדענער און לויפֿט צוריק צום אַרבעטער מיט אַן אויסגעשריי: „סעי, סעי איט עגעין" (זאָג, זאָג עס נאָך אַ מאָל).

דער אַרבעטער פֿוילט זיך נישט און חזרט איבער דעם מי שבירך. דער באַלעבאָס לאָזט אים איבער אַ געשוואָלענע באַק. קומט דער אַר־בעטער אין דער יוניאָן און טרעפֿט מיך. איך שיק אים צום לאָיער פֿון דער יוניאָן, מאיר לאָנדאָן. און צו דער זעלבער צייט רוף איך אויף אַ מיטינג פֿון גאַנצן שאַפּ. ביים מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן: באַ־שטראָפֿן דעם באַלעבאָס מיט נישט טאָרן זיך באַווייזן אין שאַפּ דריי חדשים, און אויך צאָלן $15 אַ וואָך צו דעם אַרבעטער אַזוי לאַנג ווי ער וועט נישט קענען קומען אין שאַפּ.

די פֿאַרזאַמלונגען, וואָס מיר האָבן גערופֿן, זיינען טאַקע געווען אַ דערפֿאָלג, אָבער אַריינקריגן נייע מיטגלידער, מיט וועלכע מען זאָל ווירקלעך קענען אויפֿבויען אַ יוניאָן, דאָס איז דערווייל נישט געווען. הייסט עס, אַז מיט „פּאַטשן בראַוואָ" וועט מען טאַקע נישט בויען קיין יוניאָן.

ווער איך נישקשהדיק פּעסימיסטיש און נעם אַרומגיין איבער די רעדאַקציעס פֿון די יידישע צייטונגען.

## די יידישע פּרעסע און די קלאָוקמאַכער יוניאָן

צום ערשטן בין איך געקומען צו געגאָסע ש. יאַנאָווסקין, דעם רעדאַקטאָר פֿון „די פֿרייע אַרבעטער שטימע", האָב אים געבעטן צו שרייבן און קומען ריידן פֿאַר די קלאָוקמאַכער. זיין ענטפֿער איז גע־ווען: „די קלאָוקמאַכער זיינען אַ באַנטש (כאַליאַסטרע) פֿון גאַרנישטן. דו וועסט מער אויפֿטאָן, אויב דו וועסט אַרויספֿאָרן אויף אַ טור געבן לעקציעס."

דערנאָך בין איך געקומען צו יאָהאַן פּאָליי, אַליין אַ סאָציאַליסט, און דעמאָלט דער רעדאַקטאָר פֿון „אידישן טאַגעבלאַט". אויסגעהערט מיך, ענטפֿערט ער קורץ און שאַרף, אַז זייער צייטונג גיט זיך נישט אָפּ מיט אַזעלכע זאַכן.

קום איך אַרויף צו לואי מילערן, דעם רעדאַקטאָר פֿון דער דאַ־

מאָלסטיקער „וואָרהייט". אויסגעהערט מיך, זאָגט ער מיר צו צו טאָן אַלץ אין דער וועלט, אָבער דערשינען איז אַפּילו קיין איין וואָרט נישט וועגן די קלאָוקמאַכער אין דער „וואָרהייט".

צולעצט קום איך צום „פאָרווערטס". איך לאַד איין אַב. קאַהאַנען און ב. פייגענבוימען צו קומען ריידן. קאַהאַן דערקלערט, אַז ער איז נאָר־וואָס אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל נאָך אַן אָפּעראַציע; אָבער די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס" וועלן אַלע מאָל זיין אָפן פאַר העלפן אָר־גאַניזירן די אַרבעטער.

און דער „פאָרווערטס" איז טאַקע געווען די איינציקע יידישע צייטונג, וועלכע איז געווען אָפן פאַר אונדז און פאַר דער אַרבעטער־אָרגאַניזירונג פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

## דער אַרבעטער רינג און די קלאָוקמאַכער יוניאָן

די הילף פון „פאָרווערטס" האָט אָבער נאָך נישט געבראַכט די טויזנטער קלאָוקמאַכער אין דער יוניאָן. פאַלט מיר איין אַ געדאַנק, אַ נייער פּלאַן: אַזוי ווי דער אַרבעטער רינג האָט 20 טויזנט מיט־גלידער, די מערסטע מיטגלידער געפינען זיך אין ניו יאָרק, מוז דאָך צווישן זיי זיין אַמווייניקסטן 2 טויזנט קלאָוקמאַכער.

אַ קאָמיטע פון פּאָליאַקאָוו, דייטש און איך קומען צו דער עקזע־קוטיווע פון אַרבעטער רינג און איך דערקלער זיי די טרויעריקע לאַגע פון די קלאָוקמאַכער און פון אונדזער יוניאָן. מאַך איך פאַר זיי קלאָר, אַז עס איז אויך זייער מאָראַלישע פליכט צו העלפן לייגן דעם פונדאַ־מענט פון אַ גרויסער, שטאַרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן. טוען זיי דאָס ניט, טאָ העלפן זיי אומדירעקט די פאַרזעצונג פון סקעבעריי־אָפּען־שאַפּס. מיין קאָנקרעטע פאָדערונג איז, אַז דער אַרבעטער רינג זאָל פאַררופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע אַרבעטער רינג ברענטשעס אין ניו יאָרק און אויף דער קאָנפערענץ זאָלן אויסגעאַרבעט ווערן פּלענער ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו יאָרק.

די עקזעקוטיווע פון אַרבעטער רינג שטימט איין צו מיין פּלאַן און האָט גלייך פאַררופן אַ קאָנפערענץ.

איך בין אַוועק צו מאיר לאָנדאָנען, ער זאָל מיר העלפן און קומען אַדרעסירן די קאָנפערענץ.

די קאָנפערענץ איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. גערעדט האָבן מ. לאָנדאָן, י. דייטש און איך. די דעלעגאַטן האָבן געשוואָרן, אַז פון איצט און ווייטער מוז יעדער קלאָוקמאַכער, וועלכער איז אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג, ברענגען מיט זיך אויך אַ מיטגליד־קאַרטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט אַלס רעזולטאַט פון דער קאָנפערענץ אַריינגעקראָגן 3 טויזנט נייע

מיטגלידער. אָט אַזוי איז עס געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער קלאָוקמאַכער יוניאָן, וועלכע האָט מיט דערפאָלג דורכגעפירט דעם באַרימטן גענעראַל סטרייק פון יאָר 1910 — אַ גענעראַל סטרייק, וועלכער האָט געפירט צו דער אָרגאַני־זירונג פון די קלאָוק־ און דרעסמאַכער אין מעכטיקע יוניאָנס, נישט נאָר אין ניו יאָרק, נאָר אויך אין אַלע אינדוסטריעלע צענטערס פון אַמעריקע, וואו דיביידע אינדוסטריען געפינען זיך.

## דר. הילל זאָלאָטאַרעוו

אין מיטן דער כמעט מיט פולן דערפאָלג געקרוינטער אַרבעט פון העלפן אָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער יוניאָן, פונקט דעמאָלט ווען עס האָט ביים צוגעגרייט ווערן דער גענעראַל־סטרייק פון 1910, ווער איך קראַנק און מוז זיך אַרייַנלייגן אין בעט.

ווען איך בין קראַנק געוואָרן, רופט מען צו מיר אַ דאָקטאָר — דר. בוקמאַן פון לבנון האָספּיטאַל אין ניו יאָרק. פאָרן וויזיט האָט ער גענומען צוויי דאָלער און באַשמירט דעם פוס. אָבער שמיר אַהין, שמיר אַהער, עס העלפט נישט. פאַלט מיר איין אַ געדאַנק: מיר האָבן דאָך אייגענע דאָקטוירים. רוף איך אַריין די פרוי, ביי וועמען איך בין געשטאַנען, און בעט זי זיין אַזוי גוט און אָפּרופן אויפן טעלעפאָן דר. זאָלאָטאַרעוו.

עס האָט אַפילו נישט גענומען קיין שעה און עס קומט אַריין גע־נאָסע דר. הילל זאָלאָטאַרעוו, און אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן וויצלען מיר זיך וועגן אַלץ. ער נעמט זיך צו מיר.

„וואָס ביסטו פאַרקראָכן אַזוי הויך? איך קען דאָך שוין נישט כאַפּן דעם אָטעם און וועל נאָך באַלד אַליין דאַרפן אַ דאָקטאָר. וואָס ליגסטו אין בעט? אַז דיר טוט וויי אַ פוס רופסטו מיך? וואָס וויים איך פון פוס־קראַנקהייטן? רוף אַ פוס־דאָקטאָר. דאָס איינציקע וואָס מען האָט מיך אויסגעלערנט איז ווי אַזוי צו העלפן האָבן אַ קינד, נאָר אַזוי ווי איך בין שוין דאָ, לאָמיר זען. דאָ, אויף דעם אָרט, טוט דיר וויי? דאָ נישט? וואָלט עס געווען אַן אויסערדיקע מכה וואָלט איך געוואוסט (און זינגט אונטער מיט אַ גמרא־ניגון), עס קאָן אָבער מעג־לעך זיין, אַז דאָס איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ מכה פון רומאַטיזם. בלייבט דאָך די קשיא, וואָס פאַר אַ סאָרט רומאַטיזם איז עס? דאָ טוט דיר וויי? איז דאָס נישט קיין רומאַטיזם. וואָס זשע איז עס פאָרט? גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס איז גאָר אַן אינפלעמיישאָן (אַ גע־שווילעכץ) אין ביין. (אַזוי רעדט ער צופנדיק דאָס בערדל.) און עס קען אויך גאַנץ מעגלעך זיין, אַז עס איז טובערקולאָז אין ביין . . . דאָ טוט דיר וויי? הייסט עס, אַז מיט דיין הילף האָב איך שוין טאַקע באַלד ווירקלעך געטראָפן. דאָס באַדייט כמעט זיכער, אַז דו ליידסט

פון טובערקולאָז. איז דאָך טאַקע דער דר. בוקמאַן אַ שווינדלער און די פּאָר דאָלער האָט ער ביי דיר גענומען אומזיסט. וואָס זשע בלייבט איצט צו טאָן? נעם זיך צוזאַמען אויף אַלע פיר און גיי אין „פּאָוסט גראַדיואייט האָספּיטאַל", דאָרט וועט מען דיר נעמען אַ פאָטאָגראַפישע „עקס־ריי" פון פוס, און דאַן וועלן מיר שוין במילא וויסן אויף זיכער." נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעזונגען און זיך אָפּגעוויצלט פון מיין קרענק, איז ער אַוועק.

די „עקס־ריי" האָט באַוויזן, אַז אונדזער איצט שוין פאַרשטאָר־בענער קאַמעראַד, דר. הילל זאַלאַטאַרעוו, האָט שוין גאָר געוואוסט וואָס עס איז ביי מיר די קרענק. עס איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז איך לייד פון טובערקולאָז אין די דזשאָינטס (געלענק).

אַ באַרימטער כירורג, דר. עלבע, האָט געמאַכט אויף מיר די אָפּעראַציע און, פאַרשטייט זיך, אַז געגנאָסע זאַלאַטאַרעוו איז מיך אָפּט געקומען זען.

די אָפּעראַציע איז געווען די צווייטע אין דער כירורגישער גע־שיכטע פון אַמעריקע. די ערשטע איז פאָרגעקומען אין דענווער. אויס־קורירן דעם טובערקולאָז נישט אויסשניידנדיק דאָס געזונטע מיטן קראַנקן טייל פון דזשאָינט, נאָר אויסשניידן בלויז דעם קראַנקן טייל און עס אָנפילן מיט צעמענט, איך זאָל נישט דאַרפן טראָגן קיין אייזן — דאָס איז אין יענע צייטן געווען עפּעס אויסערגעוויינלעכס. דער דר. עלבע האָט זיך מיט מיר אַרומגעטראָגן און געגעבן לעקציעס פאַר די סטודענטן איבער דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס ער האָט געהאַט איבער מיר.

נאָך דעם ווי איך בין אַרויס פון שפּיטאָל האָט מען מיך טראַנס־פּערירט קיין פילאַדעלפיע. צוזאַמען בין איך אָפּגעלעגן אין בעט אַ 5 חדשים צייט.

די קלאָוקמאַכער האָבן אַרויסגעצייגט זייער ליבע און אנערקענונג צו מיר. זיי האָבן מיר אַריינגעבראַכט די אומדערוואַרטעטע גרויסע הילף מיט $3,000, וועלכע סומע האָט מיר געהאָלפן נישט נאָר אין דער קרענק, נאָר אויך שפּעטער צו קענען דורכקומען עקאָנאָמיש.

## דער קלאָוקמאַכער סטרייק אין פילאַדעלפיע—1913

פילע געדענקען נאָך יענעם היסטאָרישן סטרייק פון די קלאָוק־מאַכער אין פילאַדעלפיע, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן זעקס חדשים. אין מיטן פון יענעם סטרייק איז איינער פון די פּיקעטס, קאַפּלאַן, דער־שאָסן געוואָרן אויף טויט פון אַן אויסגעהונגערטן אַרבעטער, וועלכער איז צוריקגעגאַנגען אַרבעטן אין צייט פון סטרייק. די לוויה פון קאַפּ־לאַנען איז געווען איינע פון די איינדרוקספולסטע דעמאַנסטראַציעס, וועלכע די פילאַדעלפיער אַרבעטער האָבן ווען עס איז דורכגעפירט.

קאַפּלאַנס דערמאַרדונג האָט אַריינגעגעבן נאָך מער מוט און קאַמפּס־לוסט צו די באמת אויסגעהונגערטע סטרייקערס.

מיר, די יעניקע וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט צו דעם סטרייק, זיינען אַלץ מערער געוואָרן זיכער, אַז דער סטרייק וועט זיך ענדיקן מיט אַ דערפאָלג פאַר די אַרבעטער.

ביי מיר איז ביז היינט נישטאָ דער מינדסטער צווייפל, אַז דער סוף פון סטרייק וואָלט געווען ווי מיר האָבן דערוואַרט, ווען עס זאָל נישט געווען אַרויפשווימען צוויי אומדערוואַרטע פּאַסירונגען.

די ערשטע און די הויפּט פּאַסירונג איז געווען, אַז די באַלעבאַטים האָבן דערקלערט, אַז זיי זיינען וויליק צו פאַרהאַנדלען מיט אַ קאָמיטע פון סטרייקערס, אָבער נישט מיט דער סעטלמענט אָדער סטרייק קאָ־מיטע פון דער יוניאָן. מאַקס עמדור איז דאַן געווען דער פירער פון סטרייק; ער האָט געוואָלט ווייזן ווי שטאַרק די יוניאָן און דער סטרייק איז, אַז ווען די באַלעבאַטים וועלן זיך צוזאַמענקומען מיט וועלכער עס איז קאָמיטע, וועלן די פאָדערונגען בלייבן די זעלבע ווי די, וועלכע די יוניאָן האָט אַרויסגעשטעלט. און די האַנדלונג פון עמדורן איז געווען דער גרעסטער פעלער, וואָס האָט נאָר געקענט אָפּגעטאָן ווערן. עס האָט איינפאַך דעם סטרייק פאַרחתמעט אויף אונטערגאַנג. אין דער ווירקלעכקייט איז די פאָדערונג פון די באָסעס (ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן), געווען נישט מער ווי אַ טריק. דערהערט, אַז מען גיט זיי נאָך די פאָדערונג, האָבן זיי דאָס פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען צעשפּאָלטן און אָפּגעשוואַכט. און ביים צוזאַמענקומען זיך מיט דער קאָמיטע פון די סטרייקערס, האָבן זיך די באַלעבאַטים ברוטאַל אויס־געלאַכט פון די פאָדערונגען פון דער קאָמיטע.

דאָס וואָס די באַלעבאַטים האָבן אָפּגעטאָן און דערקלערט איז, אַז איצט ערשט וועלן זיי פאַרציען דעם קאַמף ביז זיי וועלן אונדז באַזיגן. וואָלט עס זיך אפשר גאַרנישט אַזוי לייכט איינגעגעבן, ווען עס זאָל צו אונדזער אומגליק נישט געווען אויסגעבראָכן אין יענעם מאָמענט דער קאַמף צווישן די הויפּט־באַאַמטע אין דער אינטערנע־שאַנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן און יצחק אייזיק הורוויטשן מיטן לאָקאַל 1. די פינאַנציעלע אַמוניציע, וועלכע האָט אונדז גע־האָלפן אָנפירן דעם סטרייק, איז ביז יענעם מאָמענט געקומען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק. דער אינערלעכער קאַמף פון ניו יאָרק האָט פּאַקטיש אָפּגעשטעלט די ווייטערדיקע מעגלעכקייטן פון שטיצן אונדז פינאַנציעל.

מיר איז שווער צו שילדערן וואָס איך האָב איבערגעלעבט וואָך־איין וואָך־אויס, טאָג־איין טאָג־אויס, ווען איך האָב באַדאַרפט באַגייס־טערן די אַרבעטער, אַז סוף כל סוף וועט דער זיג מוזן קומען און איצט האָב איך עס באַדאַרפט זיין דער יעניקער, וואָס זאָל אַרויפגיין און

דערקלערן די אַרבעטער די נאַר־וואָס באַשריבענע לאַגע און — גע־
ענדיקט . . .

„נו, אַרבעטער, די באַלעבאַטים האָבן אונדז באַזיגט. זאָלן זיי
אָבער נישט דענקען פאַר איין מאָמענט, אַז זיי האָבן אונדז באַזיגט
אויף אימער. אונדזער אַמוניציע איז אויסגעגאַנגען. אויך היינט, אין
דעם זעלבן מאָמענט וואָס מיר גיבן אויף דעם קאַמף, וועלכן מיר האָבן
אָנגעפירט פאַר זעקס לאַנגע חדשים, הייבן מיר אָן מאַכן פאַרבאַריי־
טונגען פאַר אַ נייעם קאַמף! און מעגן די קלאָוק־באַלעבאַטים זיך
פרייען, זייער פרייד וועט אָבער זיין אַן אומזיסטע! אַזוי גיך ווי די
יוניאָן וועט נאָר קענען וועט זי אויף דאָס ניי אָנהייבן דעם גערעכטן
קאַמף פאַר אונדזערע פאָדערונגען.“

עס איז געווען איינער פון די טראַגישסטע מאָמענטן אין מיין
לעבן. טרערן און געוויין האָט געשטיקט די אויסגעהונגערטע אַרבעטער,
קלאָוקמאַכער אין אַרטש סטריט טעאַטער.

אָבער מיין נביאות איז נאָך מער ווי פאַרווירקלעכט געוואָרן.

די באַלעבאַטים האָבן זיך אויסגעלאַכט פון די אַרבעטער און זיי
נאָך מער עקספּלואַטירט און באַליידיקט. דער כעס פון די אַרבעטער
איז געוואַקסן אַזוי גרויס, אַז די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט זיך געפילט
בכוח צוזאַמענצורופן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג, שוין נישט מער אין אַרטש
סטריט טעאַטער, נאָר אין דעם גרעסטן האָל פון שטאָט, וואָס ס'איז
נאָר געווען צו באַקומען — „די אַקאַדעמי אוו מיוזיק“. דער האָל איז
געווען איבערגעפּאַקט. דער כעס פון די אַרבעטער האָט זיך אויסגע־
דריקט אין אַן איינשטימיקן פעסטן באַשלוס, אויף דאָס ניי אָנהייבן
דעם קאַמף דורך אַרויסגיין אין אַ גענעראַל־סטרייק. מיר האָבן צוגע־
גרייט און אָפּגעדרוקט אויפרופן פאַרן גענעראַל־סטרייק. אַלץ איז גע־
ווען גרייט און פאַרטיק פאַר דער באַנייאונג פון קאַמף.

די באַלעבאַטים האָבן שוין מער נישט געלאַכט. די עפנטלעכע
מיינונג האָט זיך אַריינגעמישט און געבראַכט צו אַ שלום. די באַלע־
באַטים האָבן אָנערקענט די קלאָוקמאַכער יוניאָן אַלס די קערפּערשאַפט,
מיט וועלכער זיי מוזן פאַרהאַנדלען אין זייערע באַציאונגען מיט די
אַרבעטער וועגן די אַרבעטס־באַדינגונגען אין זייערע שעפּער.

דאָס פערד וואָס שלעפּט אַרויס פון בלאָטע . . .

אין טאָראָנטאָ האָט די קלאָוקמאַכער יוניאָן געהאַט אַ סך צרות
פון דעם ווייל ס'האָט זיך געהאַלטן אין גרינדן אַן אומאָפּהענגיקע (אַי.וו.וו.)
יוניאָן. אין אַזאַ קריזיס שיקט מען געוויינטלעך נאָך מיר. איך בין גע־
קומען און געהאַלטן אַ רעדע פאַר דער אָפּאָזיציע, מיטן רעזולטאַט,
אַז זיי האָבן זיך אַלע גלייך צוריק אָנגעשלאָסן אַן דער אַמעריקאַן
פעדערײשאַן אָוו לייבאָר.

אַזוי גיך ווי דאָס איז געשען האָט מען מיך געהייסן פאָרן צוריק אַהיים. דער אויסרייד איז געווען, אַז מען דאַרף אַן אָרגאַנייזער וועל־כער זאָל קענען ענגליש.

אַ צווייטער ענלעכער פאַל איז פאָרגעקומעןביים קלאָוקמאַכער סטרייק אין 1916, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן אַ צייט. אַז דער סטרייק איז שוין געווען אין פערטן חודש און מען האָט אָנגעהויבן מורא האָבן אַז דער ענטוזיאַזם פון די סטרייקערס ווערט שוואַכער, בין איך אויך אַרומגעגאַנגען צו פיל יוניאָנס אַפּעלירנדיק און זאַמלענדיק הונדער־טער דאָלערס שטיצע. נאָכן סטרייק האָט מען מיך, ווי געווייינלעך, העפלעך געבעטן „גיין באַך הויזע".

און דאָס דערמאָנט מיך אויך אָן אַ שיינעם אַנעקדאָט.

אונדזער געוועזענער גענאָסע ס. שאָר האָט אַמאָל זיך אויסגע־דריקט עפּנטלעך: „גענאָסע וויינבערג דערמאָנט מיך אָן יענעם פערד, וואָס ווען מען האָט געדאַרפט עמיצן אַרויסשלעפּן פון אַ בלאָטע איז מען אָנגעקומען צום פערד." ווען עס איז נאָר ענג אין דער יוניאָן אָדער שלעכט אין צייט פון אַ סטרייק, שיקט מען נאָך מיר, און דערנאָך פאַרגעסט מען גלייך אין מיר.

X

# דער קאַמף צווישן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג

## די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיגט אין דער פּענטס־מאַכער יוניאָן

די פּענטסמאַכער, ווי כמעט אַלע יידישע יוניאָנס, זיינען געווען אונטער דעם אַנאַרכיסטישן איינפלוס. יאָפּע, אַן איצטיקער דראַגיסט, איז געווען אַ מיטגליד. מאָסקאָוויטש, דער איצטיקער פּרעזידענט אין דער חברה־קדישא, איז אויך געווען אַ מיטגליד. אָט אין דער צייט איז אָנגעקומען קיין פילאַדעלפיע אַן אַנטלאָפענער „פּאָליטישער", אַ מאַרקסיסט, פון סיביר, דזשאָן מאַרגאָלין. די ערשטע אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, איז געווען צו פאַרכאַפּן די יוניאָנס פאַרן פּאָליטישן קאַמף. באַשליסט אַ יוניאָן, אַז דער פּאָליטישער קאַמף איז דער איינציקער מיטל — דאָן מיינט עס ביי אים (ווי אויך ביי אַלע אָדער כמעט אַלע מאַרקסיסטן), אַז די דערלייזונג פון פּראָלעטאַריאַט איז שוין פאַרזיכערט.

פּוילט זיך נישט מאַרגאָלין און קומט צו אַ מיטינג פון דער יוניאָן „קעפּטשורן" זי פאַרן פּאָליטישן קאַמף. פּאָדערט מען ביי אים אַ יוניאָן־ביכל. האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט. עס ווייזט זיך אַרויס,

אַז ער אַרבעט אַפּילו נישט אין טרייד. בעט מען אים פאַרלאָזן דעם האָל.

מאַרגאָלין פאַלט אָבער ביי זיך נישט אַראָפּ. ער לערנט זיך אויס דעם טרייד, ווערט אַ מיטגליד פון דער יוניאָן. דערנאָך קומט ער צו אַ מיטינג, ווען עס זיינען גראָד געווען ווינציק באַזוכער. נעמט מען אויף דאָס ביי אויף די פראַגע וועגן אָנערקענען פּאָליטישע אַקציע. ער וויל אויך וויסן, וואָס איך, נישט קיין פּענטסמאַכער, טו ביים מיטינג. די מערסטע „גרינע" ביים מיטינג האָבן מיט אַ מאַיאָריטעט אָנערקענט פּאָליטישע אַקציע. מאַרגאָלינס באַגייסטערונג איז שווער צו באַשרייבן. דאָס איז געווען ביי אים דער גרעסטער זיג פאַרן סאָציאַליזם, און אַלס די גרעסטע נידערלאַגע פאַר דעם אַנאַרכיזם. מאַרגאָלין איז אויך געווען אַן אַטעאיסט. יעדן יום־כּיפּור פלעגט ער נעמען אַ וועגעלע און אַרומפאָרן איבער אַלע שולן.

### ווי אַזוי לואי מילער האָט באַקעמפט אַנאַרכיסטן

לואי מילער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון „פאָרווערטס" און איז אויך געווען דער ערשטער „פאָרווערטס"־רעדאַקטאָר. מילער פלעגט אָפט קומען צו אונדז אין פילאַדעלפיע ריידן. נאָך מיין מיינונג האָט מילער געגעבן דעם בעסטן פאָרטראַג איבער קאָאָפּעראַציע, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט.

אין פילאַדעלפיע איז דאַן אָנגעגאַנגען אַ פאַרביטערטער, לאַנגער סטרייק פון די קלאָוקמאַכער וועגן איינעם אַ באַלעבאָס מיטן נאָמען בלום. (וועגן דעם סטרייק און די פאַרפאָלגונגען האָב איך שוין דערציילט). דער סטרייק האָט געדויערט 6 חדשים, דערנאָך איז ער אויפגעגעבן געוואָרן. די אָנפירער פון סטרייק זיינען דאַן געווען גענאָסן ברענער און שטאָלער.

אין יענער צייט האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן געהאַסט די אַנאַרכיסטן ווי דעם טויט. וואו נאָר עס איז געווען אַן אַקטיווע אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער עס האָט אויסגעבראָכן אַ סטרייק, זיינען מיר, די אַנאַרכיסטן, געווען די פירער. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט עס, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווי געטאָן, און זיי האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אָנגעווענדט אַלערליי מעטאָדן אונדז צו דיסקרעדיטירן פאַר די אַרבעטער.

צוויי וואָכן נאָך דעם פאַרלאָרענעם סטרייק קום איך אַריין צו גענאָסע שטאָלערן אין הויז. איך גיב אַ קוק — מילער זיצט פאַרטיפט אין אַ געשפּרעך מיט שטאָלערן. זעץ איך זיך און הער זיך צו. מילער נעמט אַלע מאָל נאָטיצן. באַלד נאָך מילערס פאַרלאָזן דאָס הויז, פרעג איך שטאָלערן, צי ער ווייסט מיט וועמען ער האָט גערעדט. שטאָלער ענטפערט, אַז דאָס איז אַ רעפּאָרטער פון „פאָרווערטס". שריי איך

שוין אויס אויפן קול: ווייסט ווער דאָס איז? — דאָס איז לואיקע מילער, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס"!

מיר האָבן גלייך דערפילט, אַז גלאַט אַזוי זיך איז מילער נישט געקומען פון ניו יאָרק זיך פאַרצושטעלן אַלס אַ רעפּאָרטער פון „פאָרווערטס". קלער אַהין און קלער אַהער, וויסן באַשטימט דעם צוועק פון זיין האַנדלונג האָבן מיר נישט געקענט. מיר האָבן אָבער לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן עס אויסצוגעפינען.

גלייך אויפן צווייטן טאָג דערשיינט אַ קעפּל, וועלכעס פאַרנעמט כמעט אַלע קאָלומס אויף דער ערשטער זייט „פאָרווערטס", וואָס לייענט זיך: „פילאַדעלפיער קלאָוקמאַכער סטרייק, פאַרקויפט פון 2 אַנאַרכיסטישע פירער"! וואָס מיר האָבן געפילט, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן. טאַקע נאָר סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן געקענט אָפּטאָן אַזאַ שטיקל פאַרלוימדערישע אַרבעט. מיר האָבן געענטפערט אויף דעם מיט אַן אַרטיקל אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע".

## מ. זאַמעטקין איבער אַנאַרכיזם *)

אייגנטלעך האָט מ. זאַמעטקין געזאָלט ריידן — אַזוי איז געשטאַנען אויף הענד־בילס שוואַרץ אויף וויס — אויף דער טעמע: „אויף וויפיל מערער פרייהייט וועט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט געבן אַלס די קאַפּיטאַליסטישע?" אַראַנזשירט זיין לעקציע האָבן, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון פילאַדעלפיע.

איך בין דאַן צופעליק געקומען צו דער לעקציע פאָדערן, מען זאָל מיך לאָזן זאָגן אַ פּאָר ווערטער פאַר דעם יוניאָן־לייבל אויף ברויט. אַזוי ווי מען האָט מיר געגעבן די פּלאַטפאָרמע פאַר זאַמעטקינס לעקציע, האָב איך געמאַכט דעם אויפרוף. נישט האַלטנדיק פון כלל, אַז איין רעדנער טאָר נישט הערן דעם צווייטן, בלייב איך זיצן אויף דער פּלאַטפאָרמע צו הערן די לעקציע. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מיין בלייבן זיצן אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געווען אַ שרעקלעכער טעות פון מיין זייט. זאַמעטקין, געבנדיק אַ שטרענגען קוק אויף מיר דורך זיינע שווערע ברילן, האָט אָנגעהויבן צו מאַכן אַן אַטאַקע אויף דעם אַנאַרכיסטישן אידעאַל. וועגן זיין טעמע האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן, און איך געדענק נאָך ביז היינט דעם הויפּט־אינהאַלט פון זאַמעטקינס אַטאַקע.

ערשטנס, איז די אַנאַרכיסטישע אידייע קעגן דער מענשלעכער נאַטור. דער אַנאַרכיזם איז אין דער ווירקלעכקייט אַן אוטאָפּיע.

---

*) ווי איך האָב שוין דערציילט, האָבן געוויסע ניו־יאָרקער סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע כדי צו באַקעמפן די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג.

צווייטנס, קען נאָך די איצטיקע געזעלשאַפט נישט סעטלען וועלכע עס איז פראַגע אויסער ווי אויף דעם באַזיס פון אַ מאַיאָריטעט איבער דער מינאָריטעט. „און שטעלט זיך פאָר, ווי אומזיניק דאָס וואָלט געאַרבעט אין דער ווירקלעכקייט: מען גייטיקט זיך אין פילאַדעלפיע אין אַן אַקאַדעמיע פון מוזיק; מען דאַרף האָבן סטאָליאַרעס, מויערער, טרעגערס און אַנדערע; קומען נישט די טרעגערס, קומען סטאָליאַרעס; קומען נישט קיין מויערער, קומען טרעגערס; אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס, עס איז דאָך נישט אַזאַ זאַך, אַז זיי מוזן קומען. אין אַן אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפט מעג דאָך יעדערער טאָן וואָס ער וויל, וואָס זיין האַרץ גלוסט.

„אָדער נעמט אַ צווייטן ביישפיל: איך בין אַ ליבהאָבער פון לאָקשן. עס איז איצט אַן אַנאַרכיסטישע געזעלשאַפט. איך קום אַריין אין זייערן אַ רעסטאָראַן, וויל עסן לאָקשן; נישטאָ קיין לאָקשן; אָבער איך וויל דאָך לאָקשן — בלייב איך ביים ווערלן.

„אָדער אַ דריטער פאַל: אין דרויסן גייט אַ רעגן, עס איז קאַלט. איך זיץ אין מיין צימער און לייען אַ בוך, דערמאָן איך זיך, אַז ערגעץ אין אַ האָל וועט באַלד שטיין אַ מאַן און געבן אַ לעקציע פאַרן פאָלק; פאַרמאַך איך דאָס בוך און גיי אַהין, וואו די מאַיאָריטעט רופט, דאָס פאָלק.“

און זאַמעטקין צעהיצט זיך — וואַרפט אַראָפּ זיין ראָק און צע־נעמט דעם קראַגן — און קראַך אין דעם אַנאַרכיזם. פאַרוואָס דער אַנאַרכיזם איז אַן אומזיניקע אוטאָפּיע . . . חזרט איבער נאָך אַ מאָל זיינע אַטאַקעס. ווען ער פאַרענדיקט, זעצט ער זיך אַוועק שטאַרק אויסגעמאַטערט.

דער פאָרזיצער מאַכט באַקאַנט, אַז עס איז דאָ אַ שעה צייט פאַר פראַגן און דעבאַטן. אַזוי ווי קיינער שטעלט זיך נישט אויף צו פרעגן, וויל שוין דער פאָרזיצער שליסן די פאַרזאַמלונג.

שטעל איך זיך שוין אויף און בעט דאָס וואָרט.

איך לייען איבער דעם הענד־ביל און פרעג ביי אַלעמען: „האָט זאַמעטקין גערעדט איבער דער אָדער טויזנטער אַנדערע טעמעס, אָבער נישט איבער דער אַדווערטייזטער, נאָר גאָר — „איבער אַנאַרכיזם“? נו, וועל איך דאָך שוין מוזן פאַרטיידיקן דעם אַנאַרכיזם. זאַמעטקין האָט זיך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אָפּגעשטעלט אויף דער מאַיאָרי־טעט און מינאָריטעט. אָבער דאָס זיינען דאָך אַרגומענטן, וועלכע יעדע־רער וואָס באַלאַנגט צו אַ חברה וועט אייך געבן צו יעדער צייט. פּאַסט זיך דאָס פאַר אייך, פריינט זאַמעטקין? ליגט טאַקע די גערעכטיקייט אַלע מאָל ביי דער מאַיאָריטעט? לאָמיר אַ נעם טאָן די וועלט־געשיכטע. וואָס איז גאַלילעיעס און קאָפּערניקס וויסנשאַפט און פיל אַנדערע אַזעל־כע ביישפילן? ווער איז געווען גערעכט, די מינאָריטעטן צי די מאַיאָ־

ריטעטן? אין דעם וואָס די גאַנצע וועלט האָט געגלויבט — איז דערין טאַקע געלעגן דער אמת?"

„פריינט זאַמעטקין האָט מורא, אַז אין דער אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפט וועט מען נישט קענען בויען קיין „אַקאַדעמיע פון מוזיק", ווייל איין טאָג וועלן פעלן די סטאָליאַרעס און אַ צווייטן טאָג די טרעגערס. וואָס וועט פריינד זאַמעטקין טאָן אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז די סטאָליאַרעס וועלן נישט קומען? ער האָט וועגן דעם פאַרפעלט צו זאָגן. ביי אונדז אַנאַרכיסטן איז דאָ אַזאַ זאַך ווי פאַראַנטוואָרטלעכקייט. האָט דער מענטש פאַרשטאַנד און אַ באַציאונג, וועט ער מיט פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פרייוויליק דורכפירן יעדע אונטערנומענע אַרבעט. האָט ער עס ניט, וועט ניט העלפן דער „מוז", מעגט איר אָוועקשטעלן וויפיל געזעצן איר ווילט.

„יעדערער ווייסט, אַז אַ סאָלדאַט איז אַ סאָלדאַט און אַ פריזאָנער (אַרעסטירטער) גיט אַרויס ווייניקער אַרבעט ווי אַן אַרבעטער אין פאַבריק, און דאָך איז דער פריזאָנער אָדער סאָלדאַט מער אונטערוואָרפן דעם „מוז" ווי דער אַרבעטער אין פאַבריק.

„מערקווירדיק, מיט מיר האָט אויך געטראָפן, אַז איך זיץ און לייען אַ בוך — „קוקנדיק צוריק" פון בעלאַמי — אין דרויסן איז גראָד געווען שיין. איך דערמאָן זיך פּלוצלינג, אַז פריינט זאַמעטקין „רעדט"... אָבער איך פיל נישט קיין רוף, נאָר אַ געשמאַקן באַגער איינצודרעמלען."
(דער עולם האָט זיך צעלאַכט.) זאַמעטקין פאַרקאַטשעט די אַרבל און נעמט זיך צו מיר.

„ווען ווייזבערג וואָלט געלערנט און פאַרשטאַנען עפּעס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָלט ער מיט זיין פיינעם קאָפּ און נשמה נישט חוזק געמאַכט. איך זאָג נישט, אַז קראָפּאָטקין אָדער באַקונין זיינען משוגע, נאָר זייערע געדאַנקען זיינען משוגע."

איך באַמערק: ווייזט אויס, אַז ביי זאַמעטקינען זיינען די געדאַנקען מיט אים איינס און דעריבער ביידע נישט קלאָר.

אַלס ענטפער פאַרלירט זיך שוין זאַמעטקין אין גאַנצן; נעמט מיר נאָכקרימען ווי איך רייד און קרימט אויך נאָך ווי אַזוי איך הינק אונטער אויף מיין צעבראָכענעם פוס.

ביים אַרויסגיין נאָך דער „לעקציע" קומט צו זאַמעטקין און אַנטשולדיקט זיך, „אַז מען צעהיצט זיך, טויג ניט" — גיט מיר זיין האַנט און מיר גייען אין אַ רעסטאָראַן.

## וויליאַם עדלינס אַ סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע לעקציע

כמעט דאָס זעלבע האָט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט פּאַסירט, ווען וויליאַם עדלין איז געקומען קיין פילאַדעלפיע געבן אַ לעקציע איבער דער טעמע — „דער צוזאַמענהאַנג פון מאַרקס לערע מיט דאַרוויניזם".

און איך בין אויך דאָס מאָל געווען ביים מיטינג אַ קאָמיטע מאַן. עדלין האָט גערעדט איבער אַ שעה צייט וועגן דער ביאָגראַפיע פון מאַרקסן און דאַרווינען. ער האָט איבערגעגעבן אַלערליי דעטאַלן פון זייער פּערזענלעכן לעבן; ער האָט נאָר פאַרגעסן איין זאַך — וועגן זייערע לערעס.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך נישט געפוילט און נעמענדיק דאָס וואָרט האָב איך אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די ביאָגראַפיעס זיינען טאַקע זייער וויכטיק, אָבער וואו איז די וויסנשאַפטלעכע לעקציע איבער זייערע לערעס, וואָס דער הענד־ביל זאָגט? אַזוי קומט מען עס נעמען אויף זיכער די פּראָווינץ?

איך באַמערק, אַז בעת איך רייד בייגט זיך עדלין צו עדלין צום פאַרזיצער און פרעגט ביי אים נאָך ווער איך בין. ווען עס איז געקומען צום ענטפער האָט עדלין מיר געגעבן אַ פאַרציע, צעשרייענדיק זיך, רופט ער אויס פאַטעטיש: „פאַר אַ נאַר ווייזט מען נישט קיין האַלבע אַרבעט! צו ריידן וועגן די לערעס פון מאַרקסן און דאַרווינען פאָדערט זיך נישט איין לעקציע, נאָר אַמווייניקסטנס אַ 10־12 לעקציעס".

ווער זשע האָט געהייסן עדלינען זיך אונטערנעמען צו באַהאַנדלען די גאַנצע טעמע אין איין לעקציע?

## דער „פּאָרוועדטס", דער אַרבעטער רינג און די פּראָגרעסיווע יידישע געווערקשאַפטן

אַ סך מאָל פּראָבירן שרייבער און רעדנער צו ענטפערן אויף דער פראַגע „וואָס מיינט עס אַזוינס" די „פּאָרווערטס"־מאַשין? ווער איז עס אין דער אמתן יענע מאַכט און קראַפט, וועלכע פירט אָן מיט דער מאַשין? זעלטן ווען באַקומט מען אויף דעם אַ קלאָרן ענטפער, וועלכער זאָל באַפרידיקן.

צופעליק קען איך פאַרענטפערן די אייביקע פראַגע, אומצופרידנשטעלנד און צופרידנשטעלנד. דאָס מעג זיך קלינגען זייער משונהדיק, אָבער, ווי איר וועט זיך דערוויסן, איז עס נישט ווייט פון דעם, ווייל פּאַסירט האָט מיט מיר צוויי פאַלן: איין פאַל ווען איך האָב זיך אָנגעשטויסן אָן דער מאַשין און נישט געוואוסט ווער די מאַשין איז, אָדער ווער עס פירט די מאַשין; דעם צווייטן מאָל האָב איך געהאַט דאָס „גליק" און דעם „כבוד" זיך אָנצושטויסן דירעקט מיט דער מאַשין, און מיט דער מאַכט וואָס טרייבט די מאַשין.

צוריק מיט שיינע עטלעכע צענדליק יאָר, ווען גענאָסע משה קאַטץ איז נאָך געווען אין אונדזער באַוועגונג, האָט זיך אים שטאַרק פאַרוואָלט, אַז דער אַרבעטער רינג זאָל מיך אַרויסשיקן אויף אַ לעקציע־טור. זיין טענה איז געווען: אויב מען מעג אַרויסשיקן אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטישע רעדנער, מעג מען דאָך כאָטש איין מאָל שיקן אָן אַנאַרכיסטישן רעדנער און אַזוי ווייטער. עס זיינען דאָ אַ סך אויס־

געשפּראָכענע אַנאַרכיסטן אין אַרבעטער רינג, מעג מען דאָך פּראָפּאָר־ציאָנעל כאָטש איין מאָל שיקן אַן אַנאַרכיסטישן רעדנער. אַזוי האָבן אַ סך געגאָסן גערעדט צוזאַמען מיט געגאָסע משה קאַטץ. און געגאָסע מ. קאַטץ איז אַוועק און עס פאָרגעלייגט דעם אַרבעטער רינג. קיינער האָט נישט געקענט אָפּלייקענען די לאָגישע און יושרדיקע אַרגומענטן פאַר דעם, און געגאָסע קאַטץ האָט פאָרגעלייגט, מען זאָל מיך שיקן אויף אַ לעקציע־טור. אָבער צו דער זעלבער צייט האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבעטער רינג געענטפערט „ניין". דאָס האָט געהייסן, אַז מיר, די בילדונגס־אָנפירער פון אַרבעטער רינג, וועלן קיין אַנאַר־כיסטישע רעדנער נישט שיקן. פאַרוואָס? פאַר ווען? וואו איז יושר? וואו איז פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט?

דאָ, ווי איר שטויסט זיך שוין מסתמא אָן, האָב איך זיך אָנגע־טראָפן אָן דער מאַשין און נישט געקענט ענטפערן, קאָנקרעט מיט פאַקטן, ווער זי איז און ווער עס שטייט הינטער איר. אָבער אַז אַ מאַשין אין אַרבעטער רינג איז דאָ, און זי האָט געשטערט מיך צו לאָזן אַרויספאָרן אויף אַ לעקציע־טור דערפאַר, ווייל איך בין אַן אַנאַרכיסט — דאָס האָבן אַלע געוואוסט און דאָס איז געווען ביי אַלעמען קלאָר.

* * *

שפּעטער מיט יאָרן, ווען עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז מאַקס פּיין האָט רעזיגנירט אַלס דער כמעט אייביקער סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן, קומט צו מיר צולויפן געגאָסע סעם שאָר מיט אַ פאָדערונג, אַז איך זאָל אָננעמען צו לויפן אויף מאַקס פּיינס פּלאַץ. צעלאַך איך זיך: „גאַנץ גוט, ווייסטו דען נישט, שאָר, אַז עס איז דאָ אַ „פאָרווערטס", וועט ער דען דערלאָזן צו דעם, אַז איך, אַן אַנאַרכיסט, זאָל ווערן דער אָרגאַנייזער פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן?"

ענטפערט מיר געגאָסע שאָר, אַז „דער „פאָרווערטס" איז טויט, דו נעמסט נאָר אָן ביסטו דערווײַלט!"

בין איך מסכים. נאָך דעם טרעף איך אָן ש. יאַנאָווסקין און דער־צייל אים וועגן דעם. און יאַנאָווסקי, אויף זיין כאַראַקטעריסטישן אופן, באַמערקט: „זאָג שאָרן, אַז ער איז אַן אידיאָט. אַב. קאַהאַן וועט קיינ־מאָל נישט דערלאָזן דו זאָלסט דערווײַלט ווערן."

באַגעגן איך געגאָסע שאָר, און ער ענטפערט: „זאָג יאַנאָווסקין, אַז ער הייבט נישט אָן וויסן וואָס ער רעדט!" און געגאָסע שאָר נעמט אַרויס אַ הענד־ביל און שטעלט אויס אויף אַ פּאַפּיר דעם נאָמען פון יעדן דעלעגאַט, וועלכער וועט שטימען פאַר מיר, און ווער עס וועט זיין קעגן, און די הייליקע באַשטעטיקערין פון גערעכטיקייט (און אין די מערסטע פאַלן אומגערעכטיקייט), איר מאַיעסטעט די מאַיאָריטעט איז אויף מיין זייט, שוואַרץ אויף ווייס . . .

און דער קאַמף צי איך זאָל זיין דער צוקונפטיקער סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן אָדער נישט, האָט זיך צעפלאַקערט אויף דעם הינטער־קוליסן שלאַכטפעלד, פון וועלכן עס איז קלאָר געוואָרן ווער די ווירקלעכע מאַשין איז און ווער עס פירט זי אָן.

מ. פיין איז געווען צעקריגט מיט קאַהאַנען, דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס". אין דער צייט פון זיין רעזיגנאַציע, ווען קאַהאַן האָט זיך דערוואוסט פון גענאַסע שאַרס אַרבעט, האָט ער גלייך געשיקט רופן מ. פיין און זיך מיט אים איבערגעבעטן. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן ווירקן אויף פיינען ער זאָל לויפן נאָך אַמאָל. ער איז באַ־שטאַנען אויף זיין רעזיגנאַציע.

דערזען אַז עס האַלט שמאָל, שיקט קאַהאַן רופן איינעם אַן איזי־דאָר קאַהען פון דער „פאָרווערטס־אַסאָסיאיישאָן", אַז ער זאָל אָננע־מען און לויפן קעגן מיר, כדי צו ראַטעווען די יידישע געווערקשאַפטן פון אַנאַרכיזם. איזידאָר קאַהען האָט איינגעשטימט אָנצונעמען די הייליקע מיסיע.

עס קומען אָן די לעצטע טעג פאַר דעם „עלעקשאָן", און יעדער דעלעגאַט פון די פאַראייניקטע אַרבעטער געווערקשאַפטן ווערט גערופן פון אַב. קאַהאַנען פאַר אַ ספּעציעלער באַראַטונג מיט אים. ווי מיר האָבן זיך דערוואוסט, האָט אַב. קאַהאַן מיט יעדן דעלעגאַט איבערגעחזרט דעם זעלבן אולטימאַטום: „אויב איר גיט אייער שטים פאַר דער דער־ווײלונג פון וויינבערגן, דעם אַנאַרכיסט, מעגט איר זיך געזעגענען מיטן „פאָרווערטס"; זיינע שפּאַלטן וועלן זיין טויט פאַר אייך."

ענדלעך איז געקומען דער יום־הדין, דער טאָג פון די וואַלן, און מערקווירדיק, דאָס נישט קוקנדיק אויף אַלע אַב. קאַהאַנס סטראַשונ־קעס, זיינען די שטימען געווען: 85 פאַר איזידאָר קאַהען און 79 פאַר מיר.

דאָס הייסט, אַב. קאַהאַן מיט זיין „פאָרווערטס" האָט געזיגט איבער מיר, דעם אַנאַרכיסט, מיט וואָסערע 6 שטימען. עס זאָל לעבן די גערעכטיקייט פון דער מאַיאָריטעט! . . .

מיט דעם האָט עס זיך נאָך נישט געענדיקט. דער זעלבער איזידאָר קאַהען האָט מיט אַ פּאָר חדשים פאַר זיין „דערוויילונג" אַלס סעקרע־טאַר פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן אָנגעשריבן אַן אַר־טיקל פול מיט באַשולדיקונג קעגן אַ סך פירער פון די יידישע יוניאָנס. דעם אַרטיקל האָט ער געשיקט צו דער „פרייע אַרבעטער שטימע". צו יענער צייט האָט דער דיסטריקט אַטורני פון ניו יאָרק אָנגעפירט אַן אונטערזוכונג וועגן כאַבאַר־באַשולדיקונג אין די יידישע יוניאָנס. ש. יאַנאָווסקי, דער רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע", האָט זיך דעריבער אָפּגעזאָגט צו דרוקן דעם אַרטיקל.

אַזוי גיך אָבער ווי איזידאָר קאָהען האָט מיך באַזיגט, האָט יאַנאָווסקין פאַרדראָסן אַב. קאָהאַנס האַנדלונגען און ער איז אַרויס די קומענדע וואָך אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" מיט אַן עדיטאָריעל, פאָדערנדיק אַז איזידאָר קאָהען זאָל זיך צוריקציען אַלס סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן, אָדער ער פאַרעפנטלעכט זיין אַרטיקל. דאָס האָט געווירקט און איזידאָר קאָהען האָט זיך גלייך צו־ריקגעצויגן.

אַב. קאָהאַן האָט דאַן ווידער געשיקט רופן מ. פיין. דאָס מאָל, ווען עס איז שוין געווען זיכער, אַז אין נייע וואַלן וועל איך, דער אַנאַרכיסט, אַרויס דער זיגער, איז קאַהאַנען געלונגען צו באַוועגן זיין ברודער־סאָציאַליסט — פיין. ער האָט אָנגענומען ווייטער צו זיין סעק־רעטאַר פון די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן.

די „פאָרווערטס"־מאַשין מיט דער מאַכט, וועלכע שטייט הינטער איר, — אָט־די מאַכט האָט טאַקע טריאומפירט קעגן גענאָסע ס. שאָר און מיר.

## XI

# סאָציאַליסטישע פערזענלעכקייטן

### מאָרים ווינטשעווסקי

איינמאָל, זייענדיק אין ניו יאָרק, טרעף איך אָן ווינטשעווסקין אויף דעם 3טער עוועניו עלעווייטאָר. פרעגט מיך ווינטשעווסקי וואו איך וואוין און פון וואַנען איך קום דאָס. ער איז געפאָרן פון אַ מיטינג אויך פון שלומס קאַפעטעריע. עס האָט לאַנג נישט גענומען און ווינ־טשעווסקי האָט גענומען אויסגיסן זיין פאַרביטערט האַרץ אויף דעם „פאָרווערטס".

דער „פאָרווערטס", זאָגט מיר ווינטשעווסקי, האָט געטאָן אַלץ צו פאַראַליזירן און פאַרניכטן די מעגלעכקייט איך זאָל קענען דינען דעם אַרבעטער־קלאַס. אָבער פולשטענדיק איז עס אים דאָך נישט גע־לונגען. איצט אַרבעט איך מיטן בלייפעדער אַלס אַן אקאונטענט, כדי אָפצוהיטן דעם אַרבעטערס געלטער אין אַרבעטער רינג און אין די יוניאָנס.

ווינטשעווסקי האָט נישט געוואוסט, אָדער נישט געוואָלט וויסן, אַז די גוטע געהאַלטן, וואָס מען האָט געצאָלט אים, און אויך פילע פון זיין פאַמיליע, וועלכע ער האָט אַריינגענומען צו העלפן אים אין דער אַרבעט, איז געווען צו פאַרדאַנקען דעם „פאָרווערטס" . . . דער „פאָרווערטס" האָט עס נישט געטאָן אַלס ליבע, נאָר צו שטילן ווינ־

טשעוווסקיס קעגנערשאַפט, און טײַלווײַז איז עס דעם „פאָרווערטס״ זייער גוט געלונגען.

* * *

אַ צווייטע, נישט קיין אַנגענעמע, באַגעגעניש, האָב איך געהאַט מיט ווינטשעווסקין אומדערוואַרטלעך, אין אַ פּאַבליק־סקול. אין ניו יאָרק איז געגעבן געוואָרן אַ קאָנצערט פון דער „אינטערנעשאָנאַל לײידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן״. פון אָפיס האָט מען מיך געבעטן גיין זאָגן אַ פּאָר ווערטער. איך קום אויפן פּלאַץ פון קאָנצערט און געפין ווינטשעווסקין, וועמען די קאָמיטע האָט איינגעלאַדן פאַרן זעלבן צוועק.

ווינטשעווסקי, אַלס אַ גוטער סאָציאַל־דעמאָקראַט, איז באַשטאַנען דערויף, אַז ער זאָל זיין דער לעצטער רעדנער, דאָס הייסט איבערלאָזן די הויפּט ווירקונג . . . איך האָב אים אָפּגעראַטן דאָס צו טאָן. ער אָבער איז באַשטאַנען אויף דעם צו זיין דער לעצטער רעדנער. אַזוי גיך ווי איך האָב געענדיקט ריידן האָט דער עולם זיך אַ לאָז געטאָן צו די טירן. דער פאָרזיצער בעט זיך: „גייט נישט אַוועק, מ. ווינטשעווסקי איז מיט אונדז און וויל ריידן.״ אומזיסט איז געווען זיין מי — דער עולם האָט נישט געהאַלטן פון ווינטשעווסקיס רעדנער־טאַלאַנט.

איך האָב עס געוואוסט און דערפאַר האָב איך געוואָלט ריידן דער ערשטער. ביים אַהיימגיין האָב איך געפילט זייער נישט אַנגענעם און ווינטשעווסקי, מסתמא, אַ סך ערגער פון מיר.

## דר. חיים זשיטלאָווסקי

איך האָב שוין דערמאָנט ווי אַזוי דר. חיים זשיטלאָווסקי פלעגט קומען יעדן אָוונט זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער ווען די „באַבושקאַ״ איז געקומען קיין פילאַדעלפיע, און זי איז דאָך געשטאַנען אין אונדזער קאָאָפּעראַטיוון הויז. דר. זשיטלאָווסקי איז גלייך באַליבט געוואָרן ביי אַלע אַרבעטער און איך בין גאָר באַגייסטערט געווען פון אים. און אַז מען האָט ליב אַ מענטשן וויל מען דאָך קומען אין נענטערער באַרירונג און אין אַ געמיינזאַמער אַקטיוויטעט מיט דער פּערזאָן, און דערצו האָב איך נאָך אָנגעהויבן אויסאַרבעטן וואונדערבאַרע פּלענער פאַר דר. חיים זשיטלאָווסקין.

אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָס איך וועל האָבן (נאָך זיין אָפּפאָרן פון פילאַדעלפיע קיין ניו יאָרק), האָב איך באַשלאָסן צו טרעפן זיך מיט אים און פאָרלייגן פאַר אים מיינע פּלענער. איך האָב אים אָפּגעוואַרט אין אַ רעסטאָראַן אויף דער איסט־סייד.

איך האָב גענומען אים פאָרלייגן מיין פּלאַן, וועלכן איך האָב צו־זאַמענגעשטעלט בקיצור ווי פאָלגט:

דר. זשיטלאָווסקי, מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע אַן אומגעהייער גרויסע אַרמיי פון יידישע אַרבעטער; זייער בילדונג איז זייער אַ באַ־גרענעצטע; די גרעסטע צאָל פון זיי זיינען אומוויסנד, קיינמאָל נישט האָבנדיק די געלעגנהייט זיך צו אַנטוויקלען. איר, מיט אייער קענטעניש און פייאיקייטן, וואָלט עס אַליין געקענט אויסנוצן פאַר העלפן דורכפירן די גראַנדיעזע אַרבעט, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. דער רעזול־טאַט דערפון וואָלט געווען פאַר אייך דער שענסטער מאָנומענט — העלפן דעם יידישן אַרבעטער זיך אַנטוויקלען, ער זאָל קענען אַליין דענקען. און איך בין זיכער, אַז איר אַלס באַוואוסטער רעוואָלוציאָנער פון רוסלאַנד וועט זיך פון דער אַרבעט נישט אָפּזאָגן.

און דר. חיים זשיטלאָווסקי ענטפערט מיר:

„איך שרייב איצט אַ בוך, נאָך דעם ווי איך וועל פאַרענדיקן די אַרבעט וועל איך אייך גלייך געבן אַן ענטפער."

איך וואַרט נאָך היינט אויף דר. חיים זשיטלאָווסקיס ענטפער.

## יצחק אייזיק הורוויטש

ווינציק פון די טוער אין אונדזער יידיש־ראַדיקאַלער באַוועגונג האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ אויפריכטיקע פריינטלעכקייט אין פּריוואַט־לעבן ווי יצחק אייזיק הורוויטש. ווער עס האָט אים געקענט פּערזענ־לעך, האָט אים באַלד ליב געקראָגן.

איך דערמאָן זיך דעם כעס וואָס זיין אַריינטרעטן אין דער „אינ־טערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן" האָט אַרויסגערופן ביי אַלע דזשאַב־האָלדערס אין דער יוניאָן און ספּעציעל ביים „פאָר־ווערטס" — אַ מענטש, וועלכן אַלע האָבן געקענט און געאַכט אַלס אַן אויפריכטיקן, ערלעכן מענטשן און נאָך דערצו אַ סטאַטיסטיקער. וואָס זשע קען ער דען באַצוועקן מיט זיין אַריינקומען אין דער יוניאָן, אויסער ווי וועלן מאַכן אין איר אַ „קלינינג", אַן אויסרייניקונג? . . .

גאַנץ מעגלעך, אַז די פּאָליטיקער פון דער יוניאָן און פון „פאָר־ווערטס" זיינען געווען גערעכט אין זייער מורא. און אַט־די ביידע קרייזן האָבן זיך גענומען אויף אים ביז מען האָט אים פאַרטריבן, נישט אַכטנדיק דערויף וואָס דער גרעסטער לאָקאַל פון דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן — לאָקאַל 1 (איינס) — האָט געקעמפט פאַר אים ביז דעם לעצטן מאָמענט.

* * *

אויפן געדאַנק קומט מיר אַ שיינער וויץ, טאַקע אין פאַרבינדונג מיט יענעם באַרימטן גענעראַל־סטרייק פון די קלאָוקמאַכער אין 1916; ווי דער אַגרימענט פון סעטלמענט איז צוריקגעוויזן געוואָרן דערפאַר, וואָס עס האָט זיך אין אַגרימענט געפונען דאָס וואָרט „פּול פלעדזשד"

(אַ פֿאָלקאָמענער), און אַזוי גיך נאָך דער נידערשטימונג פֿון אַגרי־מענט, ווי מען האָט דערקלערט די אַרבעטער די יידישע באַדייטונג פֿון דעם ענגלישן וואָרט „פֿול פלעדזשד", האָבן זיי אָנגענומען דעם אגרי־מענט. זיצט איינמאָל יצחק אייזיק און גיט אַ משל פֿון דער נאַר־וואָס דערמאָנטער פּאַסירונג:

„עס קומט אַמאָל צוגיין אַן אָרעמאַן צו אַ רבין פֿאַר אַן עצה, רופֿט זיך אָפּ דער אָרעמאַן, איך בין, נישט פֿאַר אייך געדאַכט, אַ גרויסער אָרעמאַן, איך מיט מיין גאַנצער משפּחה. מיר וואַלגערן זיך אַרום אין איין צימער, מיר ווערן איינפֿאַך דערשטיקט. וואָס טוט מען?

רופֿט זיך אָפּ דער רבי: האָט איר אפֿשר אַ ציג אין דערהיים?

ענטפֿערט דער אָרעמאַן: יע, רבי.

„טאָ נעמט זי אַריין צו זיך אין צימער".

„דער אָרעמאַן ווייסט נישט פֿון קיין חכמות — ער פֿאָרט אַהיים און נעמט אַריין די ציג אין ענגן צימער. עס העלפֿן נישט די געוואַלטן פֿונעם ווייב — פֿאַרפֿאַלן, דער רבי האָט געהייסן! דער אָרעמאַן זעט אָבער, אַז עס איז געוואָרן אַ סך ערגער, פֿאָרט ער שוין נאָך אַמאָל צום רבין. אויסגעהערט אים, האָט אים דער רבי געהייסן פֿאָרן אַהיים און אַריינגעמען אין צימער אויך די בהמה. פֿאָרט ער און נעמט אַריין די בהמה. עס איז געוואָרן ערגער; עס איז ממש נישטאָ וואו זיך אויס־צודרייען. פֿאָרט ער צוריק צום רבין. ערשט איצט, אַז ער האָט שוין אַלץ וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט אַריינגענומען אין צימער, ראָט אים דער רבי עס צוריק אַרויסנעמען, און נאָך דעם אַלעם לויפֿט דער אָרעמאַן צוריק צום רבין און שרייט אויס אויפֿן קול: „רביניו, עס איז מיר נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי גוט ווי איצט, נאָך דעם אַרויסלאָזן די ציג מיט דער בהמה פֿון שטוב."

אַזוי איז מיט דעם גענעראַל־סטרייק און מיט דעם וואָרט „פֿול פלעדזשד", וואָס די אָרעמע יידישע קלאָוקמאַכער האָבן נישט פֿאַר־שטאַנען, ווייל עס איז געווען געשריבן אויף ענגליש.

* * *

ווען דער צאַר אין רוסלאַנד האָט צוזאַמענגערופֿן די ערשטע דומע (1906), איז יצחק אייזיק גלייך צוריקגעפֿאָרן און זיך אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט פֿאַר דער דומע, און איז דורכגעפֿאַלן. נאָך זיין צוריק־קומען קיין אַמעריקע (וואו ער איז שוין פֿאַרבליבן ביזן סוף פֿון זיין לעבן), האָט ער אָפּגעהאַלטן אַ דעבאַטע מיט עמאַ גאָלדמאַן וועגן זיינע רעפֿאָרם־טעטיקייטן, וועלכע ווערן היינט אַזוי פֿיל געפּריידיקט אויף אַלע סאָציאַליסטישע, קאָמוניסטישע און אַפֿילו אויך אַנאַרכיסטישע פּראָנטן.

אַ מערקווירדיקער גורל איז געווען אויסגעגאָסן איבער זיין גאַנצן

לעבן און אַקטיוויטעט: ער איז געווען אַ פירער ביי די קלאָוקמאַכער, ווען ער האָט קיינמאָל נישט געקענט זיין קיין פירער אין דעם זין, ווי אַ „פירער״ דאַרף פירן אַ יוניאָן. ער איז געווען אַ רעגירונגס־אָנגע־שטעלטער, אַלס סטאַטיסטיקער, און קיינער האָט נישט געקענט שאַר־פער אַטאַקירן דעם שטאַט ווי דווקא עס פלעגט קענען טאָן יצחק אייזיק. ער האָט זיך באַטייליקט אין ברייענס פּאָפּוליסטן פאָלקס־פּאַרטיי, און אויך אין ט. רוזוועלטס „בול־מוז״ (ליבעראַליזם) פּאַרטיי. און זייער ווייניק זשורנאַליסטן האָבן אַזוי שטאַרק קריטיקירט דווקא ברייענען און רוזוועלטן ווי ער, יצחק אייזיק. ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָ־כענער מאַרקסיסט, און קיינער האָט מער פאַר אים נישט אַזוי קריטי־קירט מאַרקסן ווי ער. ער איז געווען פאַר אַלערליי רעפאָרם־פּאַרטייען, און אַליין דאָך נישט געקענט זיין קיין מיטגליד פון אַ פּאַרטיי.

אויף יצחק אייזיק הורוויטשן קען מען זיכער זאָגן: געלעבט אַ מענטש, וועמענס געדאַנקען זיינען געווען סאָציאַליסטיש און וועמענס נשמה ס׳איז אָבער געווען אַנאַרכיסטיש.

## XII

# „גאָלדענע״ געלעגנהייטן, וועלכע איך האָב דורכ־געלאָזן און אייניקע מאָדנע טיפּן און פּאַסירונגען

### מאיר לאָנדאָן און מיין „גאָלדענע״ געלעגנהייט

אָט איז נאָך אַ ביישפּיל פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועמען איך אַלס אַנאַרכיסט האָב אמת ליב געהאַט. איך ווייס נישט וואָס עס האָט מיך אין אים מער פאַרכישופט — זיין סימפּאַטישע, שאַרפע שטימע בעתן רײדן, אָדער זיין פּערזענלעכער מאַגנעטיזם.

אין 1907 איז מיר אויסגעקומען צו פאָרן ריידן אין אַנסאָניאַ, קאָנעקטיקוט, ביי אַ פאַרזאַמלונג וואו מען וועט שאַפן מאַטעריעלע הילף פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אויפן טרעין (באַן) טרעף איך אָן מאיר לאָנדאָנען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער פאָרט אויך ריידן צו דער זעלבער פאַרזאַמלונג.

דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען אַ געוועזענער רעפּובליקאַנער סטייט סענאַטאָר. מען האָט מיך געבעטן צו מאַכן דעם אַפּיל פאַר געלט. עס האָט אַריינגעבראַכט 300$, כאָטש מיין אַפּיל, פאַרשטייט זיך, איז געווען אין יידיש. דער פאָרזיצער אַליין פאַרשטייט נישט קיין יידיש; אורטיילנדיק אָבער פון דער באַגייסטערונג ביי די צוהערער, גיט ער אויך 10$.

נאָך דער פאַרזאַמלונג פרעגט ער ביי מאיר לאַנדאָנען, וועלכער האָט גערעדט אין ענגליש, ווער איך בין. לאַנדאָן שטעלט מיך פאָר און דער פאָרזיצער נעמט זיך צו מיר: „ביסט אַ וואונדערבאַרער רעדנער! דו האָסט דאָך געקענט, ווען דו וואָלסט געוואָלט, אַז די אַנוועזנדע זאָלן אַלע אויסטאָן די העמדער. דו ביסט גאָר אַ ציגאַרן־מאַכער! עס איז ווירקלעך אַ שאַנדע! ווייסט גאָר וואָס, איך האָב פאַר דיר אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט קיינמאָל מער נישט דאַרפן אַרבעטן ביי ציגאַרן. עס איז זעקס וואָכן פאַר די רעגירונגס־וואַלן; שטעל זיך אָפּ דאָ ביי אונדז אין שטאָט. דו וועסט דאַרפן האַלטן בלויז עטלעכע רעדעס און דיין צוקונפט איז געמאַכט.“ — איך רוף זיך אָפּ: „דאָס געלט וואָלט מיר טאַקע זייער גוט געקענט צונוץ קומען, אָבער איך גלויב נישט אין קיין פּאָליטיק, אַז וועלכע נישט איז פּאָליטישע פּאַרטיי זאָל קענען ברענגען נוצן אָדער אמתע הילף פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. דער שטאָט, די רעגירונג איז נוצלאָז. איך בין פאַר אַלגעמיינע רעכט פון אייגנטום, אָבער נישט פאַר פּריוואַט־אייגנטום, און אַלס אַנאַרכיסט, וועל איך בעסער זיצן אין שאַפּ, פאַרדינען מיט מיינע אייגענע הענט, איידער אָננעמען אייער פאָרשלאָג.“

דער געוועזענער רעפּובליקאַנער סענאַטאָר איז צוערשט געבליבן דערשטויגט פון מיין אָפּזאָגן זיך פון אייגענעם גליק. דערנאָך האָט ער אַפּעלירט צו מאיר לאַנדאָנען, אפשר פאַרשטייט איך נישט גוט זיין פאָרשלאָג, און מאיר לאַנדאָן רופט זיך אָפּ:

„איך פּרוואוו שוין מיט אים אַזוי פיל יאָרן אים צו מאַכן פאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און עס איז מיר נישט געלונגען, ווילט איר עס זאָל אייך געלינגען אים מאַכן פאַר אַ רעפּובליקאַנער? עס איז אַרויס־געוואָרפן אייער גאַנצע מי.“

דער פּאָליטיקער מיט זיין גאָלדענעם פאָרשלאָג איז געבליבן שטיין אַ פאַרוואונדערטער. זיין איינציקע באַמערקונג, וואָס ער האָט נאָך געהאַט מוט צו זאָגן, איז געווען: „איר זייט זייער נאַריש זיך אָפּצוזאָגן פון מיין פאָרשלאָג פאַר אייער צוקונפט.“

און אַזוי, ווי איר זעט, האָב איך דורכגעלאָזן מיין גאָלדענע גע־לעגנהייט.

## צווייטע „גאָלדענע געלעגנהייט“ ווידער דורכגעלאָזן

אין מיין לאַנגער פאַרבינדונג מיט דער בעקער־יוניאָן פון פילאַ־דעלפיע איז מיר אויך איינמאָל אויסגעקומען צו האָבן אַ „גאָלדענע“ געלעגנהייט. די בעקער־יוניאָן האָט אָנגעפירט סטרייקס קעגן פינף פאַרביסענע באַלעבאַטים. צווישן זיי זיינען געווען זאָגאָר אַ דאָקטאָר וויינפילד „דער גלח“ (ווי מען פלעגט אים רופן) און אַ פּאַסטאָר. כדי גיכער זיי צו באַזיגן, האָבן מיר באַשלאָסן צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיווע

בעקעריי נעבן ווייגפּילדס בעקעריי און דאָס איז אויסגעקומען די דריטע טיר, און נעבן די איבעריקע פיר האָבן מיר אָוועקגעשטעלט סטענדס מיט ברויט פון אונדזער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי.

עס זיינען אָוועק אייניקע וואָכן און מיר האָבן געפילט, אַז זיי זיינען שוין אַזוי גוט ווי באַזיגט. ווייגפּילד האָט שוין אַפילו נישט געהאַט גענוג אַרבעט פאַר קיין איין אַרבעטער, און דאָס זעלבע איז אויך געווען ביי די אַנדערע. אין דער צייט פון אַט אַזאַ סטרייק־לאַגע שיקט מיך ווייגפּילד, דורך זיין זון, רופן צו זיך. איך קום צוגיין און פרעג אים וואָס ער וויל; ער רופט זיך אָפּ: „ווי לאַנג וועט זיין דער תכלית צו סטרייקן? טאָמער וואָלטן מיר סעטלען?" איך זאָג אים: „אויב איר ווילט סעטלען, גיט נאָר סעקיורירטי פאַר אַ יאָר צייט, אַז איר וועט נישט ברעכן דעם אָפּמאַך, און באַצאָלט אונדז די קאָסטן פון עפענען די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי." — „דאָס וועט איר ביי מיר קיין־מאָל נישט אויספירן," איז געווען ווייגפּילדס ענטפער.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג באַקום איך שוין אַ נייע איינלאַדונג, און ווידער אַמאָל רופט עס מיך ווייגפּילד. אָבער דאָס מאָל שוין נישט צו זיך אַהיים, נאָר אין אַ „ראַטסקעלער" (דייטשן סאַלון) אויף בראַון און דזשוניפּער סטריט. איך קום אַריין און טרעף ווייגפּילדן מיט נאָך אַ מאַן. איך באַמערק ווי דער אַנדערער מאַן זעצט זיך ביי אַ טישל, אַזוי אַז ער זאָל קענען הערן און זען אַלץ וואָס עס וועט פאָרקומען. איך מאַך זיך, אַז איך באַמערק גאָרנישט. ווייגפּילד לאַדט מיך איין צו עסן; זאָג איך זיך אָפּ. „טרינקען?" — אַ גלאָז ביר. — „רויכערן" — אַ ציגאַר. ווייגפּילד נעמט זיך ריידן צו מיר: „ווי לאַנג דענקט איר, ווייגבערג, וועט איר קענען אָנהאַלטן דעם דזשאָב, אַלס אַן יוניאָן־אָר־גאַנייזער ביי די בעקערס?" איר ווערט שוין אַלט און מיד, און פאַר וועמען לייגט איר דאָס אָוועק אייער לעבן? פאַר „באַמס" און שיכורים? און וואָס טוט איר אויף מיט אייערע סטרייקס? איר האָט מיך רואי־נירט, איר האָט רואינירט די איבעריקע. איז דען נישט אַ פּלאַן אַלץ צו ענדיקן? מאַכט צו די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי און פאַרענדיקט דעם סטרייק. איר קענט עס טאָן ווען איר זאָלט נאָר וועלן, און מיר וועלן אייך גוט באַצאָלן. איך האָב דאָ מיט זיך $500 און איר באַקומט עס דאָ אויף דעם פּלאַץ, אַזוי שנעל ווי איר שטימט צו."

איך האָב גלייך חושד געווען, אַז דאָס איז געווען אַ כיטרער פּאַרזוך מיך צו קענען דיסקרעדיטירן פאַר די אַרבעטער, ווייל דאָס געלט איז מסתמא געווען געמאַרקט (געצייכנט) און דער מאַן האָט דאָס געזאָלט זיין דער עדות. איך ענטפער אים: „הערט מיך אויס, מר. ווייגפּילד, איר זאָלט צוזאַמענעמען אַלע דימענטן און גאָלד, מיט וועלכע אייער ווייב איז באַהאַנגען, און צוזאַמען מיט דעם וואָס איר טראָגט אויף זיך און איר זאָלט נאָך צולייגן דערצו די הייזער וואָס

איר פאַרמאַגט, וועט אייך אויך נישט געלינגען מיך, דעם אָרעמאַן, אָפּצוקויפן. איר מעגט זיך שעמען אין אייער ווייטן האלדז, אַריינצו־קומען און מאַכן מיר אַזאַ שענדלעכן פאָרשלאַג און נאָך דערצו באַ־שמוצן די אַרבעטער, וועלכע האָבן אייך דורך זייער פראַצע רייך גע־מאַכט. און מיט פינף טויזנט אָדער מיט פינף מיליאָן וועט איר מיך אויף אייער לעבן נישט קענען אָפּקויפן. דעם קאַמף קעגן אייך און די איבעריקע וועל איך ווייטער אָנפירן. ווער עס איז שוואַכער, דער וועט זיך אונטערגעבן. דער קאַמף, מעגט איר זיין זיכער, וועט זיך ענדיקן ערשט דאַן, ווען מיר וועלן האָבן אַ זיג אין אַלע שעפּער, וואו מיר פירן איצט אַן דעם סטרייק."

דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן טאַקע באַלד געפייערט אונדזער זיג אין אַלע סטרייקנדע שעפּער.

## מאיר ברוקס און די אינדאַסטריעל וואָרקערס אוף דהי וואָרלד (אַי דאַבליו דאַבליו)

גלייך נאָך דעם סטרייק איז אַ געוויסער מאיר ברוקס געוואָרן זייער אַקטיוו. זיין אַקטיוויטעט איז באַשטאַנען אין וועלן ווערן אַן אָרגאַנייזער ביי דער בעקער־יוניאָן. געזען, אַז ער קען דאָס נישט דער־גרייכן אַזוי לייכט, פאַלט ער אויף אַ געדאַנק: אַזוי ווי אין יענער צייט איז די „אַי דאַבליו דאַבליו" (א.וו.וו.) געווען זייער פּאָפּולער מיט די פילע סטרייקס, וועלכע זי האָט אָנגעפירט אין דער וועבעריי אינ־דוסטריע — נעמט מאיר ברוקס און מאַכט אַ פאַרזוך צו אָרגאַניזירן אין דער א.וו.וו. אַ יידישע בעקער־יוניאָן, אַן אָפּאָזיציע צו אונדזער בעקער־יוניאָן, וועלכע באַלאַנגט זינט איר גרינדונג צו דער „אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר".

אונטערן מאַנטל פון אַ רעוואָלוציאָנערן יוניאָן נאָמען האָט ער פּרובירט מיט געוואַלד אַריין אַלס באַאַמטער פון דער יוניאָן, און צו מיין גרויסער איבערראַשונג און אַנטוישונג האָבן זיך די מיטגלידער פון דער בעקער־יוניאָן דערשראָקן פאַר זיין פאַרזוך, און אנשטאָט אים צו באַקעמפן, האָט די יוניאָן אים גלייך אָנגעשטעלט אַלס אָרגאַנייזער. און אַזוי ווי זיין אידעאַל איז דאָך קיינמאָל נישט געווען די פּרינציפּן פון דער א.וו.וו., פון וועלכער ער האָט אין דערווירקלעכקייט אַפילו נישט געוואוסט, האָט ער זיך גלייך אָנגעכאַפּט אַן דעם אָנבאָט און איז געוואָרן אַ יוניאָן־אָרגאַנייזער.

מיר האָט עס ביטער וויי געטאָן. אַזוי פיל יאָרן אָוועקגעלייגט מי און פלאָגעניש פאַרן אויפבויען פון אַ בעקער־יוניאָן, קומט איצט צוגיין אַ קאַריעריסט און רייסט זיך מיט געוואַלד און שווינדל אַריין אין דער יוניאָן, און נאָך אַלס פירער דערצו. אַלס פּראָטעסט האָב איך גלייך רעזיגנירט.

מאיר ברוקסעס אַריינקומען אַלס אַ באַאַמטער אין דער בעקער־יוניאָן האָט געבראַכט דערצו, אַז איז אַ גאַנץ קורצער צייט האָבן די באַלעבאַטים אַנגעהויבן צו טאָן וואָס זייער האַרץ גלוסט, און די אַפּעך בעקער שפּעער האָבן זיך ווידער באַוויזן. צום גליק האָט מאיר ברוקסעס ממשלה ביי די בעקערס לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל ער האָט שנעל דערגרייכט זיין ציל — ער איז געוואָרן און געבליבן ביז היינט אַ בעקער־באַלעבאָס.

## יציאת מצרים און צוויי דעטעקטיווס

איינמאָל קומט צו מיר צוגיין אַ מאַן מיטן נאָמען קאָזלאָווסקי און לאַדט מיך איין צו געבן אַ לעקציע פאַר אַ סאָציאַליסטישער אָר־גאַניזאַציע. איך קום צוגיין אין האָל, צוויי דעטעקטיווס באַווייזן זיך און פרעגן ביי דעם קאָזלאָווסקין ווער דער רעדנער איז. ווייזט ער אָן אויף מיר. קומען זיי צו, איינער אַ ייד און איינער אַ קריסט, און ווילן וויסן איבער וואָס פאַר אַ טעמע איך וועל ריידן. זאָג איך זיי, אַז די טעמע איז „יציאת מצרים". קוקט דער קריסטלעכער דעטעקטיוו אויף דעם יידישן, און דער יידישער דעטעקטיוו דערקלערט אים: „דאָס מיינט די עמיגראַציע פון די יידן פון מצרים." לאַכן זיי פון דער טעמע. פרעגט מיך איינער: „וואו וואוינסטו?" ענטפער איך: „אויף אַ שטיקל פאַרם." און זיי צעלאַכן זיך פון דאָס ניי. נו, דער קריסטלעכער דעטעקטיוו זאָגט צום יידישן, יענער זאָל אַליין בלייבן און מיך הערן, ווייל ער (דער ניט־ייד) פאַרשטייט דאָך סיי־ווי נישט קיין יידיש.

נאָך דער לעקציע האָט מען אַפּלאָדירט און איך באַמערק, אַז דער יידישער דעטעקטיוו אַפּלאָדירט אויך. ווען מען האָט גענומען זיך צעגיין, קומט ער צו און זאָגט: „ווייזבערג, איך קען אייך גאַנץ גוט, און איך האָב ווירקלעך הנאה געהאַט פון אייער רעדע; עס איז געווען אויסגעצייכנט גוט."

און ביז היינט ווייס איך נישט צו וואָס מען האָט מיך איינגעלאָדן צו געבן די לעקציע, און ספּעציעל פאַר וועלכן צוועק די צוויי דעטעק־טיווס זיינען געקומען אין האָל, און ווי אַזוי עס איז געקומען צו דעם, אַז אַ דעטעקטיוו זאָל אַפּלאָדירן און לויבן מיין אַנטי־רעליגיעזע רעדע.

דאָס דערמאָנט מיך אויך אָן אַ זייער קאָמישער פּאַסירונג אין צייט פון מלחמה. די פילאַדעלפיער ווייסט־מאַכער האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג אין אַרטש סטריט טעאַטער. דער „פּאָליציי דירעקטאָר" האָט געשיקט פּאָליציי מיט אַ באַפעל נישט אַריינצולאָזן קיינעם אין טעאַטער מיט קיין פּעקלעך. איך האָב דערפון נישט געוואוסט. ביים ווערן אַריינקומען גיט אַ פּאָליציי־מאַן אַ שלעפּ דאָס פּעקל, וואָס איך האָב מיט זיך געהאַט, און עפנט עס אויף — אין פּעקל זיינען געווען צוויי מייז־טרעפּס (פאַסטקעס).

## ווי אַזוי ווערט מען אַ רעדנער

אַרום באָסטאָן געפינען זיך אַ סך שטעטלעך מיט אַ גרויסער יידישער אַרבעטער־באַפעלקערונג. אַז איך פלעג שוין זיין אויף אַ טור אין באָסטאָן האָב איך באַזוכט אַ סך פון אָט־די שטעטלעך. אויף דער באַן באַמערק איך אַ יונגנמאַן, וועלכן איך האָב דאַכט זיך געזען ביי מיין לעקציע אין באָסטאָן. איך קום קיין בראָקטאָן, ער איז דאָ ביים מיטינג. פאַר איך אָפּ פון בראָקטאָן קיין לין, ער איז אויך אויף דער באַן. ווער איך שוין נייגעריק און פרעג ביי אים: „צוליב וואָס פאָרט איר מיר נאָך?״ ענטפערט ער: „איך וועל אייך זאָגן דעם אמת. איך וויל ווערן אַ רעדנער. איך האָב שוין אויך גערעדט. איך בין זיכער, אַז איך האָב די נייטיקע פעאיקייטן צו ווערן אַ רעדנער.״

ענטפער איך אים: „עס זיינען דאָ צוויי־דריי סאָרטן רעדנערס: רעדנערס און לעקטשורערס.

„דער רעדנער, וואָס גייט אַרויף ריידן אַ „רעדע״, דאַרף וויסן דעם קעגנשטאַנד איבער וועלכן ער וויל ריידן; זיין שטימע דאַרף זיך אָפּט בייטן: אָט שטייף און אָט דאַרף זי ווערן ווייך, נישט מאָנאָטאָן, נאָר פול מיט באַגייסטערונג, מיט שטימונג.

„אַ לעקטשורער, ווידער, איז שוין אַ גאַנץ אַנדערע זאַך. ער דאַרף זיין צוגעגרייט מיט פאַקטן און לאָגיק וועגן דער טעמע, וועלכע ער וועט פאַרהאַנדלען; ער, ווי אויך דער רעדנער, מוזן האָבן אַ קלאָרע דיקציע, נישט ריידן אין איין טאָן; דאַרפן ריידן שאַרף, נישט צו שטיל און נישט איבערחזרן. עס פאָדערט זיך אויך אַ גוטער זכרון, כדי צו וויסן ווי אַזוי אַרומצונעמען די גאַנצע פראַגע און ווען צו ענדיקן. אויב איר האָט די אַלע פייאיקייטן, למשל, אָט קומט אייך אויס צו ריידן וועגן דער פאַריזער קאָמונע, מוזן אייך זיין באַקאַנט אַלע פער־זענלעכקייטן, וועלכע האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין איר, ווי אויך די צילן פון קאַמף, טאָ וועט איר אויסנעמען.״

אויסגעהערט מיך, רופט ער זיך אָפּ: „אָט, אָט די אַלע פייאיקייטן האָב איך נישט.״

„אויב אַזוי,״ זאָג איך, „דאַרפט איר בעסער ווערן אַ לייף איני־שורענס אַגענט.״

און שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז ער האָט געפאָלגט מיין עצה.

## XIII

# פאַרבייטנדיק אידעאַליזם אויף קאַריערזם

### איזידאָר ברענער

ס׳זיינען אַוועק נאָך אייניקע יאָרן נאָך דעם ווי איזידאָר ברענער

האָט פֿאַרלאָזן אונדזער באַוועגונג, און מיר דערוויסן זיך, אַז ער האָט שוין געעפֿנט אַן אָפֿיס — אַ פּאַרטיק אויסגעשטודירטער אינזשינער און לאָיער.

צו יענער צייט איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע דער באַוואוסטער עסטרייכישער ציוניסט בירנבוים. ווען מען האָט אַנאָנסירט זיין אָוונט אין פֿילאַדעלפֿיע, זע איך, אַז ביי זיין לעקציע וועט אויך ריידן אונדזער אַמאָליקער גענאָסע איזידאָר ברענער.

קום איך צו דער פֿאַרזאַמלונג צו זען, צי עס איז טאַקע אונדזער ברענער, וועלכער איז געווען איינער פֿון די טעטיקסטע רעדנער און אַרבעטער, וואָס אונדזער באַוועגונג האָט געהאַט אין פֿילאַדעלפֿיע.

דער פּרעזידענט עפֿנט די פֿאַרזאַמלונג מיט פֿאָלגנדער דערקלערונג:

„אויסער דעם גרויסן גאַסט האָבן מיר היינט אָוונט נאָך אַ גאַסט, און נאָך פֿיל מער ווי אַ גאַסט: אַ פֿאַרלוירן קינד פֿון אונדזער גרויס יידיש פֿאָלק האָט זיך אומגעקערט צוריק צו זיין פֿאָלק. פֿאַר אַ סך יאָרן האָט ער פֿאַרבלאָנדזשעט אויף אַ וועג, וואו ער האָט אויסגעלאָכט אונדזערע נביאים און גאָט; אָבער איצטער האָט ער פֿאַרלאָזן די טעטיקייט, וועלכע ער האָט אָנגעפֿירט אין דעם אַנאַרכיסטישן לאַגער פֿון פֿילאַדעלפֿיע; ער איז איצט געקומען צו אונדז און ער איז איצט דאָ מיט אונדז. איך האָב דעם כבוד פֿאָרצושטעלן אינזשינער ברענער!"

און עס שטעלט זיך טאַקע אויף אונדזער אַמאָליקער ברענער און זאָגט: „דאָס וואָס דער פּרעזידענט האָט אייך נאָר־וואָס דערציילט וועגן מיר איז נישט איבערטריבן אויף דאָס מינדסטע; עס איז דער ריינער אמת . . .

„איך בין געקומען קיין אַמעריקע אַלס אַ קינד צו 18 יאָר. די יידישע שפּראַך האָב איך נישט געקענט; מיין גאַנצער וויסן איז געווען און באַשטאַנען פֿון קענען רוסיש. פֿון אונדזערע גרויסע נביאים האָב איך גאָרנישט ניט געוואוסט. צופֿעליק בין איך אַריין אין דער אַנאַרכיסטישער פּאַרטיי; איך האָב זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער באַוועגונג מיט מיין גאַנצן ערנסט, אין אַלע טעטיקייטן און קאַמפֿן.

„איצט האָבן זיך מיר געעפֿנט די אויגן: איך האָב אָפּגעלאָכט פֿון אונדזערע נביאים, נישט וויסנדיק ווער זיי זיינען; אָבער לערנענדיק די יידישע לערער, האָב איך אויסגעפֿונען די גרויסקייט פֿון די אַמאָליקע נביאים פֿון אונדזער פֿאָלק. היינטיקע שרייבערס האָבן נישט קיין נייעס, זיי חזרן בלויז איבער אויף אַ שלעכטן אופֿן וואָס די אַמאָליקע נביאים האָבן געזאָגט. פֿאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז נאָר די יידישע לערע איז די אמתע ליכט־פֿירערין און וועג־ווייזערין פֿון לעבן, און פֿון איצט אָן און ווייטער גיי איך צוזאַמען מיט מיין פֿאָלק, און ווען עס וועט נייטיק זיין, וועל איך גיין קיין פּאַלעסטינע מיט מיין פֿאָלק."

שפעטער מיט אייניקע יאָרן באַגעגן איך צופעליק אינשינער ברענער, נישט אין פּאַלעסטינע מיט אונדזער פאָלק, נאָר אין אַ קאַפע־הויז אין פילאַדעלפיע. איך רוף זיך אָפּ צו אים: „וואָס איז, ברענער, דו דערקענסט מיך שוין נישט?" — „וואָס איז, ווייַנבערג, איר גיט זיך נאָך אָלץ אָפּ מיט דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג?".

ענטפער איך: יע. „און ווייסטו, ברענער, איך האָב דיך געהערט ריידן אויף דער פאַרזאַמלונג וואָס דר. נ. בירנבוים האָט אָפּגעהאַלטן אין פילאַדעלפיע."

מיר זעצן זיך ביי אַ טישל און איך גיב אים איבער דעם אינהאַלט פון זיין רעדע.

„ווייַנבערג!" שרייט ער אויס, „איר געדענקט נאָך טאַקע כמעט יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב גערעדט."

„ווי אַזוי," זאָג איך אים, „האָסטו געקענט אַרויסגיין און באַ־הויפּטן, אַז קיינער פון אונדז האָט גאָרנישט ניט געוואוסט? וואו איז גראַטש, פייגענבוים, נעטער, קאַטץ, און איך? האָבן אָט־די אַלע נישט געלערנט קיין העברעאיש און טאַקע נישט געוואוסט פון די יידישע נביאים?"

וואָס האָט ער געקענט ענטפערן? ער האָט צוגעגעבן — אַז ווען איך דערמאָן נישט זיין רעדע, וואָלט ער נישט וויסן וויפיל נאַרישקייטן ער האָט ביי יענער פאַרזאַמלונג אַרויסגעזאָגט.

## דר. מאַקס שטאָלערס שטעלונג צו מילה

אַ צווייטער פון די אַקטיוווסטע מענטשן, וואָס די יידישע אַנאַר־כיסטישע באַוועגונג אין פילאַדעלפיע האָט צוגעצויגן, איז געווען מאַקס שטאָלער, אויך ער, ווי אונדזער ברענער, האָבן אָפּגעגעבן זייערע יונגערע יאָרן פאַר אונדזער אידעאַל.

אַזוי גיך ווי מאַקס שטאָלער האָט אויסגעשטודירט אויף דאָקטאָר און אָנגעהויבן באַקומען פּאַציענטן, האָט ער זיך פון זיין טעטיקייט אין דער באַוועגונג ביסלעכווייז צוריקגעצויגן. נאָך מער, קלאַנגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן וועגן אים, אַז ער אַגיטירט צווישן זיינע פּאַציענטן די נויטווענדיקייט פון מל זיין.

פּאַסירט איינמאָל, מיר זיצן אין אַ רעסטאָראַן און דר. מאַקס שטאָלער נעמט זיך אין מיין אַנוועזנהייט פּראָפּאַגאַנדירן זיין נייעם „אידעאַל" — מל זיין. צוערשט באַהויפּטעט ער, אַז די באַשניידונג איז אַ נויטווענדיקייט, ווייל עס איז היגיעניש; אַ באַווייז דערויף איז, אַז אַ סך קריסטן לאָזן זיך מאַכן די זעלבע אָפּעראַציע. אַ צווייטער באַווייז: די יידישע נאַציע איז טאַקע די ריינסטע, ווייל זי ליידט ווייניקער פון ווענערישע קראַנקהייטן ווי וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק.

איך הער זיך צו, אָבער וואָס זאָל איך אים ענטפערן אויף זיין באַהויפּטונג, וואָס אַ סך פון זיינע רייד ווערט באַשטעטיקט פון אַ סך דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן.

דאַרף פּונקט, צו מיין גליק, פאַרבייגיין אונדזער טיש דר. גאַרטמאַן, וועלכער איז דאָן געווען אַ געהילף־פּראָפעסאָר פון ווענערישע קראַנקהייטן אין פילאַדעלפיער דזשעפערסאָן קאָלעדזש. הייב איך זיך אויף און לויף אים נאָך, בעטנדיק אים אַריינקומען און געבן זיין מיינונג וועגן דר. שטאָלערס באַהויפּטונג. צוערשט זאָגט ער זיך אָפּ: ער האָט, זאָגט ער, גיכער ליב צו זיצן און לייענען אַ בוך אין דער היים איידער זיצן אין אַ קאַפע־הויז. ענדלעך וויליקט ער איין. איך שטעל אים פאָר פאַר די איבעריקע און דערקלער וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך.

אויסגעהערט מיך, טראַכט ער נאָך און נעמט זיך לאַנגזאַם אונדז געבן זיין מיינונג. ער דערקלערט: „אויב איר האָט צייט וועל איך ברענגען אַ בוך מיט די אויטאָריטעטן און פאַקטן פאַר די לעצטע 50 יאָר, און די באַווייזן זיינען פּונקט פאַרקערטע ווי די אויף וועלכע דר. שטאָלער האָט באַזירט זיין באַהויפּטונג. ערשטנס, ווייזט די סטאַ־טיסטיק, אַז צענדליקער טויזנטער יידישע קינדער זיינען געשטאָרבן יעדן יאָר אַלס אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער באַשניידונג צוליב דעם בלוט־פאַרלוסט און די ליידן, וועלכע די אָפּעראַציע פאַראורזאַכט. צווייטנס, וואָס ס'איז שייך די אַלע יידישע קינדער, וועלכע בלייבן לעבן נאָך דער אָפּעראַציע, ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי זיינען די שוואַכ־סטע אין פאַרגלייך מיט די קינדער פון אַלע אַנדערע ראַסן.

„וואָס אַנבאַלאַנגט דר. שטאָלערס באַהויפּטונג וועגן ווענערישע קראַנקהייטן, איז עס אויך נישט ריכטיק. זאָל ער נאָר אַריינקומען אין דזשעפערסאָן קאָלעדזש, וועל איך אים דערוויזן, אַז פּראָפּאָרציאָנעל שטעלן די יידן צו מער ווענערישע קראַנקע ווי אַלע אַנדערע ראַסן.

„די פּראָפעסאָרן און אויטאָריטעטן, אויף וועלכע דר. שטאָלער שטיצט זיך, עקזיסטירן נישט.“

דר. שטאָלער איז געבליבן זיצן אַ פאַרלאָרענער און פאַרשעמטער. דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אויף זיין געוויסן צו פאַרצייכענען אַ גרויסן זיג: זיין באַשניידונג־פּראָפּאַגאַנדע האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף אונדזערן אַ געגנאָסע — י. ווייגנבערג פון אַטלאַנטיק סיטי. אַט־דער נאַאיווער פאָטער האָט געבראַכט צוויי ייִנגלעך אין עלטער פון 8 און 10 יאָר און איבער זיי געלאָזט מאַכן די בלוטיקע און צו דער זעלבער צייט ברוטאַלע אָפּשניידונג־אָפּעראַציע.

## דר. באַרבער

אַ מערקווירדיקע זאַך, און אפשר גאַרנישט אַזוי מערקווירדיק: אַזוי גיך ווי איינער פון אונדזערע רייען האָט אויסגעשטודירט אויף

אַ לאַיער, דאָקטאָר אָדער אינזשינער, האָבן מיר אים, פריער אָדער שפּעטער, פאַרלאָרן. אַמווינציקסטן איז אַזוי געווען אין פילאַדעלפיע. ניו יאָרק האָט אַ ביסל מער גליק אין דער הינזיכט. דער איצטיקער דר. באַרבער איז אַמאָל געווען אַ פּענטסמייקער (הויזדמאַכער). בעת ער האָט שטודירט פאַר דאָקטאָר איז ער נאָך געווען אַקטיוו אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און דורך דער צייט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג איז ער געווען פאַר אַ צייט דער פּרעזידענט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. אָבער פּונקט ווי מיט דר. שטאָלערן: אַזוי גיך ווי ער האָט אָנגעהויבן באַקומען פּראַקטיק, האָט ער זיך פון אונדז דערווייטערט.

שפּעטער איז ער, ווי ברענער, אַריבער צו די ציוניסטן, און, ווי עס ווייזט אויס, איז פון דער ציוניסטישער בריק ביזן ווערן אַ רעפּובליקאַנער נישט קיין ווייטער מהלך. דער סוף פון דר. באַרבער איז געווען, ווי אַלע קאַריעריסטן ענדיקן, אויב נישט אין דער דעמאָקראַטישער, איז אין דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, וואו ער האָט געפונען זיין רו ביז היינט.

## XIV

# פאָלקס-מענטשן אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג

### גאָלדבערג

נאָך דעם ווי איך האָב געשילדערט די אומאַנגענעמע טיפּן פון אונדזער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, מעג איך געוויס אָפּגעבן פּלאַץ פאַר די, מיט וועלכע מיר מעגן באמת שטאָלצירן. געניאָסע גאָלדבערג איז געווען אַזאַ איינער ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

געניאָסע גאָלדבערג האָט נאָר געליטן פון איבערטרייבונג; דאָס מיינט נישט, אַז ער האָט אויף דאָס מינדסטע געצווייפלט אין זיינע באַהויפּטונגען. ביי זיך איז ער געווען איבערצייגט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט קומען, און זי קען קומען צו יעדער מינוט. אָט פאַרלויפט זיך אַזאַ פּאַסירונג מיט געניאָסע גאָלדבערגן: דער רוסישער צאַר האָט געטריבן יידן פון מאָסקווע; קומט איינער פון די אַרויסגעטריבענע יידן מיט אַ פאַמיליע פון צען מענטשן קיין פילאַדעלפיע. געניאָסע גאָלדבערג האָט דענסטמאָל געהאַלטן אַ צייטונג-סטענד. דער ייד האָט זיך באַקענט מיט געניאָסע גאָלדבערגן און קומט ביי אים פרעגן אַן עצה, וואָס זאָל ער טאָן מיט די עטלעכע הונדערט דאָלער; אויף וועלכן מסחר זאָל ער זיי פאַרווענדן. און אונדזער געניאָסע גאָלדבערג ענטפערט דעם יידן: „וואָס דרייט איר אַ ספּאָדעק מיט אייערע עטלעכע הונדערט דאָלער, זעט איר דען נישט ווי יעדע שטיקל סטאַרקע ווערט

צעריבן פון גרויס־קאַפּיטאַל? אין פראַנקרייך האָט מען נאַר־וואָס אָפּ־געהאַקט דעם קאָפּ פון פּרעזידענט. (אין יענער צייט (1894) איז פּאַר־געקומען אַן אַטענטאַט אויפן פראַנצויזישן פּרעזידענט ס. קאַרנאָ.) עס איז דאָך העכסטנס אַ פּראַגע פון דריי חדשים, ווען מיר דאַך דאַן זיין אַלע גלייך. קומט זונטיק מיט מיר צו אונדזערער אַ פאַרזאַמלונג, וועט איר זען."

דער ייד הערט זיך צו צו גענאַסע גאָלדבערגן און דעם קומענדן זונטיק קומט ער צו אונדזער פאַרזאַמלונג. אָפּגענאַרט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, האָט טאַקע גענאַסע גאָלדבערג נישט: ערשטנס, האָט ער געפונען אַ 100 מענטשן אין האָל; צווייטנס, זינגט מען לידער (עדעל־שטאַטס), און טאַקע רעוואָלוציאָנערע לידער, און כמעט אַלע רעדנער ריידן וועגן דער קומענדער רעוואָלוציע. וואָס נאָך פאַר אַ באַווייזן דאַרף דער ייד האָבן — אַז מען וואַרט טאַקע אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און מענטשן גרייטן זיך, אַז זי דאַרף קומען יעדן מאָמענט.

דער ייד איז נאָך זיין ערשטן באַזוך פון אונדזער פאַרזאַמלונג געוואָרן איבערצייגט, אַז גענאַסע גאָלדבערג איז גערעכט. וואָס דאַרף ער זיך דרייען אַ מוח וועגן געשעפט מיט זיינע עטלעכע הונדערט דאָלער, אַז די רעוואָלוציע האַלט ביים אָנקומען אין אַמעריקע, און ער האָט באַשלאָסן צו וואַרטן אויף דער רעוואָלוציע. שפּעטער מיט אַ זעקס חדשים פרעגט גענאַסע גאָלדבערג ביים יידן: „נו, וואָס טוט איר עפּעס?" ענטפערט אים דער ייד: „וואָס הייסט וואָס איך טו? איר האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז די רעוואָלוציע האַלט אין קומען, האָב איך דערווייל אויפגעגעסן די פּאָר דאָלער, און אייער רעוואָלוציע איז נאָך נישטאָ! . . ."

איך בין זיכער, אַז אַפילו ווען דער ייד האָט אים דערציילט דעם סוף פון די פּאָר דאָלער, איז גענאַסע גאָלדבערג ביי זיך אַלץ נישט אַראָפּגעפאַלן און אים מסתמא פאַרזיכערט אין דעם אָנקומען פון דער צוגעזאָגטער רעוואָלוציע, ווייל ער האָט ערנסט געגלויבט אין דעם.

* * *

זאָגן אויף גענאַסע גאָלדבערגן, אַז ער איז געווען אַן אַרעמאַן, איז ווייניק. ערשטנס, איז ער געווען אַ קליינער פאַרדינער, כאָטש ער האָט אַלעמאָל געאַרבעט; צווייטנס, האָט ער געהאַט אַ פרוי און צוויי קינדער; דריטנס, איז די פרוי געווען נישט קיין פריינדין, וועלכע זאָל פאַרשטיין און באַנעמען גענאַסע גאָלדבערגן, אָדער — וועלכע עס איז ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציע. זי האָט זיך באַנומען צו אים שרעק־לעך, ווי מען קען זיך פאָרשטעלן. אַ גרויסן חלק אין אירע ברוטאַלע האַנדלונגען קעגן גענאַסע גאָלדבערגן האָט אויך געהאַט דער רעליגיע־זער פאַנאַטיזם, אָדער בעסער געזאָגט, די רעליגיעזע געשעפטסלייט פון פילאַדעלפיע. זיי האָבן געוואָלט נקמה נעמען פון גענאַסע גאָלד־

בערגן, וועלכער איז געווען אַ זייער אַקטיוועער אַטעאיסט, און דער הויפּט־אַנפירער פון די „יום־כיפור"־בעלער, און געהאַסט האָבן זיי אים אויך נישט ווייניק פאַר זיין באַרימט ווערטל, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די יידישע אַרבעטער אין פילאַדעלפיע — ווען עס האָט נאָר געטראָפן אַן אומגליק — „גאָט צו דאַנקען". די גאָטס־סטראַפּצעס האָבן עס אָנגערייצט גענאַסע גאָלדבערגס ווייב צו גיין צו דער „היברו טשאַריטיס" (יידישער הילפס־קאָמיטעט) פאַר הילף. אויף דער פראַגע, וואו איז אייער מאַן? האָט מען איר אָנגעזאָגט צו ענטפערן, אַז ער איז אַן אַנאַרכיסט און וויל נישט אַרבעטן, און טאָמער פאַרדינט ער שוין יאָ עפּעס, גיט ער אַלץ אַוועק צו דער באַוועגונג.

דער קאָמישסטער טייל פון דער טראַגישער פּאַסירונג איז געווען, אַז מיט דער הילף פון די „היברו טשאַריטיס" איז גענאַסע גאָלדבערג אַרעסטירט געוואָרן פאַר נישט וועלן אַרבעטן אין שאַפּ — ביי דער אַר־בעט. פאַרשטייט זיך, אַז דער ריכטער האָט עס נישט געקענט באַגרייפן און דורך דעם דאָלמעטשער פון דער „היברו טשאַריטיס" האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער פאַרדינט יע, נאָר ער פאַרנאַכלעסיקט זיין פרוי און קינדער, און גיט אַוועק זיין אַרבעט־לוין צו די אַנאַרכיסטן. ווען דער ריכטער האָט גענומען אויספרעגן גענאַסע גאָלדבערגן, האָט ער אויסגעפונען, אַז ער אַרבעט ביי די עקסטער בראָדערס פאַר $6 אַ וואָך און אַרבעט אַ גאַנץ יאָר. דער ריכטער, באַמערקנדיק, אַז גע־נאַסע גאָלדבערג האַלט זיך קוים אויף די פיס, האָט גוט אויסגעזידלט די פרוי און איר באַמערקט, אַז עס וואָלט גאַרנישט געשאַדט ווען זי זאָל העלפן איר מאַן פאַרדינען.

ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט נאָך דעם און גענאַסע גאָלדבערגס פרוי שלעפּט אים ווידער אין געריכט אויף דער זעלבער קלאַגע. צו גענאַסע גאָלדבערגס גליק איז דער ריכטער געווען דער זעלבער וואָסביים ערשטן אַרעסט, און זי איז אויך געקומען מיט דער זעלבער קאַ־פּעליע פון די „היברו טשאַריטיס" און זייער דאָלמעטשער. דער ריכטער האָט אַלץ גלייך אָפּגעשטעלט און אויסגעזידלט די פרוי מיט דער וואָרנונג, אַז מער זאָל זי זיך פאַר אים נישט ווייזן, ווייל ער וועט זי אַרעסטירן — זאָל זי בעסער העלפן איר מאַן.

* * *

גענאַסע גאָלדבערגס מאַמע האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, און זי רופט זיך אָפּ צו אים: „איך האָב $400, אָפּגעשפּאָרט אַ סענט צו אַ סענט מיין גאַנץ לעבן. דו ביסט מיין איינציק קינד, גיב מיר דיין וואָרט, אַז דו וועסט נאָך זאָגן מיר קדיש און די $400 זיינען דיינע."

גענאַסע גאָלדבערג ענטפערט איר: „אַ, מאַמע, וועסט נאָך לעבן,

דו גלויבסט דאָך אין גאָט. איך בין טאַקע אַ גרויסער קבצן, אָבער קויפן אַ קדיש קענסטו ביי מיר נישט; ניט פאַר 400$, נאָר אַפילו נישט פאַר 4 מיליאָן, און איך זאָל דיך אָפּנאַרן און צוזאָגן, קען איך אויך נישט; מיין גלויבן און מיינע איבערצייגונגען פאַרקויף איך נישט."

גענאָסע גאָלדבערגס מוטער איז געשטאָרבן, און אויפן בית־עולם רופט זיך אָפּ די "כלי קודש" צו אים: "איצט, פאַרן אַריינלייגן אין קבר, זאָג כאָטש איין קדיש און מיר גיבן דיר די 400$ וואָס דיין מאַמע האָט געלאָזן."

און גענאָסע גאָלדבערג איז זיי נישט שולדיק געבליבן קיין ענט־פער, ווי מען קען זיך גאַנץ לייכט פאָרשטעלן.

* * *

שפּעטער מיט יאָרן האָט זיך גענאָסע גאָלדבערג געפונען אין ניו יאָרק. זיצנדיק ביי שלומ'ן אין קאַפע־הויז, אין ניו יאָרק, קומט צו מיר צו אַ מאַן און דערציילט מיר, אַז גענאָסע גאָלדבערג געפינט זיך אין גרויס נויט, און ער איז נאָך דערצו שרעקלעך קראַנק. לויף איך גלייך אַרום און נעם צוזאַמען אַ 30$. איך קום אַרויף לויטן אָנגעגע־בענעם אַדרעס, געפין איך אַן אַלטן יידן. פון מיין קורצן געשפּרעך מיט אים האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער איז נאָך רעליגיעז דערצו. וואונדער איך זיך, ווי אַזוי קומט גענאָסע גאָלדבערג צו גע־פינען זיך ביי אַזאַ יידן אין הויז? און באַלד רופט זיך דער ייד אָפּ צו מיר: "אַ כפּרה אַלע רבנים פאַר דעם ערלעכן גאָלדבערג!" . . . צום באַדויערן האָב איך גענאָסע גאָלדבערגן נישט געטראָפן אין דער היים; ער האָט זיך געפילט אַ ביסל בעסער האָט ער מער נישט געקענט איינזיצן און אַרויס אויף דער גאַס. נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן בין איך אַוועק. פון פילאַדעלפיע האָב איך אים צוגעשיקט די 30$.

מער האָב איך שוין אונדזער אויפריכטיקן גענאָסע גאָלדבערגן נישט באַגעגנט.

## גענאָסע לערמאַן און עולם הבא

דער גענאָסע לערמאַן איז געווען זייער אַ לעבעדיקער און באַלע־זענער יונגערמאַן. פאַר דער היינטיקער וועלט איז ער אָבער געווען, ווי אַלע אַזעלכע טיפּן, אַן אומגעוואונטשטער.

איך טרעף אים איינמאָל, איך גיב אַ קוק און דערזע אים אַן אויסגעפּוצטן ניט צו דערקענען. אויף דער פראַגע, וואָס איז מיט אים אַזוינס געשען? פאַרטרויט ער מיר אַ גרויסן סוד:

געאַרבעט האָט ער ביי אַ צייטונגס־סטענד און די צייטונגס־קויי־פער האָבן, פאַרשטייט זיך, געוואוסט, אַז ער איז אַן אומגלויביקער און אַן אַטעאיסט. אַזוי ווי עס איז געווען פאַר "יום־כיפּור", רופט זיך אָפּ צו גענאָסע לערמאַנען איינער פון די צייטונגס־קויפער, אַ רעליגיעזער

ייד: „דו גייסט אין שול יום־כיפור?" ענטפערט גענאַסע לערמאַן: „ניין." רופט זיך אָן דער ייד: „פונדעסטוועגן וועסטו נישט פאַרקויפן דיין חלק עולם הבא?" און גענאַסע לערמאַן פאַרזיכערט אים, אַז גראָד פאַרקערט: זאָל זיך נאָר באַווייזן אַ „קאָסטאָמער". ווערט דער ייד אַ דערשראָקענער און ציטערט פון כעס: „אויב אַזוי," זאָגט ער, „גיב איך דיר צוויי צען־דאָלערדיקע גאָלדשטיקער און פאַרקויף מיר דיין חלק עולם־הבא." און גענאַסע לערמאַן האָט זיך גאָרנישט אָפּגעשראָקן, צו־גענומען די צוויי גאָלדשטיקער, פאַרקויפט זיין עולם הבא און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן זיך אויסגעפּוצט ווי אַן אמתער פּראַנט . . .

## איך קען ניט פאַרקויפן קיין עולם הבא

אַז מען רעדט שוין וועגן פאַרקויפן עולם הבא, דערמאָן איך זיך, אַז איך בין נישט געווען אַזאַ גליקלעכער ווי גענאַסע לערמאַן. איינמאָל, אַלס אָרגאַנייזער פון דער בעקערס יוניאָן, קום איך אַריין צו אַ בעקער אַ „באַלעבאָס" ערב יום־כיפור, און דער באַלעבאָס פרעגט מיך אין אַ וויץ, צי איך וויל אים פאַרקויפן מיין חלק עולם הבא? „מיטן גרעסטן פאַרגעניגן," ענטפער איך אים. מיר האָבן אָפּגעמאַכט פאַר $25. ער האָט געפאָדערט איך זאָל גיין מיט אים צו אַ לאָיער איבערשרייבן אויף אים מיין חלק עולם הבא. איך קום צום לאָיער אין דער באַשטימ־טער צייט; דער בעקער־באַלעבאָס קומט אויך; נאָר ער דערקלערט, אַז ער האָט „חרטה". שולדיק דערינען, זאָגט ער, איז זיין ווייב; זי האָט דערהערט וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן, האָט זי זיך צעשריגן אויף אים: „משוגענער, וואָס דו ביסט, אַזאַ איינער ווי וויינבערג האָט דען אַ חלק אין עולם הבא? אַוודאי מעג ער זיין אַ חבר און דיר פאַרקויפן."

נישט באַשערט געווען מיר צו פאַרדינען אַ גרינגן פינף־און־צוואַנציקער.

XV

# אַנאַרכיסטישע פּערזענלעכקייטן

## ראָבערט ווילסאָן

גענאַסע ראָבערט ווילסאָן איז געווען נאָך איינער פון די געצייל־טע אמתע אינטעליגענטע מענטשן, וואָס אונדזער באַוועגונג האָט צוגעצויגן.

ווען דער ערשטער גרויסער קאָאָפּעראַטיווער עקספּערימענט איז אַנגעפירט געוואָרן, בין איך געווען שטאַרק נייגעריק צוזוציען גענאָסע ווילסאָנען צו דער אַרבעט, און ווען איך האָב עס אים דערקלערט, האָט ער נאָכגעטראַכט און דערנאָך מיר געענטפערט:

„איך וועל דיר זאָגן, וויינבערג, אַט וואָס: די קאָאָפּעראַטיווע אידייע איז צופיל אידעאַל צו ווערן אַ ביזנעס, און צופיל ביזנעס

פאַר אַן אידעאַל. זאָל עס זיין אַ דערפאָלג, וועלן די „דזשאָב־האָלדערס״ שוין אַכטונג געבן, אַז יעדער אידעאַליסט „זאָל פאַרשטופּט ווערן״ אין אַ זייט, אויב נישט אינגאַנצן באַזייטיקט ווערן.״

ענטפער איך אים: „מיין טייערער ווילסאָן, אויב מיר זאָלן דאָס, וואָס דו זאָגסט, אָננעמען פאַר אַ קריטעריאום — וואָס זשע וועט זיין ווען דער אַנאַרכיסטישער אידעאַל וועט פאַרווירקלעכט ווערן? דאָס וואָס דו באַהויפּטעסט קען דאָך אָנגעווענדט ווערן אויף אַלץ. צו וואָס דאַרף מען באַלאַנגען צו אַ יוניאָן, ווען אין די יוניאָנס אַנטוויקלט זיך אַלע מאָל גרעפט? איז, הייסט עס, בעסער נישט צו האָבן אינגאַנצן קיין יוניאָן, איידער אַ יוניאָן מיט איר אומפאַרמיידלעכן גרעפט?״

און מיר האָבן אַזוי אַרגומענטירט אַ היפּש ביסל צייט. עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן מיינע אַרגומענטן — גענאָסע ווילסאָן איז נישט צוגעשטאַנען צו דער קאָאָפּעראַטיוער אַרבעט. ער האָט אָבער נישט באַקעמפט די באַוועגונג, ווי עס האָבן עס געטאָן אייניקע אַנדערע גענאָסן.

* * *

אין 1906, אין ניו יאָרק, גייט מיט מיר איינמאָל גענאָסע ווילסאָן פון אַ מיטינג. אויף דעם צווייטן טאָג דערשיינט אויף דער ערשטער זייט פון „פאָרווערטס״ די נייעס, אַז גענאָסע ראָבערט ווילסאָן האָט פאַרענדיקט זיין לעבן דורך גאַז. דאָס איז געווען אַזוי אומגלויביק — אָט רעדסטו היינט מיט אַ מענטשן און ער גיט דיר נישט די מינדסטע אורזאַך פון חושד זיין אים אין וועלן באַגיין זעלבסטמאָרד; ער גייט זיך גלייך אַהיים, מאַכט אויף די גאַז און מאַכט אַ סוף צו זיין יונגן לעבן.

די נייעס פון גענאָסע ווילסאָנס טויט האָט אַלעמען, וועלכע האָבן אים געקענט, זייער דערשיטערט. צו דער לוויה זיינען געגאַנגען דר. זשיטלאָווסקי, די גאַנצע אינטעליגענץ, וואָס ניו יאָרק האָט דאַן פאַרמאָגט.

די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג האָט דורך דעם טויט פון גענאָסע ווילסאָן פאַרלאָרן איינעם פון אירע שענסטע און איבערגעבנסטע מיטגלידער.

## העררי גאָרדאָן

נאָך דעם ווי טשאָלגאָש האָט דורכגעפירט זיין אַטענטאַט און געטויט מעקינלין, וועלכער איז דאַן געווען פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זיינען די פאַרפאָלגונגען אויף די אַנאַרכיסטן געווען שרעקלעך. וואו מען האָט זיך נאָר דערוואוסט פון איינעם אַלס אַנאַרכיסט, אַזוי זיינען די געזעץ־היטער גלייך אָנגעלאָפן און אַריינגעוואָרפן דעם פאַרדעכטיקטן אין טורמע. און אויב די היטער פון געזעץ האָבן

עס פאַרפעלט צו טאָן, האָבן זיך דאַן גלייך געפונען „פּאַטריאָטישע״ בירגער. דאַן האָט מען נאָך נישט געוואוסט פון די קלו־קלוקס („פּאַט־ריאָטישע״ בירגער, אָנגעטאָן אין ווייסן און מיט מאַסקעס).

געגנאָסע הערי גאַרדאַן, וועלכער וואוינט איצט אין מאָהיגען קאָ־לאָניע, האָט זיך דאַן געפונען אין פּיטסבורג, און אַ סך האָבן אים געקענט אַלס אַן אַנאַרכיסט. פּונקט דאַן, ווען זיין פריינדין ליגט אין קימפּעט, דערוויסט זיך געגנאָסע גאַרדאַן, אַז אַ מחנה „פּאַטריאָטן״ קומען אים אַטאַקירן. ער באַהאַלט זיך און די פּאַטריאָטן, אַ פּאָר הונ־דערט אין צאָל, קומען אָן, דערזעען אַז זיי קענען אים נישט געפינען. אייניקע שרעקן אונטערצוצינדן דאָס הויז. באַשליסט געגנאָסע גאַרדאַן צו ראַטעווען זיין פריינדין, און קומט אַרויס פון זיין באַהעלטעניש. קורץ און שאַרף זאָגט ער זיי: אָט בין איך, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט.

פלוצלונג שרייט איינער פון די מאַסן אויס: לאָזט אים צורו! ער טראָגט דאָך אַ יוניאָן־באַטאָן פון די מאַשיניסטן־יוניאָן, איז אונ־דזערער אַ ברודער.

געגנאָסע גאַרדאַן איז טאַקע געווען אַ מאַשיניסט, אַ מיטגליד פון זיין יוניאָן. אַזוי אַרום האָט אים דער יוניאָן־באַטאָן ווירקלעך געראַ־טעוועט פון אַ פּריציייטיקן טויט.

ביי אונדז אין פילאַדעלפיע איז אויך נישט געווען בעסער. אונדזער גרופּע האָט פאַררופן אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן די פאַרפאָלגונגען. דאָס איז געווען צוויי וואָכן נאָכן אַטענטאַט. דער מיטינג איז פאָרגעקומען אין וואַשינגטאָן־האָל. ווי נאָר איך האָב פאַרענדיקט ריידן, קומט אַריין אַ גאַנצער סקוואַדראָן פּאָליציי. די ערשטע זאַך האָבן זיי גענומען פרעגן ביי אַ סך ווער ס'זיינען די רעדנער. איינער פון די געזעץ־היטער איז אויך צוגעקומען צו מיר און געפרעגט: ווער איז געווען דער לעצטער רעדנער? איך האָב אים געענטפערט, אַז איך ווייס נישט, און ער האָט מיך דורכגעלאָזן.

געגנאָסע הערי גאַרדאַנס לעבן איז געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ יוניאָן־באַטאָן; איך בין ניצול געוואָרן פון אַרעסט דורך אַ ליגן. געגנאָסע יאָהאַן מאָסט איז געמאַטערט געוואָרן, ווי שוין דערציילט, אַ יאָר אין טורמע, און צענדליקער פון אונדזערע געגנאָסן איבער גאַנץ אַמעריקע זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די טורמעס. דאָס איז געווען אונדזער אָפּקומעניש פאַר דעם אַטענטאַט אויף מעקינלי.

## ל. מאָיסעיעוו (לעאָנטיעוו)

עס איז געווען דער פינף־יאָריקער יובילי פון דער פילאַדעלפיער קלאָוקמאַכער יוניאָן. אַ קאָמיטע איז געקומען איך זאָל ברענגען אַ רעדנער פון ניו יאָרק. וועמען ברענגט מען? אַלע באַוואוסטע רעדנער

זיינען שוין כמעט ביי אונדז געווען. פֿאַלט מיר איין אַ געדאַנק צו ברענגען אַ נייעם רעדנער, וועלכן פּילאַדעלפֿיע האָט נאָך נישט גע־הערט — מאָיסעיעוו. די פֿייערונג האָט באַדאַרפֿט זיין שבת, וועט ער שוין בלייבן איבער זונטיק, און מיר, די אַנאַרכיסטן, וועלן האָבן אַ ניו יאָרקער רעדנער אָן „עקספּענסעס".

קומט געגנאָסע מאָיסעיעוו קיין פּילאַדעלפֿיע און וויל וויסן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ יום־טוב און וועגן וואָס זאָל ער ריידן. דערקלער איך אים וואָס דאָס איז פֿאַר אַ יום־טוב. ווערט ער שוין אויפֿגערעגט. פֿאַר־וואָס האָב איך אים אויסגעקליבן, וואָס ווייסט ער וועגן די קלאָוק־מאַכער! וואָס קען ער פֿאַר זיי ריידן וועגן זייער יום־טוב! זאָג איך צו אים: „גזלן, וואָס הייסט דו ווייסט נישט וואָס צו ריידן פֿאַר זיי. זאָג אַ פּאָר ווערטער; מיר באַקומען דאָך $10 פֿאַר דיינע אויסגאַבן." נו, אַ ברירה האָט ער געהאַט. מיר זיינען אַוועק אין האָל.

דער פֿאָרזיצער האָט גענומען פֿאָרשטעלן געגנאָסע מאָיסעיעוון און האָט פֿאָרענדיקט: „דער רעדנער פֿון ניו יאָרק, אַליין אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער, וועט פֿאַר אייך ריידן וועגן די פֿינף יאָר קאַמף, וועלכע אונדזער יוניאָן האָט דורכגעמאַכט." געגנאָסע מאָיסעיעוו גייט אַרויף מיט פֿאַרלייגטע הענט און טראַכט נאָך אַלץ וועגן וואָס צו ריידן ביי דעם קלאָוקמאַכער יובילײ. ענדלעך הייבט ער אָן:

„אַזוי ווי איר אַרבעטער האָט היינט אַ יום־טוב, און אַזוי ווי איר אַלע באַשעפֿטיקט זיך מיט דער נאָדל, וואָלט געווען אין פּלאַץ צו רעדן ווי אַזוי די נאָדל קומט צו אייך. איינגאַנצן וואָסערע פּופֿציק מייל פֿון פּילאַדעלפֿיע לאָזן זיך אַרונטער מענטשן אין דער טיפֿעניש פֿון דער ערד. צוערשט ווערט די ערד אויפֿגעריסן דורך דינאַמיט (אַזאַ אויפֿ־רייסונג־שטאָף), פֿון דער טיפֿעניש ברענגט מען דאָס אַרויס קוילן; די קוילן ווערן אָנגעלאָדן אין וואַגאָנען; פֿון די וואַגאָנען נעמט מען אַרונטער די קוילן און מען פֿילט אָן באַילערס (ברען־אויוונס), און אָט, אָט־די באַילערס מאַכן גיין די מאַשינען."

פּלוצלינג שטעלט זיך אויף אַ מאַן און שרייט אויס: „וואָס פֿאַר אַ גרובן, ווער מיר באַילערס, ווער מיר מאַשינען, — וואָס רעדט מען דאָ? מיר זיינען געקומען הערן וועגן אונדזערע פֿינף יאָר, אונדזערע סטרייקס, אָט וועגן וואָס מיר ווילן הערן." געגנאָסע מאָיסעיעוו בלייבט שטיין אַ צעטומלטער און פֿאַרשעמטער, און ווייסט נישט וואָס צו טאָן ווייטער: יע ריידן, אָדער נישט ריידן? געגנאָסע צאַן לויפֿט צו צו מיר און בעט מיך איך זאָל גלייך אַרויפֿגיין עפּעס זאָגן וועגן דעם יום־טוב.

דער פֿאָרזיצער רופֿט מיך ריידן. געגנאָסע מאָיסעיעוו זעט וואָס פֿאַר אַן איינדרוק זיין רעדע האָט געמאַכט, גייט ער אַרונטער פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע און וויל מער נישט ריידן.

איך, נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, גיי אַרויף צו זאָגן

אַ פּאָר ווערטער. געריכט האָב איך וועגן דעם, וואָס די יוניאָן האָט אָפּגעשאַפט דאָס אַרומטראָגן זיך מיט די מאַשינען פון שאַפּ צו שאַפּ, ווי עס איז דענסטמאָל אָנגעגאַנגען אין אַלע נאָדל־אינדוסטריעס. איך דערציייל זיי ווי אַזוי די יוניאָן האָט געפּאַקט און געמאָזלט און אַזוי ווייטער.

דער זעלבער מאַן שטעלט זיך אויף און שרייט אויס: „אָט דאָס טאָקע ווילן מיר הערן."

נאָכן יום־טוב, גייענדיק אַהיים, האָט מיר געניאַסע מאָיסעיעוו אַוועקגעגעבן אַ ריכטיקע גאָב. און ווירקלעך, צו וואָס האָב איך אים געדאַרפט פאַרשלעפּן צו אַזאַ יום־טוב, וואו ער זאָל באַקומען אַזאַ אויפנאַמע?

דעם צווייטן טאָג האָט געניאַסע מאָיסעיעוו געגעבן אַ לעקציע, אַראַנזשירט פון אונדזערע געניאָסן, איבער אַ טעמע: „פּראָפעסאָר מענדעלייעווס טעאָריע". עס איז געווען אַ וואונדערבאַרע צעגלידערונג פון „מענדעלייעווס טעאָריע", אַז דער פּרינציפּ פון פּרייוווּיליקייט אַרבעט נישט נאָר בלויז אין דער כעמיע, נאָר צוגלייך אין דער גאַנצער וויסנ־שאַפט. די צוהערער זיינען געווען אמת באַגייסטערט. אונדזער גרופּע האָט גלייך אַראַנזשירט אַ סעריע פון דריי לעקציעס מיט געניאַסע מאָיסעיעוון איבער דער ביאָגראַפיע און לערע פון מיכאַאיל באַקונין. אויך די לעקציעס זיינען געווען אַ דערפאָלג. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען איבערגליקלעך, ספּעציעל ווען געניאַסע מאָיסעיעווס דער־פאָלג איז געקומען גלייך נאָך דער גרויסער נידערלאַגע ביי דעם יום־טוב פון די קלאָוקמאַכער.

מערקווירדיקע ענדערונגען קומען פאָר אין לעבן! איך דערמאָן זיך וואָס פאַר אַן איינדרוק געניאַסע מאָיסעיעוו האָט געמאַכט אויף די אַנוועזנדע ביי דער ערשטער לעקציע. אָנגעטאָן אין אָפּגעבלאַקירטע, צעריסענע קליידער, האָט מען אויף אים געקוקט ווי אויף מיר ביי מיין ערשטן אַרויספאָר אין הויז פון געניאַסע גאָרדאָן אין פּיטסבורג. אָבער גלייך נאָך דער ערשטער לעקציע האָבן די צוהערער דאָס באַלד פאַר־געסן און זיינען פון אים באַגייסטערט געוואָרן.

שפּעטער מיט עטלעכע יאָרן איז געניאַסע מאָיסעיעוו געוואָרן באַ־רימט אַלס הויפּט־אינזשינער פון בריקן־בוי אין ניו יאָרק און אויך מיט זיין באַרימטקייט איז געקומען רייכטום, און מיט דעם רייכטום — אַן אָפּקילונג אין זיין אַקטיוון באַטייליקן זיך אין אונדזער באַוועגונג. אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, איז ער נאָך ביז היינט פאַרבליבן מיט די זעלבע אידייאַלישע אָנשויאונגען פון זיין יוגנט.

### משה קאַטץ

נישט פיל פון די היינטיקע געניאָסן אין אונדזער באַוועגונג האָבן

אָן אָנונג פון דער וויכטיקער ראָלע, וועלכע משה קאַטץ (זייט די לעצטע 15 יאָר וואוינט ער אין פילאַדעלפיע און איז רעדאַקטאָר פון דער טעג־לעכער צייטונג „אידישע וועלט") האָט געשפּילט אין אונדזער אַנאַר־כיסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

די ווירקלעך ערשטע „פרייע אַרבעטער שטימע", וועלכע איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1890, איז הויפּטזעכלעך רעדאַקטירט און גע־שריבן געוואָרן פון דוד עדעלשטאַט און משה קאַטץ. פריער איז ר. לואיס געווען דער רעדאַקטאָר. געגאָסע משה קאַטץ האָט אָנגע־האַלטן זיין טעטיקייט אין אונדזער באַוועגונג פאַר צענדליקע יאָרן, שריפטלעך און מינדלעך. משה קאַטץ איז אַלע מאָל געווען און איז פאַרבליבן איינער פון די שענסטע האַרציקסטע רעדנער, וואָס זיינען דאָ צווישן יידן. אָן אמתן געגוס איז צו הערן אים ריידן איבער ליטע־ראַטור, איבער וועלכער טעמע עס איז. ער צייכנט זיך אויך אויס אַלס שרייבער.

אין 1905, ווען עס האָבן אויסגעבראָכן די פּאָגראָמען אויף יידן אין רוסלאַנד, איז משה קאַטץ אָפּן אַרויסגעטראָטן און זיך דערקלערט אַלס אַ נאַציאָנאַליסט, וואָס ער איז אויך פאַרבליבן ביז איצט. אָבער ביז היינט האַלט זיך משה קאַטץ אַלס דער זעלבער אַנאַרכיסט וואָס אַלע מאָל, און ווייניק מענטשן, וועלכע איך קען אין אונדזער באַוועגונג, ווייזן אַרויס אין זייער באַציאונג מיט אַנדערע אַזאַ וואַרימע, ליבע, האַרציקע פריינדלעכקייט, ווי יעדער איינער פילט עס ווען מען קומט אין באַרירונג מיט משה קאַטץ. און עס איז אויך גאַנץ מעגלעך, אַז ווען ש. יאַנאָווסקי זאָל נישט געווען ווערן דער פירער פון דער באַ־וועגונג, וואָלט נאָך משה קאַטץ געווען מיט אונדז ביז היינט.

ביי אַ באַגעגעניש מיט מ. קאַטץ (וואָס טרעפט זייער אָפט, ווייל ער איז שוין אַ צייט מיט יאָרן אין פילאַדעלפיע) רופט ער זיך אָפּ צו מיר: „וויינבערג, פילסטו אַמאָל, אַז עס ציט דיך צו וועלן אַמאָל זיין אין פּאַלעסטינע, זען דעם „כותל מערבי", דאָס אַלטערטום?" ענטפער איך אים דערויף: „קום מיט מיר אין פערמאָונט פּאַרק, וועל איך דיר ווייזן אַ שטיין, וואָס איז אַלט אַמוויניקסטנס טויזנטער יאָרן, און איך וועל דיר אויך ווייזןביימער, וואָס מוזן שוין אַלט זיין הונדערטער יאָרן, און ווער קוקט זיך אויף זיי אום?" מ. קאַטץ באַמערקט: „האָסט דאָך טאַקע גאָרנישט קיין פּאָעטישע נשמה."

מיר איז אויך אויסגעקומען צו זיין אַנוועזנד און הערן ריידן מ. קאַטץ ביי אַ מעמאָריעל־פאַרזאַמלונג איבער געגאָסע הילל זאָלאָטאַרעוו. זיי זיינען ביידע געווען זייער גוט באַפריינדעט. און משה קאַטץ האָט געהאַלטן אַ האַרציקע רעדע, און באַהויפּטעט, אַז די יידישע אַנאַרכיסטן ווייסן נאָך נישט וואָס זיי האָבן פאַרלאָרן מיט דעם טויט פון הילל

זאַלאַטאַרעוו. נאָך משה קאַטצס מיינונג איז גענאַסע זאַלאַטאַרעוו געד ווען דער יידישער קראַפּאָטקין.

נאָך מיין מיינונג איז גענאַסע זאַלאַטאַרעווס טראַגעדיע געווען, אַז מיטן גאַנצן האַרצן, ווי מ. קאַטץ האָט עס געטאָן, האָט ער נישט געקענט אַריבער צו די נאַציאָנאַליסטן. אָבער צו דער זעלבער צייט האָט ער זיך וואָס מערער אָפּגעזונדערט פון די אַנאַרכיסטן, ווייל ער האָט געפילט, אַז מען קוקט אויף אים אַרונטער פאַר זיינע נאַציאָנאַ־ליסטישע נייגונגען. ביי די נאַציאָנאַליסטן איז ער קיינמאָל ווירקלעך נישט אויפגענומען געוואָרן אַלס זייערער, און ביי אונדז, יידישע אַנאַר־כיסטן, איז ער ביסלעכווייז אַלץ מערער און מערער פאַרגעסן געוואָרן.

* * *

משה קאַטץ האָט אַ זון, לעאָ קאַטץ; ער איז אַן עלקעטריקל־אינ־זשינער. אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אים גע־דרעפטעט (געצוואונגען) אין מיליטער. פונקט אין יענער צייט האָבן אַ סך יוניאָנס דערקלערט סטרייקס, כדי צו באַקומען אַ פעטערן חלק אין דעם פּראָפיטס בלוט־באָד . . . צווישן די יוניאָנס, וועלכע האָבן דערקלערט סטרייקס, איז אויך געווען די עלעקטרישן־יוניאָן, לעאָ קאַטץ איז געשיקט געוואָרן צו סקעבן. לעאָ קאַטץ האָט זיך קאַטעגאָ־ריש אַנטזאָגט צו גיין, מען האָט אים גלייך געבראַכט פאַרן מיליטער־רישן געריכט. און אויך פאַר זיי האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו גיין סקעבן. רופט זיך אָפּ איינער פון געריכט: „וויסטו, אַז טויט איז די באַשטראָ־פונג פאַר אָפּזאָגן זיך פון אויספאָלגן אונדזערע באַפעלן?‟ און לעאָ קאַטץ האָט אַרויסגענומען זיין יוניאָן־ביכל און דערקלערט: „אַרויס־נעמענדיק אָט־דעם יוניאָן־ביכל האָב איך געשוואָרן טרייהייט צו מיינע יוניאָן־ברידער, און איך וועל נישט גיין סקעבן. איר קען טאָן מיט מיר וואָס איר ווילט.‟

נאָך דער מלחמה האָט מען לעאָ קאַטץ באַפרייט מיט אַן אַטעסטאַט פון שלעכטע מאַרקן. אָבער מיט אָט־די שלעכטע מאַרקן שטאָלצירט ער און נאָך מערער זיין פאָטער — משה קאַטץ.

## רודאָלף ראָקער

פאַר די יעניקע, וועלכע זיינען עטוואָס באַקאַנט מיט דער יידישער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, איז ניט נויטיק אין אַ באַזונדערן פּאַראַ־גראַף איבערצוגעבן ווער גענאָסע ראָקער איז.

אַ געבוירענער און דערצויגענער אין דייטשלאַנד, איז גענאָסע ראָקער באַאיינפלוסט געוואָרן פון די יידישע גענאָסן אין לאָנדאָן, צו העלפן זיי אויפלעבן די דאָרטיקע יידישע אַנאַרכיסטישע באַוועג־

גונג. מיט דער כמעט שטענדיקער מיטהילף פון גענאָסע פרומקין איז רודאָלף ראָקער, דער דייטש, געוואָרן דער ערשטער „גויאישער" רע־דאַקטאָר פון די יידישע וואָכנשריפט אין לאָנדאָן, „אַרבעטער פריינט".
עס איז קיין צווייפל ניט, אַז אַ דאַנק גענאָסע רודאָלף ראָקערס מיט־אַרבעט אין לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינט" איז אָט די וואָכנשריפט געוואָרן דער באַרימטסטער אַנאַרכיסטישער אָרגאַן, וועלכער איז פאַר־בליבן היסטאָריש מיט אָט אַזאַ רעקאָרד ביז היינט. זיינע אַרטיקלען און עדיטאָריעלס האָבן געאָטעמט מיט קאַמף־ענטוזיאַזם*) און באַ־גייסטערונג. די ווירקונג פון „אַרבעטער פריינט" איז געווען, קען מען מיט פולער רעכט זאָגן, אַן אַלוועלטלעכע. אין רוסלאַנד האָט מען אויסגעקוקט אויף קאָנספּיראַטיווע קאָנווערטן, וועלכע האָבן אַנט־האַלטן בלעטלעך פון „אַרבעטער פריינט". אין אַמעריקע האָט מען יעדע וואָך געוואַרט אויף זיין אָנקום. אַזוי איבעראַל. דערצו נאָך האָט גענאָסע ראָקער מיט גענאָסע פרומקין אַריינגעבראַכט אין „אַרבעטער פריינט" דורך איבערזעצונגען די בעסטע שרייבער פון דער וועלט־ליטעראַטור. און נאָך אַ וויכטיקע זאַך: פונקט ווי דער „אַרבעטער פריינט" איז געווען די ערשטע יידישע צייטונג צו באַקענען די יידן מיט די גרעסטע אַלוועלטלעכע שרייבער, האָט ער אויך געשפּילט אָט די ראָלע אין דעם פאַל פון גאָר אַ סך יידישע שרייבער, וועלכע האָבן צום ערשטן מאָל געמאַכט זייער „דעבויט" אין דעם לאָנדאָנער אַנאַר־כיסטישן אָרגאַן און זיינען שפּעטער געוואָרן גוט־באַקאַנט אין דער גאַנצער יידישער וועלט.

* * *

אַזוי זיינען אַוועק צענדליקער יאָרן, און ענדלעך, אין 1926, האָב איך מיט מיין יעטען זיך דערפרייט דאָס גענאָסע ר. ראָקער קומט קיין אַמעריקע אויף אַ לעקטשור־טור. ענדלעך וועלן מיר אים זען און האָבן מיט אונדז.

צו שילדערן גענאָסע ראָקערס פּערזענלעכקייט אָדער זיין מאַגנע־טישן אַרט ריידן, איז ניט גויטיק. די אַלע, וואָס האָבן אים געהערט, ווייסן און פילן עס. דער גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען פאַר מיר, ווען גענאָסע ראָקער און גענאָסין וויטקאָפּ זיינען געקומען צו אונדז אין הויז פון דער קליינער פאַרם און האָבן מיט אונדז פאַרבראַכט.

מען האָט גערעדט און דערציילט פאַרשיידענעס פון די אַמאָליקע פּאַסירונגען אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, וועגן דער רעוואָלוציע

---

*) דערצו האָט דער „אַרבעטער פריינט" מיט גענאָסע ראָקער מיט די איבעריקע גענאָסן אָנגעהויבן ווירקן פאַר דעם אויפבוי פון די ערשטע יידישע יוניאָנס אין לאָנדאָן און אויסער לאָנדאָן.

אין רוסלאַנד און אַזוי ווייטער. ווען ער האָט זיך דערוואוסט ווי לאַנג איך לעב צוזאַמען מיט יעטען, רופט ער זיך אָפּ צו מיר: 27 יאָר לעבסטו מיט איין פרוי, אַ שיינער אַנאַרכיסט ביסטו!

נו, וואָס איז מיט דיר אַליין — מיט מילין?! — רוף איך זיך אָפּ.

אַ לאַנג דערוואַרטעטע באַגעגעניש מיט אַ ליבן, אמת ליבהאַרציקן געגאָסע און זיין פריינדין, וועלכע האָט איבערגעלאָזן אין אונדזביידן שיינע און אַנגענעמע דערינערונגען.

## XVI

# אַ קאָמונאַלער לאַנד־עקספּערימענט, אַן אייגענע פאַרם

## אַ נייע קאָלאָניע אין קאַליפאָרניע—1911-1910

בעת איך בין געלעגן אין שפיטאַל האָט מען מיר איינמאָל געבראַכט אַ קאָפּיע פון „מאָטהער אוירטה" (מוטער־ערד), דער ענגלישער מאָנאַטלעכער אַנאַרכיסטישער זשורנאַל, וועלכן עמאַ גאָלדמאַן האָט ארויסגעגעבן פאַר אַ סך יאָרן. אין דעם נומער האָט זיך געפונען אַן אויפרוף פון געגאָסע אייזיקס (דער סעקרעטאַר פון דער לאַנג־עקזיסטירנדיקער ענגלישער אַנאַרכיסטישער וועכנטלעכער צייטונג „פרי סאָסייעטי" — פרייע געזעלשאַפט), אַז מען פּלאַנעוועט גרינדן אַ לאַנד־קאָלאָניע אין קאַליפאָרניע.

איך ווער שטאַרק באַגייסטערט פאַר דער אידייע און שרייב אַ בריוו צו געגאָסע אייזיקסן, אַז איך וויל זיך אַנשליסן פאַר אַ מיטגליד. צוזאַמען האָבן זיך אָפּגערופן אַ 23 געגאָסן; צווישן זיי האָבן זיך געפונען: בעלגיער, דייטשן, און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, נאָר דאָס מערסטע יידן. מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצושיקן געגאָסע אייזיקסן זוכן לאַנד אין קאַליפאָרניע. צו יענער צייט האָט אייזיקס געאַרבעט ביי מייזלען אין בוך־געשעפט.

האָט ער איבערגעלאָזן זיין דזשאָב און איז אָפּגעפאָרן.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און געגאָסע אייזיקס האָט אונדז געלאָזן וויסן, אַז ער האָט געפונען אַ פאַרם, זיבן מייל פון לינקאָלן און דרייסיק מייל פון סאַקראַמענטאָ. די פאַרם איז 160 אַקער לאַנד; די פרוכטן, וועלכע וואַקסן אויף איר, זיינען באַרן, עפּל, פלוימען, פּיטשעס און גרעיפּס (וויינטרויבן). דער פּרייז פאַר איר איז $12,000.

מיר האָבן צוגעשטימט און די פאַרם איז געקויפט געוואָרן.

דער פּלאַן פון דער קאָלאָניע איז פון אונדז אַליין אויסגעאַרבעט געוואָרן. די פּראָדוקטן זאָלן מיר פאַרקויפן צוזאַמען, פּראָדוצירן און

צעטיילן דעם איינקונפט זאָלן מיר לויט נאָך די חלקים פון יעדן איינצלנעמס בייטראַג פון פּראָדוקטן. דאָס מיינט אינדיווידואַליסטיש. געחלומט האָבן מיר אויך פון בויען הייזער פאַר אַלעמען און איבער־געלאָזט דעם בעסטן טייל לאַנד אויף צו בויען אַ שול פאַר קינדער מיט אַ גרויסן שפּיל־פּלאַץ.

ווען איך האָב זיך געקליבן פאָרן אין דער קאָלאָניע, בין איך נאָך געגאַנגען אויף קראַטשעס. דעם לעצטן טאָג פאַרן אָפּפאָר פון פילאַ־דעלפיע האָב איך געהאַלטן אַ רעדע פאַרן גרויסן טראָלי־קאַר סטרייק, וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען. אין ניו יאָרק האָב איך אין דעם זעלבן פּיזישן צושטאַנד געהאַלטן אַ רעדע אין קופּער־יוניאָן. פון דאָרט האָט מיך גענאָסע אַלעקסאַנדער בערקמאַן געפירט האַלטן אַ רעדע אין בראָנזוויל. פון דאָרט בין איך אָפּגעפאָרן אין דער קאָלאָניע.

עס האָט נישט גענומען לאַנג ווי איך האָב דערפילט, אַז אויך דער אידעאַלער עקספּערימענט, אויף וועלכן איך און אַנדערע האָבן געלייגט אַזוי פיל האָפענונגען, איז פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג. דאָ, אויף דעם באָדן פון אַ נייעם סאָרט עקספּערימענט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז גאָרנישט אַזוי לייכט פאַר שטאָטישע מענטשן צו קומען איבער נאַכט און זיך איינלעבן אין דער פאַרמעריי, וואו עס פאָדערט זיך פיל מער פיזישע אַרבעט ווי זיין אַן אַפּטייקער אָדער טאָן אַנדערע גרינגערע אַרבעטן אין שטאָט.

אויב די גרויסע שטערונג איז נישט געווען גענוג, איז נאָך צוגע־קומען אַ פיל וויכטיקערע שטערונג מצד אַ 4 ־ 5 פון די פּיאָנערן־גרינדער פון דער קאָלאָניע. און גראָד זיינען זיי געווען די הויפּט געלט־געבער אין קויפן די פאַרם. זיי זיינען עס גלייך געוואָרן די הויפּט־קעגנער פון אַ קאָאָפּעראַטיווער פאַרם פון אַ צוזאַמענאַרבעטן און לעבן אויף דער פאַרם.

מען קען שוין פאַרשטיין וואָס עס האָט געקענט זיין פון אַזאַ אידעאַליסטישן עקספּערימענט אונטער די נאַר־וואָס אָנגעגעבענע אומ־שטענדן — דאָס זעלבע וואָס פון מיינע אַלע חלומותדיקע פאַרזוכן פון קאָאָפּעראַטיווע עקספּערימענטן אין פילאַדעלפיע. נאָך אַ צוויי־יאָרי־קער עקזיסטענץ איז די קאָלאָניע אונטערגעגאַנגען. די פאַרם איז פאַר־בליבן ביי די פּיאָנערן, וועגן וועלכע איך האָב נאָר־וואָס גערעדט. אייזיקס לעבט נאָך היינט אויף דער פאַרם.

דאָס איינציקע וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט און באַקומען, אַ דאַנק דער קאָלאָניעס עקזיסטענץ, איז געווען: נאָך 6 חדשים זיין דאָרטן בין איך פולשטענדיק געזונט געוואָרן.

## צוריק אויף אַ פאַרם און נייע קאָאָפּעראַטיווע פאַרזוכן

צוריקקומענדיק פון דער קאָלאָניע נאָך פילאַדעלפיע האָב איך

עס שוין איינוועגס פאַרוואַנדלט אין אַ טור. איך האָב באַזוכט אַלע וויכטיקערע שטעט, אַפילו געווען אויך אין קאַלגאַרי, וויניפּעג, מאָנט־ריאַל, טאָראָנטאָ — די הויפּט־שטעט פון קאַנאַדע. און רעדעס האָב איך געהאַלטן כמעט אין אַלע באַזוכטע שטעט.

פון דעם לעקציע־טור איז מיר קלאָר געוואָרן איין זאַך: אַ לעקטאָר אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג קען פון געבן לעקציעס נישט מאַכן קיין לעבן.

ווען איך האָב זיך גענומען אַרומקוקן, האָב איך דערזען, אַז מיין יוגנט איז שוין לאַנג אַוועק. איך ווער שוין אַלט און בין נישט פייאיק מער צו אַרבעטן אין שאַפּ. וואָס זשע בלייבט מיר צו טאָן, נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגעגעבן אַ גאַנצן לעבן פאַר דער באַוועגונג? זאָל איך צו דער עלטער אָנקומען צו טשאַריטי אין הייזער פאַר אָרימע — ביידע אינסטיטוציעס פון דער איצטיקער אָרדענונג, וועלכע איך האָב אַזוי ביטער און שאַרף באַקעמפט אַ גאַנצן לעבן! . . .

באַשליס איך ביי זיך צו קויפן אַ שטיקל לאַנד און טאָן אַלץ אין מיינע כוחות צו דערנערן זיך אויף אַ שטיקל לאַנד דורך האָדעווען הינער. און איך האָב געפונען אַ פּאָר אַקער לאַנד מיט אַ הויז אויף וועלש ראָוד, נעבן ווילאָו גראָוו, פּענסילווייניע, און ביז היינט איז פון מיינע קאָאָפּעראַטיווע פאַרזוכן און חלומות געבליבן ביי מיר און מיט מיר איין זאַך — דאָס שטיקל לאַנד, וואָס רופט זיך „וויינבערגס פאַרם", אָדער ווי אייניקע רופן עס: „וויינבערגס קליינינקע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע".

אַזוי גיך ווי איך האָב זיך באַזעצט אויף דער פאַרם, האָב איך גלייך גענומען חלומען און פּלאַנעווען וועגן נייע קאָאָפּעראַטיווע פאַרזוכן אויף דער קליינער פאַרם, וואָס איך האָב געקויפט. איך האָב פאַררופן אַ קאָנפערענץ פון די יידישע יוניאָנס און אַרבעטער רינג ברענטשעס, פאַר זיי פאַרגעלייגט אַ פּלאַן פון אָנהייבן אַ קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב.

אין דער זעלבער צייט האָט עקזיסטירט אַן אומבאַדייטנדע קאָאָפּעראַטיווע סאָציאַליסטישע גראָסערי אין דעם דאַמאַלסטיקן לייבאָר אינסטיטוט אויף ריד סטריט. נו, איז ב. ביכאָווסקי, דער דאַמאַלסטיקער מענעדזשער פון פילאַדעלפיער „פאָרווערטס" און הויפּט־טאָנגעבער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, געקומען צו דער קאָנפערענץ, וואו אַ סך יוניאָנס און אַרבעטער רינג ברענטשעס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און האָבן ביטער באַקעמפט דעם גאַנצן פּלאַן, וועלכן איך האָט פאַרגעבראַכט. די הויפּט־טענה איז געווען — צו וואָס אָנהייבן אַ נייע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, אַז עס איז שוין דאָ איינע? עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע לאָגישע אַרגומענטן, אַז די קאָאָפּע־

ראַטיווע גראָסערי איז ווייט נישט קיין אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע, נאָר אַן אויסדריקלעכע סאָציאַליסטישע אונטערנעמונג.

די טויטע האָבן נישט געלאָזט מאַכן אַ לעבעדיקן פּאַרזוך. די טויטע קאָאָפּעראַטיווע גראָסערי האָט געזיגט. פון דער קאָנפערענץ האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזן. זייער גראָסערי איז נישט געוואָרן גרעסער אויף דאָס מינדעסטע, נאָר איז איינגאַנצן אונטערגעגאַנגען.

צו דערזעלבער צייט, ווען איך האָב געקויפט די פאַרם, האָב איך זיך בעענטער באַקענט מיט געגאָסין יעטע לאָנדאָן, וועלכע איז ביז היינט פאַרבליבן ביי מיר און מיט מיר, די שענסטע און ליבסטע לעבנס־באַגלייטערין, מיט וועמען איך טייל זיך אמתדיק מיט אַלע מיינע פריידן אוןליידן. ווען נישט איר טריישאַפט, וואָלט איך שוין, מסתמא, פון לאַנג געווען צווישן די ניט־לעבעדיקע.

מיין איינציקע באַדויערונג איז, וואָס מיין עלטער און הויפּטזעכ־לעך די לאַנגע רייען פון דורכגעפאַלענע פאַרזוכן, פון עקספּערימענטן שטערט און אַנטמוטיקט אין מיר אַ באַגער צו וועלן מאַכן נייע קאָאָפּע־ראַטיווע עקספּערימענטן, דאָ אויף דער פאַרם אָדער ערגעץ אַנדערשוואו.

## מיין לעצטער קאָאָפּעראַטיווער פאַרזוך

עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט נאָך מיין צוריקקומען פון דעם לעק־ציע־טור אין 1917, און ווידער האָט אָנגעהויבן אַ נאָגעניש צו וועלן טאָן אויפן קאָאָפּעראַטיוון געביט. אַזוי פיל מאָל האָבן זיך מיינע חלומות געענדיקט מיט אַזאַ טרויעריקן דורכפאַל; דאָך, ווער ווייסט? קען דאָך גראָד זיין, אַז דער פאַרזוך זאָל זיך יע איינגעבן.

דער נייער פאַרזוך איז נישט געווען מער קיין קאָאָפּעראַטיוו הויז אָדער סטאָר, נאָר אויסבויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער פאַר אַרבעטער. אין דער אַרבעט האָב איך פאַראינטערעסירט די נאָך צו יענער צייט וויינציק באַקאַנטע רעכטע און לינקע פון פילאַדעלפיע. — דר. לאָוו, אַן אויסגעשפּראָכענער אַקטיווער לינקער, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס קאַסירער.

דער אינטערעס, וואָס דער נייער קאָאָפּעראַטיווער פאַרזוך האָט אַרויסגערופן ביי די אַרבעטער, איז געווען זייער אַ סימפּאַטישער. אַ סך האָבן זיך פאַרשריבן אַלס מיטגלידער. איבער 60 שערס זיינען שוין געווען פאַרקויפט.

האָט זיך אָבער דער קאַמף צווישן די נייע אויפגעקומענע רעכטע און לינקע סאָציאַליסטן מער צעפלאַקערט. די לינקע האָבן בלויז גע־לעבט מיט דעם גייסט פון דער נאָר־וואָס געשעענער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף אונדזער פאַרזוך. באמת — וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער פאַרגלייך איז עס טאַקע צווישן אונדזער וועלן בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער פאַר אַרבעטער

פון איין זייט און אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע פון 150 מיליאָן מענטשן פון דער צווייטער זייט? אַזוי איז עס געקומען צו דעם, אַז ביי אַ מיטינג פון דער נייער „קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט" האָט איינער אויסגע־שריגן: „ווייבבערג דער אַנאַרכיסט וויל אונדז פאַרפירן, מאַכן אונדז פּאַר אויס אַרבעטער דורכן פאַרוואַנדלען אונדז אין אַ „מעלקע בור־זשואַזיע".„

ווען איך האָב דערפילט, אַז די אַרבעטער ווערן אָפּגעקילט פון זייער באַגייסטערונג צום נייעם פּלאַן, האָב איך געמאַכט אַן אַנדער פאַרזוך צו ראַטעווען די סיטואַציע. איך האָב גענומען געבאָסע אל. בראַון און בין מיט אים אַרומגעגאַנגען באַזוכן די קאַרפּענטערס יוניאָן. מיר האָבן פאַרגעלייגט דער יוניאָן איבערצונעמען דעם גאַנצן פּלאַן פון בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער.

דאָ האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ גרויסן שטיין. כמעט אַ העלפט פון די יוניאָן־מיטגלידער זיינען אַליין געווען בילדערס (בויערס) און קאָנטראַקטאָרס, און אַ סך פון דער צווייטער העלפט האָבן געהאָפט צו ווערן בילדערס און קאָנטראַקטאָרס. אונטער אַזוינע אומשטענדן האָב איך דען געקענט דערוואַרטן עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, אַז זיי וועלן אָנווענדן אַלץ כדי צו דערשטיקן דעם קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן?

מיין אַנטוישונג איז שוין דאָס מאָל נישט אַזוי גרינג געווען צו פאַרגעסן. איך האָב באַשלאָסן מער נישט צו מאַכן קיין קאָאָפּעראַטיווע פאַרזוכן.

און דעם אמת זאָגנדיק, קומט עס מיר נישט אָן אַזוי גרינג. מיין לעבנס־פריינדין, יעטע לאַנדאָן, זייענדיק אַ סך יינגער פון מיר אין יאָרן, און ווינציקער אַנטוישט פון קאָאָפּעראַטיווע פאַרזוכן, גאַרט זייער שטאַרק נאָך נייע קאָאָפּעראַטיוון, און איך בין גרויזאַם צו אַלע אירע פּלענער; איך טויט אָפּ ביי איר יעדן ווילן צו מאַכן ווען ס'איז קאָ־אָפּעראַטיוון פאַרזוך.

[דער לייענער דאַרף דאָ געדענקען, אַז גענ. ווייבבערג האָט מיר איבערגעגעבן זיינע עראינערונגען אין יאָר 1930, בעת איך האָב פאַרבראַכט אין זיין היים אייניקע וואָכן צייט. און אַז די נאָר וואָס איבערגעגעבענע עראינערונג פון וועגן דעם לעצטן קאָאָפּע־ראַטיוון עקספּערימענט, אין וועלכן ער האָט זיך ביז צו יענער צייט באַטייליקט, איז ווי געשילדערט ריכטיק.

פאַקטיש איז עס אָבער נישט געווען דער לעצטער קאָאָפּעראַ־טיווער עקספּערימענט אין וועלכן גענ. ווייבבערג האָט זיך באַ־טייליקט.

שפּעטער מיט אייניקע יאָרן, נאָך דעם יאָר 1930, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די „סאָנרייז" קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, האָט גענ. ווייבבערג ביי מיר געפרעגט אַ מיינונג וועגן זיין פּלאַן זיך אָנצושליסן אין דער נייער קאָלאָניע. איך האָב זיך דאַן גע־פונען אין קאַליפאָרניע, וואו איך האָב רעדאַקטירט דעם אַנאַרכיס־

טישן זשורנאַל „מען" (מענטש), 1933-1940, און פון וועלכן זשורנאַל געב. ווײַנבערג איז געווען אַ באַשטענדיקער לייענער.
אין מײַן ענטפער האָב איך אויסגעדריקט אַ צווייפל אויב דער עקספּערימענט איז נישט אַ צו קאָלאָסאַלער — גלייך פון אַנהויב — אין וועלכן עס פאָדערט זיך צו גרויסע יערלעכע סומען געלט אים אויפצוהאַלטן. פאַרענדיקט מײַן ענטפער האָב איך מיט דער עצה וואָס ער האָט מיר געגעבן מיט יאָרן צוריק, ווען איך האָב געגאַרט וויסן זײַן מיינונג וועגן מײַנע קאָאָפּעראַטיווע פּלענער פאַר דער ראַדיקאַל לײַבערערי, פון וועלכער איך בין געווען אַ מיטגליד:
„האַסטו, הייסט עס, שוין אויסגעהערט מײַנע פּילע אַנטוי־שונגען," האָט געב. ווײַנבערג צו מיר דאַן געזאָגט, „איצט גיי און פיר דורך דײַנע פּלענער — אומגעאַכטעט דערויף!"
און ווי עס איז אַלעמען באַוואוסט, האָבן געב. ווײַנבערג און זײַן לעבנס־באַגלייטערין יעטע לאַנדען זיך אַנגעשלאָסן אין דער „סאַנרייז" קאָלאָניע. נאָך אַן אָפּזײַן דאָרטן פון נאָענט צו צוויי יאָר האָבן זיי זיך פון איר צוריקגעצויגן — אַנטוישטע, און אומ־געקערט זיך צו זייער פאַרם אין ווילאָ גראָוו, וואו זיי האָבן בײדע געלעבט ביז צום סוף פון זײַן לעבן, אין יאָר 1939. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז אויך יעטע ווײַנבערג געשטאָרבן. — מ. ג.]

XVII

# אויף אַ פּראָפּאַגאַנדע טור. — אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע

## דער אַגיטאַציאָנס־טור פון 1916 און רוסישע רעוואָלוציע

אין 1916 איז פאָרגעקומען אַ קאָנווענשאָן פון יידישע אַנאַרכיסטן אין פילאַדעלפיע. דאָרטן איז באַשלאָסן געוואָרן מיך אַרויסצושיקן פאַר אַן אַגיטאַציע־טור איבערן לאַנד.

דער אַגיטאַציע־טור האָט זיך אַנגעהויבן דעם 11טן נאָוועמבער, 1916, אין ניו יאָרק. צווישן די צוהערער איז אויך געווען גענאָסע ל. ד. עבאָט, דער אַמעריקאַנער אַנאַרכיסט. ווען איך האָב אים געפרעגט, ווי אַזוי קען ער דאָס אויסזיצן אַ גאַנצן אָוונט נישט פאַרשטייענדיק קיין יידיש — האָט ער מיר דערקלערט, אַז דאָס איז נישט קיין שטערונג פאַר אים, ווייל ער האָט הנאה צו זען און הערן מיך ריידן.

פון ניו יאָרק בין איך אָפּגעפאָרן קיין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע). די לעקציעס, וועלכע די דאָרטיקע אַנאַרכיסטישע גרופּע האָט פאַר מיר אַראַנזשירט, זײַנען נישט געווען קיין גרויסער דערפאָלג. זיי האָבן פּשוט ווייניק אַנאָנסירט די לעקציעס.

אין דעטראָיט (מישיגען) בין איך שוין געווען מער דערפאָלגרייך. די גרופּע האָט גוט אַדווערטייזט די לעקציעס, די פאַרזאַמלונגען ביי די יוניאָנס זײַנען ווידער געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

פון דעטראָיט בין איך געפאָרן קיין שיקאַגאָ. גרויס זיינען געווען מיינע דערוואַרטונגען אויף דער שטאָט, וואו מיר האָבן אָוועקגעלייגט אַזעלכע גרויסע קרבנות. אַמווייניקסן האָב איך דערוואַרט צו טרעפן דאָרטן אין שיקאַגאָ אַ באַוועגונג; געפונען האָב איך אַ צעשפּאָלטענע, אָפּגעשוואַכטע באַוועגונג און די פּראָגרעסיווע לייברערי — אַן אונ־טערגעגאַנגענע. איין־איינציקער גענאָסע, סעם אַגורסקי, האָט צוזאַ־מענגעבראַכט אַ צוואַנציק מענטשן צו דער לעקציע. און ווידער האָבן די פאַרזאַמלונגען, אַראַנזשירט פון די יוניאַנס, מיך געראַטעוועט מאָ־ראַליש און פינאַנציעל. ביי איינער פון די יוניאָן־פאַרזאַמלונגען האָט זיך אַ יונגערמאַן אויפגעשטעלט נאָך מיין רעדע און באַמערקט: „צום ערשטן מאָל הער איך אַזאַ קלאָרע רעדע ביי אַ יוניאָן־פאַרזאַמלונג.״ אין שיקאַגאָ האָבן מיר באַזוכט די „וואַלדהיים סעמעטערי״ מיט די קברים פון אונדזערע שיקאַגער מאַרטירער און פון גענאָסין וואָלטערין דע קלעיר.

פון שיקאַגאָ בין איך אָפּגעפאָרן קיין סעינט לואיס. דאָ אין דער שטאָט זיינען גראָד געווען אייניקע גענאָסן, וועלכע האָבן געאַרבעט פאָרן דערפאָלג פון מיין פאַרזאַמלונג. דאַרף זיך גענאָסע ראָטשטיין איינשפּאַרן, אַז דער האָל, דאָ וואו איך דאַרף ריידן, זאָל נישט זיין אין קיין יידישער, נאָר אין אַן איטאַליעניִשער געגענט. געקומען זיינען אָבער, אַפילו אין איטאַליענישן געגנט, ביי אַ 50 מענטשן, און אויך דאָ האָב איך אַדרעסירט אַ פאַרזאַמלונג פון דער יוניאָן.

נאָך סעינט לואיס בין איך געקומען קיין סינסינעטי. דאָ האָט גענאָסע וואָלפסאָן פאַר מיר אַראַנזשירט די לעקציע, צו דער דערעפע־נונג פון אַ ביבליאָטעק ביי דעם „ראַדיקאַלן סוירקל״ (בונד). געגעבן האָבן זיי מיר $3. די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט אַראַנזשירט אַ פאַר־זאַמלונג און עס זיינען געקומען 200 מענטשן.

האָב איך שוין ווידער אַמוניציע מיט וואָס צו פאָרן ווייטער — קיין קליוולאַנד. דאָ איז שוין גראָד געווען אַן אַקטיווע גרופּע. זיי האָבן אויך געהאַט אַ זייער גוטע ראַדיקאַלע ביבליאָטעק. ווען די ביבליאָטעק איז שפּעטער אויפגעגעבן געוואָרן, האָבן זיי געשיקט אַלע ביכער צו דער פילאַדעלפיער ראַדיקאַלער לייברערי, וואו זיי געפינען זיך ביז היינט. די אַקטיווע אָנפירער פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין קליוולאַנד זיינען אין יענער צייט געווען גענאָסע ראַוונער און זיינע ברידער. אָבער אַזוי שנעל ווי זיי האָבן געפונען באַשערטע, זיינען זיי פאַר דער באַוועגונג פאַרלאָרן געגאַנגען. איך בין אָנגעקומען פונקט אין דער צייט, ווען אונדזער גאַנצע באַוועגונג איז געווען פאַרנומען מיט אַ „בוירטה קאָנטראָל״ (געבורט רעגולאַציע) פּראָצעס אין געריכט, אין וועלכן דר. בען רייטמאַן (אין יענער צייט עמאַ גאָלדמאַנס „מענע־דזשער״) איז אויך געווען איינער פון די אָנגעקלאָגטע.

פון קליוולאַנד בין איך אָפּגעפאָרן קיין פּיטסבורג. דאָ האָב איך געפונען יידיש־ענגליש־ריידנדע אַנאַרכיסטן. די לעקציע איז געווען אַ גוט־באַזוכטע. דערנאָך האָט מען מיך געפירט צו ווייזן זייערע נייע קלוב־צימערן.

געפונען האָבן מיר אַ פולן צימער מיט מיידלעך פון גאַס און בחורים . . . עס האָט מיר געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן. אַמאָל פלעגן מיר זען אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג גימנאַזיסטקעס, און איצט, מיידלעך פון גאַס! . . .

אין וואַשינגטאָן איז מיין לעקציע געווען אַ מאָראַלישער און פינאַנציעלער דורכפאַל.

אין באַלטימאָר איז געשען דאָס זעלבע: מיט דער לעקציע, אָר־גאַנאַזירט פון דער גרופּע, און די פאַרזאַמלונג, אָרגאַניזירט פון די יוניאָנס, איז, ווי איבעראַל, געווען אַ דורכפאַל. אין ווילמינגטאָן איז אויך געווען אַ דורכפאַלגרייכע לעקציע.

אין פילאַדעלפיע האָט די ראַדיקאַלע לייבערערי אָן מיר אינגאַנצן פאַרגעסן, ווי עס פירט זיך ביי יעדער משפחה — די לייבערערי האָט אפילו נישט אַראַנזשירט קיין איין לעקציע. די קלאָוקמאַכער האָבן אָבער נישט פאַרגעסן אָן מיר און אַראַנזשירט אַ גרויסע מאַסנפאַר־זאַמלונג אין אַרטש סטריט טעאַטער, וועלכע איז געווען זייער דער־פאָלגרייך.

דערנאָך ביז איך אָפּגעפאָרן ריידן אין לין, עווערעט און בראָקטאָן. אַזוי ווי קיין קלאָוקמאַכער־יוניאָנס זיינען דאָ נישט געווען, האָבן מיינע לעקציעס געהאַט דעם זעלבן אָפּשניט ווי די מערסטע לעקציעס, אַראַנ־זשירט פון אונדזערע גרופּעס אָדער איינצלנע גענאָסן.

## דער אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד

באָסטאָן איז געווען די לעצטע שטאָט וואו איך האָב געזאָלט פאַר־ענדיקן מיין טור. און פּונקט אין דער צייט ברענגט דער טעלעגראַף די פריילעכסטע נייעס אין מיין לעבן: די נייעס וועגן דעם אויסברוך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. דער באָסטאָנער „פאָר־ווערטס" האָט אַראַנזשירט אַ גרויסע פאַרזאַמלונג און מיך איינגעלאַדן צו קומען ריידן. עס זיינען געקומען איבער 2,000 מענטשן. גערעדט האָבן דער רעדאַקטאָר פון רוסישן „נאַווי מיר", מאיר לאָנדאָן און איך. צו שילדערן די באַגייסטערונג פון די פאַרזאַמלטע און די פייערדיקע שטימונג פון די רעדנער אַליין, איז נישט נייטיק. יעדערער פון אונדז געדענקט נאָך גאַנץ גוט יענעם גרויסן מאָמענט פון פרייד און באַגייס־טערונג, וואָס עס האָט אַרומגעכאַפּט יעדע נשמה, וואו עס האָט נאָר געגליט אַ פונק פון ליבע צו פרייהייט.

אַז איך האַלט שוין ביים ריידן פון דעם אויסברוך פון דער רעוואָ־

לוציע אין רוסלאַנד, איז אין פּלאַץ צו דערמאָנען פּאָלגנדעס: דורך מיין באַזוך אין קליוולאַנד אין 1916 האָב איך זיך אויך באַקענט מיט גענאָסע מ. וואָלין און געהערט זיינע אַ לעקציע אין רוסיש. אין 1917, דער דאָזיקער פּאָרדינסטפולער אַלטער רוסישער אַנאַרכיסט איז געווען פון די ערשטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן צו פאַרלאָזן אַמעריקע צוריק צו פאָרן קיין רוסלאַנד. ער, צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע פון אונ־דזערע רוסישע קאַמעראַדן, וועלכע האָבן ביז דאַן אַרויסגעגעבן די וועכנטלעכע צייטונג „גאָלאָס טרודאַ", האָבן אָפּגעשטעלט די צייטונג, איינגעפּאַקט אַ טייל פון דער דרוקעריי און אָפּגעפאָרן זיך באַטייליקן אין דער ערשטער סאָציאַלער רעוואָלוציע. היינט געפינט זיך גענאָסע וואָלין אין פּאַריז אַלס אַן אַרויסגעשיקטער פּאָליטישער קעגנער פון באָלשעוויסטישן שטאַט. פעדיע, איינער פון די בעסטע רוסישע קאַמעראַדן, וועלכן מיר האָבן געהאַט אין פילאַדעלפיע, איז געשטאָרבן קעמפנדיק פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. פון פילע ווייסן מיר נישט וואו זיי זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. אייניקע, ווידער, האָבן אויס־געקליבן דעם „גרינגערן" וועג און פאַרגעסן אַן זייערע אַנאַרכיסטישע אָנשויאונגען, ווי וו. שאַטאָוו, און זיינען געוואָרן באַאַמטע אין באָל־שעוויסטישן שטאַט.

XVIII

# פייערונג פון מיין אַקטיוויטעט אין דער באַוועגונג, די ראַדיקאַלע לייברערי און אַן ערשטער מאַי פייערונג

## דרייסיק יאָר אַקטיוויטעט אין דער אַנאַרכיסטישער און אין דער אַרבעטער־באַוועגונג

ווען עס האָט געהאַלטן ביים פאַרפולט ווערן מיין 30־יאָריקע אַק־טיוויטעט אין דער אַנאַרכיסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג אין 1917, האָט די ראַדיקאַלע לייברערי אין פילאַדעלפיע אָראַנזשירט צוויי פייער־רונגען. די ערשטע איז געווען אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג אין אַמעריקען טעאַטער, וואו עס זיינען אָנוועזנד געווען אַרום 18 הונדערט אַרבעטער. גערעדט האָבן פאַרטרעטער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, בעקערס יוניאָן, וועסטן־מאַכערס יוניאָן, ווי אויך ס. שאָר, מ. קאַהען, ש. יאַנאָוו־סקי, ב. וולאַדעק און גענאָסע וויליאַם שולמאַן איז געווען דער פאָר־זיצער. באַגריסונגס־טעלעגראַמען זיינען אָנגעקומען פון אַלע טיילן פון לאַנד און זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן.
אין זעלבן אָוונט איז געגעבן געוואָרן אַ באַנקעט, ביי וועלכען עס

זיינען אָנוועזנד געווען בלויז 155 מענטשן. ס׳האָבן געוואָלט האָבן בילעטן איבער 500, אָבער די קאָלאָניאַל קאַפּע האָט נישט געהאַט גענוג פּלאַץ פאַר אַלע וועלכע האָבן געוואָלט קומען צו דער שמחה.ביים באַנקעט האָט מען ווידער געהאַלטן רעדעס און געלייענט טעלע־גראַמען. דאָ איז אָבער געווען אַ שטיקל וואַריאַציע: סעמיועל גאָלדענ־בורג, וואָס איז אין זיין יוגנט געווען אַ מיטגליד פון דער לאַנדאַנער „אַרבעטער פריינד״ גרופּע, האָט דעקלאַמירט און געשפּילט פּיאַנאָ. ער האָט אויך אויסגעדריקט זיין טיפע באַדויערונג, וואָס איך האָב נישט אָפּגעגעבן מיין טאַלאַנט פאַר דער בינע. דערנאָך האָט די איצט באַ־רימטע אָפּערע זינגערין, די טאָכטער פון גענאָסע ברעסלוי, סאָפיע ברעסלוי, געזונגען לידער. דער רעסטאָראַן איז בוכשטעבלעך געווען אָנגעפילט מיט בלומען. צום שלוס האָט די בעקערס יוניאָן מיך פרע־זענטירט מיט מיינס אַ בילד.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, גערעדט ביידע מאָל, ביי דער פאַרזאַמ־לונג און ביים באַנקעט. די שטימונג, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט צו הערן די רעדעס און טעלעגראַמעס וועגן מיר, קען איך אייך גאָר נישט פאַרשטעלן. איך האָב זיך געפילט גליקלעך און צופרידן, אַז דאָס טיילט מען צו כבוד נישט חיים ווײנבערגן, ווייל עס זיינען דאָ אַזוי פיל חיימס אויף דער וועלט, נאָר חיים ווײנבערגן דעם אַנאַרכיסט פאַר זיין טע־טיקייט אין דער אַנאַרכיסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג.

## אַן אויל־בילד

אַז איך רייד שוין יאָ וועגן אַ יובילײ, וואָס איז פאַר מיר גע־פראַוועט געוואָרן, מעג איך שוין אויך דערמאָנען גענאָסע קעלהען. ער איז פאַר אַ סך יאָרן געווען אין אונדזער באַוועגונג, מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַן אָנערקענטער מאָלער.

איין מאָל לייגט ער מיר פאָר, איך זאָל קומען אין זיין סטודיאָ זיצן; ער וויל מאָלן אַ בילד פון מיר. איך האָב איינגעשטימט און בין געקומען.

ער האָט אָפּגעגעבן אויף דעם אַ 10 שעה צייט. איך, זייענדיק ביי זיך זיכער, אַז ער וועט מיר געבן דאָס בילד, האָב זיך באַראַטן מיט מיין יעטען אים צו באַצאָלן $80 פאַר דער אַרבעט. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין איבעראַשונג ווען גענאָסע קעלהען דערקלערט, אַז דאָס בילד האָט ער געמאַכט פאַר זיך, אויף צו פאַרקויפן, און ווילן וויל ער פאַר דעם בילד $500.

גענאָסין סערע גרינבערג האָט גענומען אַרבעטן דערפאַר צו קויפן דאָס בילד פאַר דער פילאַדעלפיער „ראַדיקאַלער לייברערי״. מיין יעטע איז אָבער אויך נישט געשלאָפן; זי האָט געאַרבעט אויף גענאָסע קעלהען. אין אַ שיינעם טאָג געפין איך אויס, אַז יעטע האָט טאַקע

געקראָגן דאָס בילד אַ פּרעזענט פאַר מיר. און ווייל אַ פּרעזענט, האָט געגאָסע קעלהען איר געגעבן דאָס בילד פאַר בלויז $100. איצט הענגט דאָס בילד ביי מיר אין הויז אויף דער פאַרם, כאָטש איך בין געווען קעגן דעם. פריער אָדער שפּעטער — וועט דאָס בילד דאָך מסתמא הענגען אין דער ראַדיקאַלער לייברערי. אָבער געגאָסין יעטע לאַנדאָן האָט באַקומען דאָס בילד מיט דעם תנאי, אַז עס זאָל אַריינגעגעבן ווערן אין אַזאַ פּלאַץ, וואו יעדער אַרבעטער פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג זאָל עס קענען זען.

איצט איז געגאָסע קעלהען אַ קאָמוניסט, אָבער מיר זיינער פאַרזענלעך פאַרבליבן גוטע פריינט.

## די פילאַדעלפיער ראַדיקאַלע לייברערי און איך

נישט איין מאָל, נאָר צענדליקער מאָל איז מיר אויסגעקומען צו ריידן אויף דער פּלאַטפאָרמע פון דער פילאַדעלפיער לייברערי; ווען עס קומט דאָרטן פאַר אַ וויכטיקע פאַסירונג רופט מען מיך און איך בין שטענדיק דאָ. ווען זי אָרגאַנזשירט ערגעץ־וואו אַ גרויסע עפנטלעכע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט בין איך דאָ. און די ראַדיקאַלע לייברערי איז עס אויך געווען די יעניקע, וועלכע האָט פאַר מיר אָרגאַנזשירט דעם וואונדערבאַרסטן דרייסיק־יאָריקן יובילייַ אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט.

דאָך איז דאָ איין פּלאַץ, וואו מען טרעפט מיך זעלטן; דאָס איז ביי די מיטינגען פון דער ראַדיקאַלער לייברערי אַליין אַלס אַן אָרגאַניזאַציע. פאַרוואָס?

איך קען דאָס בלויז דערקלערן מיט דעם: אַז זיין אויף מיטינגען מיט די זעלבע עטלעכע געגאָסן, זען אַלע מאָל די זעלבע פּנימער, קען מיך נישט צופרידן שטעלן. די אַרבעט איז אַ באַגרענעצטע. איך מוז האָבן טויזנטער צוהערער און אַלע מאָל זאָלן זיין נייע צוהערער.

ווען עס געלינגט מיר צו באַגייסטערן מאַסן אין קאַמף, קען איך זיי העלפן אָנפירן ביז צום סוף. דעריבער איז מיין גרעסטער טייל טעטיקייט אָפּגעגעבן געוואָרן אין דער אָרגאַניזירונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, די יוניאָנס. דאָרט איז פאַר מיר דאָס פעלד אַלע מאָל אַן אומבאַגרענעצטער, אַ גרויסער, פיל גרעסער ווי די באַגרענעצטע צאָל מיטגלידער פון אַן אַנאַרכיסטישער גרופּע. ווען איך רייד און געפין זיך צווישן דער מאַסע, באַקום איך מוט און באַגייסטערונג.

מיין אַנאַרכיסטישע נשמה איז אָבער צו יעדער צייט דאָ און אַלץ וואָס איך טו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אויב איך קום נישט אַזוי אָפט צו די געוויינלעכע מיטינגען פון דער ראַדיקאַלער לייברערי, איז אָבער מיין גייסט פון ברודערלעכקייט אַלע מאָל מיט זיי און פאַר זיי, און זיי ווייסן דאָס.

## די סאָציאַלע רעוואָלוציע און ערשטער מאַי־מיטינג אין פילאַדעלפיע — 1915

די יאָרן פון דער יוגנט זיינען ביסלעכווייז פאַרשוואונדן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן נייע געזיכטער אין אונדזער באַוועגונג. און עס האָט מיך ווירקלעך געפרייט.

איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומעןריידן אין יידיש ביי אַן ערשטער מאַי־פייערונג, וועלכע דער „סאָיוז רוסקיך ראַבאָטשיך" (וועלכער האָט דאַן געהאַט אַן ערך 7,000 מיטגלידער אין כמעט אַלע טיילן פון אַמעריקע און קענעדע) האָט דאַן אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט די איטאַליענישע קאַמעראַדן. די פייערונג איז געווען נישט ביינאַכט, נאָך דער אַרבעט, נאָך בייטאָג. גענאָסע שאַטאָוו האָט גערעדט אין רוסיש, אַ גענאָסע אין איטאַליעניש, און איך אין יידיש, און צולעצט — דער טשערמאַן פון דער פאַרזאַמלונג אין ענגליש.

דער טשערמאַן איז געווען פון דעם נייעם יונגן דור. בין איך דאָך נייגעריק צו הערן אים ריידן אין ענגליש. ער האָט גערעדט זייער קורץ, און אומגעפער געזאָגט דאָס פאָלגנדע: די געשיכטע פון דער וועלט באַווייזט, אַז אַלע רעוואָלוציעס הייבן זיך אָן פון אַ מינאָריטעט. די מאַסע פאָלגט נאָך. ווען איך זאָל קענען באַקומען 50 מענטשן, וועלכע זיינען וויליק אָנצוהייבן די רעוואָלוציע, וואָלט איך געגאַנגען גלייך פון דאַנען און גענומען אַרבעטן דערויף.

איך האָב גענומען קוקן אויף גענאָסע שאַטאָוון, ער אויף מיר. אונדזערע ביידנס אויגן האָבן געזוכט אַ פּאָליסמאַן. צו אונדזער אַלע־מענס גליק איז נישט געווען אַפילו קיין איינער. איך בין זיכער, אַז ווען די געזעץ־היטער זאָלן געווען הערן די נאַאיווע אויפריכטיקע רעדע פון נייעם רעדנער, וואָלט מען אונדז געשפּאָלטן די קעפּ, און אַרעסטירט.

פאַרענדיקנדיק די דערציילונג פון יענער ערשטער־מאַי־פאַרזאַמלונג, וועל איך אייך אויסזאָגן אַ סוד: דער טשערמאַן, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַלטן די רעדע אין ענגליש, איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי דער, וועלכער פאַרשרייבט איצט די ביאָגראַפיע, וועלכע איך דערצייל דאָ דורך אים — גענאָסע מאַרקוס גרעהעם (ש. מאַרקוס).

## ראַציאָנאַלע קינדער־דערציאונג

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז מיין פריינדין, גענאָסין יעטע לאַנדאַן, טראָגט זיך אַרום מיט פאַרשיידענע פאַנטאַזיעס און פּלענער, וואָס מען וואָלט געקענט דורכפירן אויף דער קליינער פאַרם, וואו איך געפין זיך, און איך צווייפל נישט אין די פּלענער, אַז זיי זיינען דורכפירבאַר ביז אַ געוויסן גראַד, נאָר אין די רעזולטאַטן צווייפל איך יאָ.

גענאָסין יעטע דענקט, אַז די פאַרם וואָלט געווען וואונדערבאַר

צוגעפאַסט פאַר אַן עקספּערימענטאַלער ראַציאָנאַלער קינדער־שול. גאַנץ מעגלעך, אַז דער פּלאַץ איז גוט; וואו נעמט מען אָבער די פינאַנ־ציעלע מיטלען עס דורכצופירן? אונדזער מאַרטירער־געגאַסע פראַנ־סיסקא פערער האָט געקענט צוציען אַזעלכע פערזענלעכקייטן ווי עמיל זאָלאַ, סערא בערנאַרד און אַנדערע צו שטיצן זיין שול פינאַנציעל, און זיין באַרימטן עקספּערימענט אויף דעם געביט פון דערציאונג. ביי אונדז איז דאָס נאָך ערגער מיט דעם, וואָס אַז מיר באַקומען שוין איינעם וואָס ווייזט זיך אַרויס אַלס אַ פאַסנדער פּעדאַגאָג פון אַ ראַ־ציאָנאַלער דערציאונג, ווערט ער אָדער גלייך אויסגעכאַפּט פון די, וועלכע קענען בעסער באַצאָלן, אָדער ער איז צו „ראַדיקאַל" פאַר אונדז, ווי געגאַסע א. פוירם און זיין פריינדין.

און ווען מען קען שוין האָבן די נייטיקע מיטלען און פאַסנדע מענטשן, מיט וועמען דורכצופירן אַזאַ עקספּערימענט, וואָס וועט זיין מיט די קינדער, ווען זיי וואַקסן אונטער? די ראַדיקאַלע עלטערן זוכן און שטרעבן נאָך אַ „תּכלית" פאַר זייערע קינדער פּונקט אַזוי גוט ווי די קאָנסערוואַטיווע. און דער סוף איז, אַז די גאַנצע ראַדיקאַלע דער־ציאונג, וואָס זיי האָבן באַקומען, גייט אינגאַנצן פאַרלאָרן. דאָס אַרר־מיקע לעבן, דער קאַמף פאַר דער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ איז געבליבן ביז היינט דער גרויסער שטערונגס־שטיין אויף דעם וועג פון עקספּע־רימענטן פאַר ראַציאָנאַלער דערציאונג, וועלכע זאָל האָבן גוט־ווירקנדע און דויערנדע רעזולטאַטן אין דעם זין, ווי מיר שטעלן זיך פאָר און וואָלטן עס וועלן.

## XIX

# מיין וועלט־אַנשויאונג

## דער סאָציאַליזם און די נייע „אָריענטירונג" אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט אירע צענדליקער יאָרן פון טע־טיקייט און נצחונות אין די פּאַרלאַמענטן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס דער גרעסטער באַנקראָט. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אַרבעטער־קלאַס, ווערן די אַרבעטער איצט מער עקספּלואַטירט אויף אַ מער אוממענטשלעכן אופן ווי ווען עס איז פריער. און די הויפּט־זאַך האָט דער „גרינגער" רעפאָרמיסטישער וועג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָפּגעטויט ביי דעם אַרבעטער דעם אַמאָליקן גייסט פון פּראָטעסט און קאַמף.

אונדזערע „ניי־אָריענטירער" אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג וואָלטן געמעגט אַ סך לערנען פון דעם. זיי וועלן דאָך פאַרשפּאָרן זיך

אזוי פיל מי און וועלן פאַרוואַנדלען דעם אַנאַרכיזם אין אַ מין נייער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

מיר קענען רופן פּראָטעסט־מיטינגען קעגן פאַרגוואַלדיקונגען פון פרייהייט; מיר קענען שטיצן רעפאָרם־באַוועגונגען אומדירעקט, אָבער מאַכן דאָס פאַר אַנאַרכיסטישע טעטיקייט איז זינלאָז.

* * *

## שלום־וואָרט

נישט אַכטנדיק אויף אַלע אַנטוישונגען, וואָס איך האָב דורכגע־מאַכט, און וועלכע זיינען דאָ געשילדערט, בין איך נישט קיין פּעסי־מיסט. איך בין זיכער, אַז דער אַנאַרכיסטישער אידעאַל וועט ווערן אַ ווירקלעכקייט אין דער גאַנץ נאָענטער צוקונפט. דאָס איז נישט דעריבער ווייל דער אַנאַרכיזם איז ביי מיר געוואָרן אַ דאָגמע, נאָר דאָס קומט פון מיינע באַאָבאַכטונגען פון מענטשלעכע האַנדלונגען; ווייל שטודירנדיק די פּסיכאָלאָגיע פון יעדן איינעם, זע איך, אַז סיי ביי די חיות, סיי ביי די מענטשן איז דאָ אַ מיטגעבאָרענער אינסטינקט פאַר פרייהייט. אָט אויף דעם דאָזיקן אינסטינקט פון יעדן מענטשן, אויף דעם באַגער זיינעם און שטרעבונג צו פרייהייט, האָט מען אויסגעבויט די טעאָריעס פון אַנאַרכיזם.

נאָר דער אונטערשייד צווישן דער ווילדער פרייהייט און דער אַנאַרכיסטישער פרייהייט איז דער, אַז איך קען נישט זיין פריי ביז די גאַנצע געזעלשאַפט אַרום וועט ווערן פריי, דאָס הייסט, אַז יעדער איינער זאָל האָבן אַזוי פיל פרייהייט ווי איך. פון דער צווייטער זייט האָבן מיר שטודירט די אורזאַכן פון דעם פאַקט, אַז דער גרעסטער טייל פון דער מענטשהייט לעבט אין נויט און אַרמוט. זיינען מיר גע־קומען צום שלוס, ווייל איין טייל האָט פאַרכאַפּט אַלץ און פון דער דאָזיקער עקאָנאָמישער אומגלייכהייט איז אַרויסגעוואַקסן די רעגירונג, דער שטאַט; די עקאָנאָמישע אומגלייכהייט האָט געמוזט האָבן אַ באַ־שיצערין, האָט זי באַשאַפן דעם שטאַט, און דער שטאַט איז דעריבער אַ דירעקטער רעזולטאַט פון אָט־דער עקאָנאָמישער אומגלייכהייט.

אַזוי ווי מיר ווייסן פון דער וויסנשאַפט, אַז אַלץ ענדערט זיך — פון דעם פאַקט, למשל, אַז ס'האָט זיך געענדערט די שקלאַפעריי, — וועט זיך אויך די עפּאָכע פון עקאָנאָמישער שקלאַפעריי מוזן ענדיקן. אַלץ וואָס מיר, אַנאַרכיסטן, דאַרפן טאָן, איז זיין פאַרבאַרייט מיט פּלענער, אַז אין דעם טאָג נאָך דעם אָנהייב פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע זאָלן מיר וויסן צו וואָס מיר שטרעבן, כדי עס זאָלן זיך נישט ווידערהאָלן די זעלבע צרות ווי פריער.

אמת, די איצטיקע סיסטעם פון פּריוואַטן אייגנטום איז זייער אַן אַלטע סיסטעם, אָבער עס איז קיינמאָל נישט געווען דער גרויסער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז אויסגעוואקסן מיטן וואוקס און אויסשפּרייטונג פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט איף אַלע געביטן פון דער געזעלשאַפט. דערפאַר לייג איך מיין גאַנצע האָפענונג אויף די אַרבעטער — אַז זיי וועלן עס זיין דער פאַקטאָר, וואָס וועט אונדז אַריבערפירן אין דער נייער געזעלשאַפט, ווען די אַלטע וועט פאַרניכטעט ווערן.

און הגם איך ווייס, אַז אויסער די אַנאַרכיסטישע אַרבעטער גע־פינען זיך אויך אַנדערע אַרבעטער, וועלכע שטרעבן צו דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט, בין איך דאָך איבערצייגט, אַז דאָס וועט קומען נאָר דורך דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזער אידעאַל.

מיר בויען אונדזער גאַנצע פילאָזאָפיע אויף דער פרייוויליקער פאַראייניקונג פון אַרבעטער, און דאָס איז נישט קיין אוטאָפּיע, ווייל מיר זעען, אַז צענדליקער מיליאָנען מענטשן זיינען אָרגאַניזירט אין יוניאָנס, לאָדזשעס און אַנדערע געזעלשאַפטן — אַן תפיסות, סאָלדאַטן, קאַזאַרמעס, פּאָליציי, ריכטער א.אַז.וו. אָט־די אַלע פאַראייניקונגען האָבן נישט קיין צוואַנג־געזעצן — נאָר בלויז פרייוויליקע אָפּמאַכונגען. מענטשן קומען און שליסן זיך אַן ווען זיי ווילן, און באַטייליקן זיך אַזוי לאַנג ווי זיי ווילן, און פאַרלאָזן ווען זיי ווילן.

דאָס זעלבע קען דאָך געשען אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב אין אַלע פאַזן פון געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן, און דאָס איז מיין אידעאַל.

* * *

— ווי אַזוי קומט מען צו דער פאַרווירקלעכונג פון אַנאַרכיזם? — מ׳דאַרף אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער אַלס פּראָדוצירער דורך די יוניאָנס, און אַלס קאָנסומער דורך קאָאָפּעראַטיוון. מ׳דאַרף אַריינפירן דעם אַנאַר־כיזם־קאָמוניזם אין די מוחות און הערצער פון אַרבעטער־קלאַס. און אַזוי ווי די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט קען קיינמאָל נישט ברענגען קיין גלייכהייט, פרייהייט און גערעכטיקייט, מוז זי גאָר אויפהאַלטן און אויסגעבן מיליאָנען אויף טשאַריטיס, טורמעס, קאַזאַרמעס, און מוז שטענדיק האָבן מיליאָנען אַרבעטסלאָזע, און די מאַשינעריען זאָלן טרייבן נאָך מער און ווייטער די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט פון אומגלייכהייט.

און די צייט מוז ברענגען צו אַ שטופּע, ווען מיליאָנען און מי־ליאָנען אַרבעטער וועלן ווערן אַרויסגעשטויסן פון דער מעגלעכקייט צו קענען זיך דערנערן ווי מענטשן, און אָט־די גרויסע אַרמיי פון

קאַפּיטאַליסטישע קרבנות וועלן מוזן זוכן אַ וועג אַרויסצוגיין פון דער דילעמע, און עס וועט קומען צו אַן אָפענער רעוואָלוציע און צום אויפבוי פון אַ נייער געזעלשאַפט.

און לויט די דערפאַרונגען פון דער וועלט־געשיכטע, וועט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס קיינמאָל נישט אויפגעבן זיין פּאָזיציע, און דאָס וועט פירן צו אַ בלוטיקן קאַמף צווישן די עקספּלואַטירטע און די עקספּלואַטאַטאָרן, און עס וועט זיך אָנהויבן די סאָציאַלע רעוואָ־לוציע. איך קען זיך קוים פאָרשטעלן, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס זאָל איינגיין אויף אַ קאָמפּראָמיס — אויף אָפּגעבן אַ טייל. עס וועלן נישט העלפן קיין פּאַליאַטיוון, פּאָליטישע רעפאָרמען צו ענדערן אין דערווירקלעכקייט די איצטיקע אומגלייכהייט.

איך ווייס זייער גוט, אַז דעם אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישן געדאַנק איז זייער שווער אַריינצוברענגען צווישן דער גרויסער מאַסע, ווייל די אַנאַרכיסטישע לערע איז אַ נשמה־לערע, און די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט האָט פּשוט פאַרניכטעט יעדן ברעקל נשמה ביים מענטשן; אַלץ וואָס זי האָט אין אים אַריינגעבלאָזן איז בלויז דער מאַטעריאַליס־טישער ערגייץ. דערפאַר האָבן מיר אַזוי ווינציק נשמה־מענטשן.

דער קאָמוניזם אָפּעלירט שוין צום גוף. דערפאַר זאָג איך צו די געגנאָסן: ווען איר גייט צו די מאַסן, באַטאָנט ערשטנס און הויפּט־זעכלעך דעם קאָמוניזם, דערנאָך ערשט אַנאַרכיזם. ווייל די גרויסע מאַסע באַזיצט היינט גאָרנישט; ווייל אַפילו די וואָס באַזיצן שוין אַ הייזקע, מעבל און אַ מאַשין, איז דאָס מערסטנס פאַרמאָרטגעדזשט און פאַרשולדיקט. דעריבער בלייבט נאָך אַלץ זייער ריכטיק — אויף היינט צו טאָג — קאַרל מאַרקסעס פראַזע: „די אַרבעטער האָבן קיין זאַך נישט צו פאַרלירן אויסער זייערע קייטן."

די אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישע לערע איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע לערע. זי איז נישט פאַר איין ראַסע אָדער נאַציע, נאָר וואו עס געפינען זיך אונטערדריקטע מוז אַריינגעטראָגן ווערן אונדזער וואָרט. פאַרן אַנאַרכיזם־קאָמוניזם עקזיסטירט נישט קיין יידישע, קריסטלעכע אָדער וועלכע ס'איז אַנדערע נאַציאָנאַלע פראַגע — אויסער איין גרויסע פראַ־גע — די שקלאַפעריי פון אַרבעטער.

איך גלויב, אַז די אַרבעטער־פראַגע איז די קאַרדינאַלע פראַגע, און איידער זי וועט געלייזט ווערן, וועט נישט קומען קיין סוף צו אַלע צרות אין דער וועלט.

איך בין זייער אָפּטימיסטיש. איך דענק נישט, אַז דער קאַפּיטאַ־ליסטישער קלאַס קען ברענגען שלום אויף דער וועלט. אַלע מאַנעוורעס אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט מיט איר „ליג און ניישאַנס", — אַזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירן דער אימפּעריאַליזם, שאָוועניזם און עקספּלואַטאַציע וועלן מוזן זיין מלחמות אויף דער וועלט. יעדעס

לאנד זוכט אַלץ מערער צו פֿאַרכאַפּן נייע מאַרקעטס, און דאָס וועט ברענגען צו דעם, אַז עס וועט נישט זיין גענוג מאַרקעטס וואו צו עקס־פּלואַטירן. דאַן וועט מוזן קומען דער צוזאַמענשטויס פֿון אַלע אַנדערע לענדער. די מלחמה פֿון 1914 וועט זיין אַ קינדער־שפּיל אין פֿאַרגלייך מיט דער צוקונפֿטיקער וועלט־מלחמה.

די פֿליכט פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערן איז זיך צו פֿאַרבינדן און צו אַגיטירן קעגן מיליטאַריזם אין דער קומענדיקער וועלט־מלחמה. מ׳דאַרף זיין באַרייט, ווען זי וועט קומען, זי צו פֿאַרוואַנדלען אין אַן אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע, וועלכע זאָל זיין באַרייט אָנצוהויבן בויען די אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישע געזעלשאַפֿט.

דאָס איז איין פֿאַקטאָר וואָס וועט פֿירן צו אַ סאָציאַלער רעוואָ־לוציע. איצט וועגן אַ צווייטן. שוין איצט — אין 1930 — געפֿינען מיר אין אייראָפּע איבער 10 מיליאָן אַרבעטלאָזע, און די רעגירונגען מיט די קאַפּיטאַליסטן קענען נישט געפֿינען קיין מיטל צו פֿאַרמינדערן די וואַקסנדיקע אַרבעטלאָזן־אַרמיי. זי מוז כסדר וואַקסן. און עס מוז קומען דער טאָג, ווען דער אַרבעטער־קלאַס וועט פֿאָדערן רעכענונג פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, ווייל מיט טשאַריטי קען מען נישט זאַט מאַכן און צופֿרידנשטעלן די אַרבעטלאָזע.

און מיר אַנאַרכיסטן דאַרפֿן אַריינטראָגן צווישן דער מאַסע דעם אידעאַל פֿון אַ צוקונפֿטיקער אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפֿט. און אַט־די מאַסן צוזאַמען, און אונטער אונדזערן אַנאַרכיסטישן איינפֿלוס, וועלן אָנהייבן די אַלוועלטלעכע סאָציאַלע רעוואָלוציע, און אָנהייבן בויען די נייע געזעלשאַפֿט, וואו פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט וועלן ווערן אַ ווירקלעכקייט.



# חיים ווייַנבערג

## פון א. פרומקין *)

.1

צו די ליכטיקע מאָמענטן, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין לאָנדאָן, געהערט מיין באַגעגעניש, מיין באַקענען זיך מיט דעם וועטעראַן פון דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, חיים ווייַנ־בערג. דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק, אין די ערשטע פּאָר יאָר פון מיין איבערגאַנג צום אַנאַרכיזם, ווען מיר ביידע, ווייַנבערג און איך, זיינען נאָך געווען, רעלאַטיוו גערעדט, גאַנץ יונגע מענטשן. מיר האָבן נאָך ביידע געחלומט דעם שיינעם חלום פון אַ שיינער וועלט און אַריינגעקוקט אין דער נאָענטער צוקונפט מיט צאַפּלדיקע הערצער און מיט גרויסע, אָפענע אויגן.

אָבער ער האָט געהאַט, ווי מ׳זאָגט אויף ענגליש, „וואַן אָווער מי״, — איין אייגנשאַפט, וואָס האָט אים אַרויסגעהויבן איבער מיר און איבער פיל אַנדערע: ער איז געבענטשט געווען מיט הומאָר, מיט אַ לייכטן הומאָר, וואָס האָט אַרויסגעקוועלט, אַרויסגעשפּרודלט פון אים און זיך אויסגעמישט מיט זיין טיפן ערנסט. גליקלעכער מענטש, דער־מיט האָט ער לייכט געמאַכט אי זיך, אי אַנדערע.

ס׳איז געווען אינמיטן הערבסט פון יאָר 1897. אונדזער באַוועגונג איז געווען האַלב־איינגעשלאָפן. נאָך מיט אַ קנאַפּן יאָר פּאָר דעם האָט זיך דער „אַרבייטער פריינד“ געהאַט אָפּגעשטעלט און עס האָבן גע־פעלט די נייטיקע כוחות אים צוריקצוברייינגען צום לעבן. מ׳האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ פאַרהעלטניסמעסיק אָרעמער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע. מיר זיינען אַרומגעגאַנגען אומעטיקע, אומבאַפרידיקטע, און דער לאָנדאָנער נעפל האָט געביסן אין די אויגן און זיך איינגעגעסן אין די ביינער . . . מיט אַמאָל איז פון אַמעריקע אַראָפּגעפאַלן דער וואונדערלעכער פאָלקס־רעדנער ווייַנבערג. און עס איז געוואָרן לע־בעדיק און מונטער אויפן האָרצן.

.2

ווי קומט ער קיין לאָנדאָן?

געוויס איז דאָס ניט געווען קיין לוסט־רייזע. ווייַנבערג האָט נאָך

*) איבערגעדרוקט פון בוך „אין פרילינג פון אידישן סאָציאַליזם“, פון א. פרומקין, ניו יאָרק, 1940.

דאָן קיין מיליאָנען ניט פאַרמאָגט . . . ער האָט נאָך אַפילו זיין דאַטשע, זיין פּאַלאַץ, אין ווילאַ גראַוו ניט געהאַט. ער איז געווען אַן אַרבעטער, געזעסן אין אַ פאַבריק, געוויקלט ציגאַרן און געמאַכט צען דאָלער אַ וואָך. זיין פרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבן דער באַוועגונג, אָרגאַני־זירט יוניאָנס, זיך באַטייליקט אין סטרייקס, אַדרעסירט אַנאַרכיסטישע פאַרזאַמלונגען. ער האָט געהאַט געגנוג, איבער גענוג וואָס צו טאָן אין פילאַדעלפיע, און עס וואָלט אים געוויס ניט איינגעפאַלן צו מאַכן אַזאַ לאַנגע רייזע.

אָבער די לאָנדאָנער גענאָסן האָבן אים אַרויסגעפאָדערט, אים אַראָפּגעבראַכט פאַר אַ לעקציע־טור איבער ענגלאַנד.

דאָס איז, פאַר יענער צייט און אונטער יענע אומשטענדן, געווען אַ געוואַגטע אונטערנעמונג, כמעט אַן אַוואַנטורע. דער גאַנצער קרייז אונדזערער איז באַשטאַנען פון לויטער אביונים. שטעלט זיך פאָר, אַז ווען מ׳האָט, סוף 1895, באַשלאָסן ווידער אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער פריינד״, איז מען געגאַנגען צום טיש מיט 12 פונט (60 דאָלער), און דערנאָך האָט מען זיך געמאַטערט, אַוועקגעגעבן די לעצטע פעני אויפֿ־צוהאַלטן די צייטונג. דער איינטריט צו די וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען און לעקציעס איז געווען פריי. כדי ווי עס איז צו דעקן די הוצאות, פלעגט מען מאַכן אַ פרייוויליקע קאָלעקציע, וואָס פלעגט אַריינברענגען אַ פּאָר שילינג . . . ווי אַזוי־זשע האָט מען, אין אַזאַ אָרעמקייט, גע־קאָנט קומען צו אַזאַ „לוקסוס״, צו דעם געדאַנק אַראָפּצוברענגען אַ רעדנער פון אַמעריקע?

אָט ווי אַזוי דאָס איז געשען:

ווי איך האָב דערמאָנט אין איינעם פון די ערשטע קאַפּיטלעך פון מיינע „זכרונות״, האָט די דאַמאָלסדיקע גרופּע „אַרב. פר.״ געהאַט צוויי פאַרזאָנען, וואָס האָט ניט געקאָנט הויזן צווישן זיך, און עס פלעגן קומען צו אָפטע צוזאַמענשטויסן. דאָס זיינען געווען די גענאָסן קאַפּלאַן און באַראָן. ביידע ערנסטע, אויפריכטיקע מענטשן, אָבער ביידע מוראדיקע עקשנים און קעגנגעזעצטע כאַראַקטערן. קאַפּלאַן איז, אין זיין צייט, געווען דער לייטנדער גייסט, דער טאָן־געבער פון דער גרופּע. אַ פּאָפּולערער רעדנער, וואָס איז געווען שטערבלעך פאַר־ליבט אין דער פּלאַטפאָרמע, האָט ער זיך זייער ניצלעך געמאַכט פאַר דער באַוועגונג. אָבער באַראָן האָט געגאָלטן פאַר אַ „געצן־האַסער״. דערצו איז ער געווען אַ זייער אימפּולסיווער מענטש, מיט אַ הייסן טעמפּעראַמענט, שטענדיק אומצופרידן, אַן אייביקער „קעמפער״.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אַ שטיק צייט. אין ווינטער פון יאָר 1897, נאָכדעם ווי דער „אַרבייטער פריינד״ האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט עס באַראָנען דערעסן זיך אַרומצורייסן מיט קאַפּלאַנען. ער האָט צוזאַמענגענומען עטלעכע פון זיינע נאָענטע חברים און געגרינדעט אַ

באזונדערע גרופּע, מיטן נאָמען „ליכט און לעבן״. צו דער דאָזיקער בייער גרופּע האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן דער דאַמאָלס יונגער געגאָסע אהרן מינץ, וועלכער איז מיט אַ שטיקל צייט פריער געקומען קיין לאָנדאָן און איז דאָרט באַקאַנט געוואָרן אונטער נאָמען א. באַנאָף.

איך קאָן זיך ניט דערמאָנען, וואָס פאַר ממשותדיקע אַרבעט די גרופּע „ליכט און לעבן״ האָט געטאָן אין דער ערשטער צייט פון איר עקזיסטענץ. כ׳געדענק נאָר, אַז איר רירעוודיקייט, איר איניציאַטיוו, אירע פּלענער פאַר מינדלעכער און שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע, — דאָס אַלץ האָט מיך פאַראינטערעסירט און מיך אַריינגעצויגן אין איר קרייז, און דאָ איז, צווישן אַנדערעס, אַרויפגעשוואומען דער פּלאַן אַראָפּצו־ברייגנען אַ רעדנער פון אַמעריקע.

געקומען אויף דעם דאָזיקן געדאַנק איז באַראָן. דאָס, האָט ער גע־טענהט, וועט אַריינברענגען אַ ביסל לעבן אין דער באַוועגונג. עס וועט צוציען נייע און גרעסערע מאַסן מענטשן, וואָס קומען זעלטן אָדער קיינמאָל ניט צו אונדזערע פאַרזאַמלונגען.

אָבער ס׳איז לייכט געווען צו רעדן, צו מאַכן פּלענער. וועמען האָט מען געזאָלט אַראָפּברייגנען פון אַמעריקע?

גראָד איז וואָלטערין דע קלעיר, אין יענער צייט, געווען אַ גאַסט אין לאָנדאָן. זי האָט זיך אינטערעסירט מיט דער אַרבעט פון די יידישע גענאָסן און האָט אַ פאַר מאָל באַזוכט אונדזערע מיטינגען, אין יידישן קוואַרטאַל; און אינמיטן זומער, ווען די יידישע גענאָסן האָבן אַראַנ־זשירט אַן אַרויספאָר אין דעם באַקאַנטן וועלדל „עפּינג פאָרעסט״, איז וואָלטערין געווען מיט אונדז. מיר האָבן זיך דורכגערעדט מיט איר וועגן אונדזער באַוועגונג און צווישן אַנדערעס איר דערציילט וועגן אונדזער פּלאַן אַראָפּצוברייגנען אַ רעדנער פון אַמעריקע. זי האָט אונדז קלאָר געמאַכט, אַז דאָס איז ניט פון די לייכטע זאַכן דורכצופירן. דאָך, דענקט זי, אַז עס איז פאַראַן איין יידישער רעדנער, וועמען מיר וואָלטן געקאָנט אַריבערברייגנען פאַר אַ לעקציע־טור. דאָס איז גענאָסע וויינבערג, פון פילאַדעלפיע. דערביי האָט זי אונדז געגעבן אַ באַגריף, וואָס פאַר אַ וואונדערלעכער רעדנער אָט דער וויינבערג איז . . .

דער איינציקער, וואָס האָט שטאַרק אָפּאָנירט אָט דעם פּלאַן, איז געווען קאַפּלאַן. ער האָט געטענהט, אַז דאָס איז אַ צו שווערע אונטער־נעמונג, ניט פאַר אונדזערע כוחות. אַחוץ דעם וועט דאָס ניט ברייגנען קיין געהעריקע נוצן דער באַוועגונג. די מי און געלט, וואָס דאָס וועט קאָסטן, קאָן בעסער פאַרווענדט ווערן אויף אונדזער שריפטלעכער פּראַ־פּאַגאַנדע, אויף דער אויפלעבונג פונם „אַרבעטער פריינד״.

אָבער באַראָן האָט שוין געהאַט געפאַסט זיין באַשלוס, און אונטער זיין איינפלוס האָט די גרופּע „ליכט און לעבן״ זיך געשטעלט אין פאַר־

בינדונג מיט וויינבערגן, אין פילאַדעלפיע. וויינבערג האָט געענטפערט קורץ און שאַרף:

„איך בין אַ ציגאַרן־מאַכער. כ׳פאַרדין צען דאָלער אַ וואָך. דאָס מוז איך האָבן אויף צו דערנערן מיין קינד, אַ ייִנגעלע, דריטהאַלבן יאָר אַלט. אויב איר קאָנט מיר פאַרזיכערן אַט די צען דאָלער אַ וואָך, בין איך גרייט צו קומען קיין ענגלאַנד״.

מ׳האָט ניט געמאַכט קיין צו לאַנגע שהיות, געשאַפן געלט פאַר אַ שיפסקאַרטע, עס אַוועקגעשיקט צו וויינבערגן מיט אַ גאַראַנטיע, אַז ער וועט קריגן צוויי פונט אַ וואָך, פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער וועט זיין אין ענגלאַנד. דאַן האָבן מיר מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם גאַסט.

.3

מיר (סערע און איך) האָבן דאַן געוואוינט אין „וועסט־ענד״, אין דעם מערב־טייל פון לאָנדאָן. איין פאַרמיטאָג האָט מען אָנגעקלאַפּט ביי אונדז אין טיר. ווען איך האָב אויפגעעפנט, האָט זיך באַוויזן די שלאַנקע געשטאַלט פון אהרן מינץ, מיטן בלאָנדן קאָפּ האָר און מיט דעם שמייכלענדיקן געזיכט. הינטער אים איז געשטאַנען אַ מאַן, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט. איך האָב ניט געדאַרפט וואַרטן, מ׳זאָל מיר אים פאָרשטעלן; כ׳האָב געוואוסט ווער דאָס איז. כ׳האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט מינץ, דער דאַמאָלסדיקער ענערגישער טוער און וועגווייזער, געבראַכט צו מיר דעם גאַסט פון אַמעריקע, גענאָסע וויינבערג.

מיר האָבן פאַרבראַכט אַ שעה, אָדער צוויי. וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט? ניט איך געדיינק עס גענוי און ניט מען קאָן עס דאָ איבער־געבן. איך ווייס נאָר, אַז עס האָט ניט גענומען קיין פינף מינוט, איז וויינבערג געוואָרן אַזוי היימיש, אַז מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך קען אים שוין ווער ווייסט ווי לאַנג. און גערעדט האָט, ס׳רוב, ער; גערעדט וועגן זיינע דערפאַרונגען אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, דערציילט עפּיזאָדן און געשילדערט פאַרשידענערליי טיפּן. דערביי איז ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַריינגעפאַלן פון שפּאַס אין ערנסט. אַז איך האָב אים באַאָבאַכט, ווי ער זיצט אַזוי, מיטן שטעקן אין האַנט, און רעדט מיט באַגייסטערונג וועגן דער באַוועגונג, איז ער מיר פאָרגעקומען, ווי אונדזער פאָטער יעקב, וואָס איז אַריבער מיט זיין שטעקן איבערן ירדן . . . אַזוי, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, איז וויינבערג גרייט מיטן שטעקן אַריינצושפּאַנען גלייך אין דער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע . . .

און אַז איך דערמאָן זיך גוט, בין איך געווען ניט וויניקער גרייט ווי ער . . .

נאָר די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט זיך ניט געאײַלט; זי האָט אונדז געלאָזט וואַרטן . . . דערווײַל האָט מען געמוזט פֿאַרזאָרגן פֿאַר־שידענערלײַ קלײניקײטן: שאַפֿן דירה־געלט, קויפֿן קוילן, צאָלן געז־בילס . . . און — צוגרײטן די פֿאַרזאַמלונגען פֿאַר ווײַנבערגן.

מיר האָבן געדונגען, אויף עטלעכע מאָל, דעם „קרײַסט טשוירטש האָל”, אַ גאַנץ היפּשן זאַל אויף העגבורי סטריט, אין מיטלפּונקט פֿון דעם לאַנדאָנער ייִדישן קוואַרטאַל. די ערשטע פֿאַרזאַמלונג איז געווען אַנאָנסירט אויף אַ פּרײַטיק אָוונט. דאָ מוז איך מיט אַ פּײַנלעכן געפֿיל זיך דערמאָנען אין דער פֿאַרביסנקייט פֿון דער דאַמאָלסדיקער גרופּע „אַרב. פֿר”., מיט קאַפּלאַנען בראָש. אַזוי ווײַט איז דאָס געגאַנגען, אַז זיי האָבן ניט אָפּגעלייגט די וועכנטלעכע מיטינגען, וואָס פֿלעגן פֿאַר־קומען אין אַ שטענדיקן פּלאַץ, „שוגאַר לאָוף”, אויך אויף העגבורי סטריט. דעמזעלביקן פּרײַטיק אָוונט, וואָס ווײַנבערג האָט געמאַכט זײַן ערשטן אַרויסטריט, איז אַנאָנסירט געוואָרן אַ לעקציע פֿון קאַפּלאַנען. פֿאַרשטייט זיך, אַז „שוגאַר לאָוף” איז געווען ליידיק . . .

אָבער דער „קרײַסט טשוירטש האָל”, וואָס האָט אַרײַנגענומען פֿון 5 ביז 6 הונדערט מענטשן, איז געווען געפּאַקט. דער עולם האָט געוואַרט אויף דעם גאַסט, אויף דעם רעדנער פֿון אַמעריקע. ווען ווײַנ־בערג איז אַרײַנגעקומען אין זאַל, באַגלייט פֿון אַ פּאָר חברים, און מ'האָט אַ שושקע געטאָן: „אָט גייט ער”, האָט מען געקאָנט באַמערקן אַ מין אַנטוישונג אויף פֿיל פּנימער, באַזונדערס בײַ די ווײַבער. זײַן הילוך, די פֿיגור און אפֿשר אויך דער גלאַטער, האַרלאָזער קאָפּ זײַנער, — דאָס אַלץ האָט זיי, משמעות, ניט אימפּאָנירט . . . אָבער אין 10 מינוט אַרום, ווען די פֿאַרזאַמלונג איז געעפֿנט געוואָרן און דער גאַסט האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן שטול און גענומען אַדרעסירן דעם עולם, זײַנען אַלע אויגן געווען אָנגעשטעלט, פֿיקסירט אויף אים, אַזוי ווי זיי וואָלטן מיט אַמאָל דערזען אַן אַנדער מענטשן. איך אַליין בין צוגעגאַנגען נענטער צו דער פּלאַטפֿאָרמע, און — וואָרהאַפֿטיק, ס'איז געווען אַ מין פֿאַרוואַנדלונג, אַן אַנדער ווײַנבערג. עפּעס איז ער העכער געוואָרן, און פֿעסט־געבויטער, און — שענער . . .

זײַן טעמע, דעם ערשטן אָוונט, איז געווען: „אַ גערוס פֿון אַמע־ריקע”. דאָס געדענק איך. ווײַטער איז אַלץ אומקלאָר, אומבאַשטימט בײַ מיר אין זכרון. און מײַן זכרון איז דאָך דאָ דער אײנציקער, אויס־שליסלעכער קוואַל, מיט וועלכן איך קאָן זיך באַנוצן, שרײַבנדיק דעם דאָזיקן קאַפּיטל. איך וואָלט געוואָלט דערמאָנען עפּעס וועגן דעם אינ־האַלט פֿון ווײַנבערגס ערשטער רעדע, וועלכע האָט געהאַלטן געשפּאַנט די עטלעכע הונדערט צוהערער און מיט זײַנע בילדער און שילדערונגען זיי אַרומגעטראָגן פֿון שפּאַס צו ערנסט, פֿון געלעכטער צו טיפֿער פֿאַר־טראַכטונג. אָבער ס'איז ניטאָ קיין איין זאַץ, קיין איין געדרוקטע שורה,

וואוהין זיך צו ווענדן נאָך „רעפּרענס", אָפּצושפּרישן דאָס געדעכעניש. ס'איז געווען וויינבערגס „מזל" אַראָפּצופאַלן אין לאָנדאָן דאַן, ווען די יידישע אַנאַרכיסטן האָבן ניט געהאַט קיין צייטונג, און עס איז אין ערגעץ ניט דערשינען קיין מינדסטער באַריכט וועגן זיין טור און וועגן זיינע גרויסע, דערפאָלגרייכע פאַרזאַמלונגען.

אָבער איך געדענק גאַנץ גוט וואָס פאַר אַן איינדרוק דער אופן פון זיין רעדן האָט געמאַכט אויף מיר און אויף אַזויפיל אַנדערע. איך בין געזעסן און געטראַכט: דאָ הער איך צום ערשטן מאָל איינעם, וואָס רעדט ניט פון בוך אַרויס און זאָגט ניט איבער געדאַנקען, אַרויסגע־לייענט פון צייטונגען, בראָשורן און ביכער. דאָס מיינט ניט, אַז וויינבערג האָט ניט געלייענט. אדרבה, ער איז געווען אַ „בקי", באַ־האַוונט אין אַלץ, וואָס איז דאַן דערשינען אין יידיש וועגן סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם, אַטעאיזם און אַנדערע „איזמס". יאָ, וויינבערג איז שוין געווען איינמאָל אַ פליסיקער לייענער, אָבער ער האָט די געדאַנקען „איבערגעקאָכט": גענומען דעם תמצית, דעם קווינטעסענץ און אים איבערגעגעבן אויף זיין אופן, מיט זיין לייכטן, פאָלקסטימלעכן סטיל, מיט זיינע אייגן־געשאַפענע ווערטלעך און מיט זיינע אייגענע איל־לוסטראַציעס, מיט קאָמישע און טראַגישע בילדלעך, וואָס ער האָט גע־שעפּט פון לעבן, פון דערפאַרונג, און וועלכע ער האָט אַזוי מייסטער־האַפט געקאָנט שילדערן. אַ וואונדערלעכער פאָלקס־רעדנער.

·4

איך ווייס ניט גענוי וויפיל מאָל וויינבערג האָט גערעדט אין לאָנדאָן. עטלעכע וואָכן נאָך זיין אָנקומען האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע. כ'האָב געקויפט אַ טיקעט, אָבער ווען איך בין געקומען קיין ליווערפּול, וואו איך האָב זיך געוואָלט אויפזעצן אויפן שיף, בין איך, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, פאַרהאַלטן געוואָרן פון די דאָרטיקע גענאָסן, וועלכע האָבן געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבן אין ליווער־פּול אַן אַנאַרכיסטישע צייטונג.

אינצווישן האָט וויינבערג פאַרענדיקט זיינע לעקציעס אין לאָנדאָן און איז געקומען קיין ליווערפּול, וואו די אַנאַרכיסטן האָבן אַראַנזשירט פאַר אים צוויי גרויסע מיטינגען. פון איינער פון אָט־די ליווערפּולער פאַרזאַמלונגען זיינען געבליבן ביי מיר אין זכרון אַ פאָר אינטערע־סאַנטע עפּיזאָדן.

אין דעם זעלבן טאָג, וואָס וויינבערג האָט געדאַרפט האַלטן זיין ערשטן פאָרטראָג, האָט ער זיך געטראָפן מיט זיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַן אַלטן חבר, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע בעקעריי. זיי האָבן פאַר־בראַכט אַ שעה צייט אין אַ רעסטאָראַן און גערעדט וועגן דער אַלטער היים, זיך דערמאָנט אין דעם אַמאָליקן לעבן אין זייער שטעטל. שפּע־

טער, אין אַ פּאָר שעה אַרום, האָט זיך וויינבערג דערוואוסט, אַז ביי זיין לאַנדסמאַן, דעם בעקער־באַס, גייט אָן אַ פאַרביטערטער סטרייק.

אין אָוונט, ביי דער פאַרזאַמלונג, האָט זיך דער לאַנדסמאַן גע־פונען צווישן עולם, אין זאַל. וויינבערג האָט אין זיין רעדע באַרירט די פראַגע פון אייגנטום און געזוכט צו באַווייזן, אַז ביי חיות איז ניטאָ אַט־דער אינסטינקט; זיי ווייסן ניט פון אייגנטום.

ווען עס איז געקומען צו די פראַגן, האָט וויינבערגס לאַנדסמאַן געבעטן דאָס וואָרט און געפרעגט: אויב די חיות ווייסן ניט פון אייגנ־טום, ווי קומט עס וואָס אַ הונט ליגט ביי דער טיר און באַפאַלט יעדן פרעמדן, וואָס וויל אַריינקומען? וויינבערג האָט אויפגעכאַפּט די פראַגע מיט אַ באַזונדער צופרידנקייט. ער האָט זי איבערגעחזרט און דער־קלערט, אַז דאָס איז גאָרניט אַזאַ חידוש. ער האָט גרעסערע וואונדער צו דערציילן פון אַמעריקע. דאָרט, למשל, זיצט אַ פּאַפּוגאַי ביים „רע־דזשיסטער״, ביים קאַסע־קעסטל, אין אַ ביר־סאַלון, און היט, אַז דער, וואָס סערווירט די ביר, זאָל, חלילה, ניט אַראָפּגנבענען אַ פּאָר סענט. און טאָמער „רעדזשיסט״ ער ניט אָפּ די ריכטיקע סומע, מאַכט דער פּאַפּוגאַי אַ גוואַלד, און דער באַלעבאָס קומט צולויפן . . . יאָ, יאָ, אַזעלכע וואונדער זיינען דאָ אין קאָלומבוסעס מדינה . . . „אָבער״, האָט וויינבערג געענדיקט, זיך ווענדנדיק דירעקט צום פראַגע־שטעלער, „דער הונט, וואָס ליגט ביי דער טיר און לאָזט ניט אַריין קיין פרעמדע, איז ניט קיין הונט, נאָר אַ באָס . . .״

עס האָט זיך דערהערט אַ דונערנדער געלעכטער, און אַלע אויגן האָבן זיך אַ קער געטאָן צום פאַרשעמטן בעקער־באָס.

אין אַ ווײַלע אַרום איז געקומען אַ צווייטע פראַגע. אויף דער גאַלעריע האָט זיך אויפגעהויבן אַ יונגער מאַן און מיט קלינגענדיקן גמרא־ניגון געזאָגט: „און וואָס הערט זיך עפּעס מכוח דעם קאַמף אום׳ס דאַזיין?״ דאָס אַלץ, און ער האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט אויף זיין פּלאַץ. פון זאַל האָט מען מיט נייגעריקע בליקן אַרויפגעקוקט צו דער גאַלעריע, און עטלעכע מענטשן האָבן דערקענט דעם יונגנמאַן. דאָס איז געווען אַ יידישער סטודענט פון דעם אָקספאָרדער אוניווערזיטעט.

איך געדענק ווי אומהיימלעך איך האָב זיך געפילט. כ׳האָב געהאַט אַ באַגריף וועגן וויינבערגס „למדנות״, וועגן זיינע דאַמאָלסדיקע קענ־טענישן אין אַזעלכע ענינים, און איך האָב געטראַכט: ווי אַזוי וועט ער דאָ פאַרטיק ווערן מיט דעם סטודענט? . . .

אָבער — „גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה״ . . . מיט אַ פּאָר יאָר פאַר דעם זיינען אין אַנאַרכיסטישן זשורנאַל „פרייע גע־זעלשאַפט״ דערשינען צוויי אַרטיקלען פון אונדזער פאַרשטאָרבענעם חבר דר. ה. זאָלאָטאַראָוו, איבער קראָפּאָטקינס ווערק „קעגנזייטיקע הילף״, וואָס איז דאַן אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ענגליש. אַט די צוויי

אַרטיקלען, וואָס ווייַנבערג האָט דאַן איבערגעלייענט און וועלכע זיינען געבליבן פּרעזערווירט אין זיין מוח, זיינען אים איצט גוט צוניץ געקומען. ער האָט זיך גענומען צייט, דערקלערט אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן פון איין זייט דעם דאַרוויניזם און פון דער אַנדער זייט קראָפּאָטקינס טעאָריע פון קעגנזייטיקער הילף. דער סטודענט איז געווען אַזוי צופרידן, אַז ער האָט, נאָך דער פאַרזאַמלונג, אָפּגעוואַרט דעם רעדנער, אים געדריקט די האַנט און אים געדאַנקט פאַר זיין אויסגעצייכנטן ענטפער.

·5

אין אַנהויב פון יאָר 1899 האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט ווייַנבערגן — אין אַמעריקע. פילאַדעלפיע איז, אין יענער צייט, געווען אַ לעבעדיקער צענטער פון אונדזער באַוועגונג. ס׳איז דאָרט לייכט געווען צוזאַמענצוברענגען אַ גרויסן עולם צו אַן אַנאַרכיסטישן מיטינג. מ׳האָט נאָר באַדאַרפט האָבן עפּעס אַ „פּנים חדשות“, אַ פרישן מענטשן מיט אַ נייעם נאָמען, אָדער אַן אינטערעסאַנטע טעמע. איין טאָג האָבן אונדזערע צוויי פאַרשטאַרבענע פילאַדעלפיער גענאָסן, ר. ווילסאָן און מ. פּערלמאַן, געוואָרפן אויף מיר אַן אויג און באַשלאָסן מיך צו מאַכן פאַר זייער „קרבן“ . . . זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מיר, ניט אַנדערש נאָר איך זאָל פאָרן מיט זיי, אין פילאַדעלפיע, האַלטן אַ פאָרטראָג קעגן ציוניזם.

דער פּאָליטישער ציוניזם איז דאַן געווען אַ טאָג־פראַגע, — אַ גוטע טעמע פאַר אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג. ווילסאָן און פּערלמאַן האָבן געוואוסט, אַז איך בין אַ פּאַלעסטינער, געבוירן און דערצויגן דאָרט. ווער־זשע קאָן נאָך אַזוי גוט די לאַגע ווי איך? און ווער קאָן נאָך אַזוי גוט, ווי איך, אַרויסטרעטן קעגן דעם ציוניזם? . . .

איך האָב דערקלערט די צוויי ליבע חברים, אַז איך וואָלט מיט פאַרגעניגן אָנגענומען זייער איינלאַדונג. אָבער איך בין ניט קיין רעדנער, כ׳האָב קיינמאָל ניט אַדרעסירט קיין פאַרזאַמלונגען און אַפילו אויף דעם קלענסטן מיטינג נעם איך קיינמאָל ניט קיין וואָרט; כ׳זיץ אַן אַ זייט און שווייג . . . אַזוי? האָבן זיי פאַר מיר אַן עצה: איך זאָל אָנשרייבן דעם פאָרטראָג און אים פאָרלייענען. פאָלג מיך אַ גאַנג!

כ׳האָב זיך געוועהרט, געקעמפט, ווי אַ לעמעלע קעגן צוויי לייבן . . . ביז איך האָב שוין מער קיין כוח ניט געהאַט און איינגעוויליקט צוצוגרייטן דעם פאָרטראָג.

ס׳האָט מיר גענומען אַ פּאָר טעג אויף צונויפזוכן דעם מאַטעריאַל: סטאַטיסטישע ציפערן וועגן פּאַלעסטינע, איר געאָגראַפישע לאַגע, איר באָדן, איר מעגלעכקייט פאַר קאָלאָניזאַציע, איר באַפעלקערונג א.אַ.וו. איך האָב אָנגעשריבן אַ גרויסן רעפעראַט מיטן טיטל: „קאָן דער

ציוניזם פאַרווירקלעכט ווערן?" און איין זונטיק בייטאָג בין איך געקומען קיין פילאַדעלפיע, גרייט אים פאַרצולייענען.

די פאַרזאַמלונג איז געווען אין אַ גרויסן זאַל. איך האָב דאָרט געפונען אַן עולם פון עטלעכע הונדערט מענטשן. דער פאָרזיצער איז געווען געגאָסע ווייִנבערג. ער האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע און מיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ גוואַלטיקן קענער, אַ „ספּעץ" אין ציוניזם, — פאַרדאָן, איך מיין אין אַנטי־ציוניזם . . . דאַן האָב איך פאָרגעלייענט מיין רעפעראַט. ס'האָט גענומען כמעט אַ שעה צייט, און — וואָס זאָל איך דאָ באַהאַלטן? — דער אינהאַלט, אָנגעפּיקעוועט מיט ציפערן, איז ניט געווען זייער אָנציִענדיק . . . אָבער איך האָב געהאָט מזל: מ'האָט מיך אויסגעהערט מיט פיל געדולד.

אַז איך בין פאַרטיק געוואָרן, פוילט זיך ניט מיין ליבער פאָרזיצער און לאַדט איין דעם עולם צו שטעלן פראַגן. בויג איך זיך אָן צו אים און זאָג אים שטילערהייט: „גזלן, וואָס טוט איר? איך בין ניט קיין רעדנער, איך וועל ניט קאָנען ענטפערן". אָבער ער טוט זיך זיינס. מ'הויבט אָן שטעלן פראַגן, ווי דער שטייגער איז, פּוסטע, נאַרישע, אָבער אויך גאַנץ ערנסטע, וויכטיקע. איך טראַכט ביי זיך: אַ שאָד, זיי וועלן בלייבן ניט פאַרענטפערט און ציוניסטן וועלן האָבן פון וואָס חוזק צו מאַכן . . .

אַז דער קוואַל פון פראַגן האָט זיך אויסגעשעפּט, זע איך ווי דער פאָרזיצער דרייט זיך אויפן שטול און קוקט צו מיר, אַזוי ווי איינער זאָגט: נו? . . . דאַן הויבט ער זיך אויף און דערקלערט: באשר בכן איך בין ניט קיין רעדנער, וועט ער פּרוּוון ענטפערן אויף די געשטעלטע פראַגן.

כ'האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, מ'זאָל ניט זען דעם צער אויף מיין פּנים. כ'האָב רחמנות געהאַט אויף די פראַגע־שטעלער. וואָרים פון וואַנען האָבן זיך צום פאָרזיצער געזאָלט נעמען די ענטפערס, וואָס מען וואָלט געקענט און געדאַרפט זיי געבן? . . . אָבער מיין רחמנות איז געווען אומזיסט. ווייִנבערגס וויציקע „ענטפערס" האָבן צופרידנגעשטעלט סיי דעם גרויסן עולם, סיי די פראַגע־שטעלער גופא, און דער זאַל האָט אָפּגעהילכט מיט אַפּלאָדיסמענטן . . .

---

יאָרן זיינען פאַרביי, פאַרשידענע יאָרן: גוטע און שלעכטע, האָפענונגספולע און דערדריקנדע. אָבער איך געדענק ניט קיין איין מאָמענט, ווען איך האָב געטראָפן ווייִנבערגן אין אַ געדריקטער, פאַרצווייפלטער שטימונג. איך ווייס ניט פון נאָך איינעם, אין אונדזער ראַדיקאַלן קרייז, וואָס האָט אַזויפיל ווי ער געפּרואווט רעאַליזירן, פאַרווירקלעכן אַ טייל פון אונדזערע אידעאַלן, אַריבערגיין פון טעאָריע אין דער פּראַקטיקע.

איין פאַרזוך נאָכן אַנדערן: קאָמונעס, קאָאָפּעראַטיוון. און ער האָט איבערגעלעבט איין דורכפאַל נאָכן צווייטן. אָבער דאָס האָט אים קיינ־מאָל ניט אַנטמוטיקט. ווי לאַנג איז דאָס דען, אַז איך האָב אים געזען אַ באַגייסטערטן, ווען ער איז אַרויפגעקומען אין אָפיס פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע", זיך אָפּגעזעגנט מיט אונדז, פאַר זיין אָפּפאָרן אין זיין בייער אידעאַלער וועלט, צום קאָלעקטיוויסטיש־קאָאָפּעראַטיוון עקספּערימענט אין מישיגען?! כ'האָב אים מקנא געווען. כ'האָב מקנא געווען דעם הויך־באַיאָרנטן מאַן, וואָס האָט געקאָנט באַגייסטערט ווערן ווי אַ קינד, ווען ער האָט דערזען אַ מעגלעכקייט צו שאַפן אַ בעסערע, אַ ליכטיקערע סביבה. כ'האָב אים מקנא געווען פאַר זיין געמיט, פאַר דער לייכטקייט, מיט וועלכער ער האָט געקאָנט אַוועקשאַרן יעדן דורכ־פאַל, יעדע אַנטוישונג, און ווידער זוכן און ווידער פּרואוון.

אַ גליקלעכער מענטש, אַן אָפּטימיסט ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לאַנגן, ליכטיקן לעבן.



# חיים לייב ווײַנבערג: דער אַנאַרכיסטישער רעדנער

### פון לעאָן קאָברין *)

די מיטגלידער פון דער גרופּע „ריטער דער פרייהייט“ זײַנען יעדע נאַכט פאַרנומען געווען מיט פאַרזאַמלונגען און מיטינגען און מיט פאַרשפּרייטן „ליטעראַטור“, וואו נאָר מען האָט געקענט. און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרזאַמלונגען האָט מען דאָך אויך נישט געקענט דורכלאָזן אָן „ריכטיקע דעבאַטן“.

אונדזערע שטענדיקע רעדנער זײַנען געווען צוויי ווײַנבערגס. איין ווײַנבערג האָט אויסגעזען ווי אַן אינטעליגענט. ער איז געווען שטענדיק נעט אָנגעטאָן, כמעט געטראָגן אַ לײַטישן מאַנטל, אַ פײַנעם גאַרניטער, שיך מיט אַ גלאַנץ און פּענסנע, און גערעדט האָט ער שטאַרק דײַטשמעריש און מיט געשרייען. (אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז ער ביים פאַך געווען אַ צושנײַדער, אַ „קאַטער“ בײַ מענערשע קליידער.)

און דער אַנדערער ווײַנבערג האָט דווקא אויסגעזען גאָר־גאָר ניט אינטעליגענטיש, נאָר שטאַרק אַמכאַדיק, אַ יאָדערדיקער ייִד געווען מיט ברייטע אַקסלען און אָנגעטאָן אַבי־ווי, אָפּטער שטאַרק אָפּגעלאָזן. אחוץ דעם, איז ער פיזיש גלאַט נישט געווען קיין פאַרשוין; אויפן קאָפּ האָט ער נישט געהאַט קיין האָר און ער האָט אונטערגעהונקען אויף איין פוס און געקוקט ווי מיט האַלב בלינדע אויגן.

דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ שיינעם, הויכן, אינטעליגענטן — איך וואָל געזאָגט — קלוגן שטערן.

ער איז געווען אַ סיגאַר־מאַכער ביים פאַך.

אַחוץ זיי, האָבן מיר געהאַט נאָך אַנדערע רעדנער, ווי: גרעטש און באַרבער (אַ יונגערמאַן מיט איין אויג. שפּעטער, דאַכט זיך, האָט ער אויסגעשטודירט דאָקטאר). און סעם גאָרדאָן — אַן איבּטימער פרײַנד פון דער בארימטער וואָלטערין דע קלעיר (ער האָט אויך שפּעטער אויסגעשטודירט דאָקטאר, האָט פּראַקטיצירט אין נואַרק, ניו דזשוירזי).

פון אָט־די אַלע אַנאַרכיסטישע רעדנערס — אַרײַנרעכענענדיק אַפילו די רעדנערס וואָס מען האָט אַרונטערגעבראַכט אַמאָל פון ניו־

*) לעאָן קאָבּרינס אָפּשאַצונג איז צוערשט דערשינען אין דער „מאָרגן־פרייהייט“, פון ניו יאָרק, 1942.

יאָרק — האָט דעם טיפסטן איינדרוק געמאַכט אויף מיר דער הינקענ־דיקער און האַלב־בלינדער ה. ווייַנבערג, דער סיגאַר־מאַכער.

דורכאויס אַ פאָלקס־מענטש איז ער געווען, דער טיפ פון דעם נאַטור־פילאָזאָף, און וואָס פאַר אַ רעדנער!

ווי אַ רעדנער האָב איך אים פשוט דעמאָלט באַוואונדערט.

ער האָט זיך ניט געהיצט, בשעת ער איז פאַר אַן עולם געשטאַנען; האָט ניט געזוכט צו „נעמען" דעם עולם מיט „רעוואָלוציאָנערישן" טופען מיט די פיס און קלאַפּן זיך אין דער ברוסט, און מיט אַרויס־שרייען אויף דער העכסטער אָקטאַווע זידלערייען און קללות אויף די קאַפּיטאַליסטישע קעפּ און הורא־געשרייען פאַר דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע, ווי דאָס האָבן געטאָן די מערסטע אַנדערע רעדנער, סיי די אַנאַרכיסטישע און סיי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פון די „אינטע־ליגענטן".

רואיק און געלאַסן האָט ער גערעדט און אין אַן איינפאַכער פאָלקס־שפּראַך, וואָס זי איז פון זיין מויל אַרויסגעפלאָסן אַזוי ווייך און בויגיק, אַזוי פיל־פאַרביק און מיט אַזוי פיל הומאָר, אַז שלום־עליכם אַליין וואָלט אים געמעגט מקנא זיין.

אַז ער האָט גערעדט, בין איך אַלע מאָל געלאָפן אים הערן. איך האָב ליב געהאַט צו הערן זיין ווייכן אָרגאַן און די פּליסנדיקע שפּראַך זיינע און די געדאַנקען, וואָס ער האָט אַרויסגעבליצט, אַזעלכע פּשוטע און אַזעלכע אָריגינעלע, און די קלוגע משלים, וואָס ער האָט געגעבן, פון וועלכע דער עולם האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

אַ מענטש אַ פּיקח (פּיקייעך) געווען, נישט איינמאָל, בעת איך האָב, מיט יאָרן־יאָרן שפּעטער, געלייענט מאַקסים גאָרקיס „מאָאי אוני־ווערסיטעטי" (מיינע אוניווערזיטעטן), האָב איך זיך דערמאָנט אָן אָט־דעם ווייַנבערגן און ביי זיך געטראַכט, ווי ענלעך ער איז געווען צו דער טיפער און וואונדערלעכער געשטאַלט פון אַ פאָלקס־פילאָזאָף, וואָס גאָרקי שילדערט דאָרט . . .

נאָך איצט, דאַכט זיך מיר, זע איך אים, מיט זיין גלאַנציקן, גרויסן און קלוגן שטערן, אין דעם לאָקאַל אויף פיין סטריט, אין פילאַ־דעלפיע, ווי ער שטייט דאָרט אויף דער פּלאַטפאָרמע, אַ ביסל אויס־געבויגן אויף איין זייט, מחמת זיין הינקעדיקער פוס, און איך הער זיין קול און דעם באַזונדערן קאָמישן טאָן, מיט וועלכן ער שילדערט דעם אַרבעטער און די גאַנצע היינטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, און בילדער לעבן אויף פאַר די צוהערער אינעם לאָקאַל, בילדער, געשאַפן פון אַן אמתן וואָרטמייסטער, אַזעלכע טראַגישע אין זייער קאָמיזם און אַזעלכע קאָמישע אין זייער טראַגיזם, אַז יעדע ווײַלע ווערט זיין קול דערטרונקען אין אַ שטורעמדיקן געלעכטער . . .

יאָ, אַ וואונדערלעכער וואָרט־קינסטלער איז ער געווען, מיט אַ

רואיקן שמייכל, דורך וועלכן ער האָט אָפט די אָריגינעלסטע געדאַנקען אַרויסגעבליצט.

אָט דער וויינבערג האָט אין יענער צייט מיר אָפט געזאָגט:

— ברענט ניט אַזוי, איר וועט גיך איבערברענען. אַ פייער, וואָס פלאַקערט אַזוי, מוז גיך איבערברענען. איך האָב מורא, אַז לאַנג וועט איר ניט בלייבן מיט אונדז.

אַ געוויסע צייט זיינען מיר דעמאָלט געווען שטאַרק באַפריינדעט און ער האָט זיך מיט מיר באַזונדערס אינטערעסירט. אין יענער צייט האָט ער מיך געבראַכט איינמאָל צו זיינעם אַ פריינד — אַ שטיקל אַנאַרכיסטישער גענאָסע געווען — וואָס האָט געהאַט אַ קליין סיגאַר־פאַבריקל ערגעץ אַרום זשיראַרד עוועניו, און יענער האָט מיך אויסגע־לערנט ווי אַפּצורייניקן טאַבאַק־בלעטער פון זייערע וואָרצלען, כדי מען זאָל זיי נאָכדעם קאָנען נוצן פאַר די סיגאַרן. איך בין געוואָרן, הייסט עס, אַ „טאַבעקאָ־סטריגער״ ביי יענעם אין פאַבריקל, און איך האָב פאַרדינט דריי דאָלאַר אַ וואָך.

פאַר מיר, בפרט אין יענער צייט, וואָס זי האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ ערגער און ערגער, רוקנדיק זיך צו דעם קריזיס פון 1893, איז דאָס געווען אַ סך געלט. סיי־ווי־סיי, פאַר מיין קעסט גיטלען איז דאָס געווען גענוג . . .

* * *

פאַר וויינבערגן האָב איך יעדע וואָך געלייענט יאָהאַן מאָסטס „פרייהייט״, ווען זי איז אָנגעקומען פון ניו־יאָרק, און ער האָט זיך צוגעהערט צו מיין לייענען אַלע מאָל מיט פאַרמאַכטע אויגן.

די צייטונג איז אָנגעקומען שבת, האָב איך געלייענט זי פאַר אים זונטיק, נאָכמיטאָג, געוויינטלעך.

ער האָט געוואוינט מיט אַ פרוי — צי ביי אַ פרוי — דאָס גע־דענק איך נישט אויף געוויס — אין אַן אַלטן, הילצערנעם הויז, ערגעץ אויף אַ הינטער־הויף, און אַהין בין איך געגאַנגען אַ געוויסע צייט יעדן זונטיק נאָכמיטאָג.

ער האָט מיך אַלע מאָל אָפּגעוואַרט ביים אַריינגאַנג אין הויז, געוואַרט אויף מיר, ווי מיין מיסעס גיטל האָט אויף מיר געוואַרט, ווען זי האָט געדאַרפט אַנשרייבן אַ רוסישן אַדרעס אויף דעם בריוו, וואָס זי האָט געזאָלט שיקן קיין וויטעבסק צו איר זון. און אַז ער האָט מיך דערזען קומען מיט זיינע האַלב־בלינדע אויגן, האָט זיך זיין רייך־ראַזירטער פּנים צעשמייכלט גוטמוטיק און ער איז אַוועק צוריק אין הויז פאַר מיר, האַסטיק און צוהינקענדיק אויף אַ פוס.

דערנאָך זיינען מיר ביידע געזעסן אינעם הויז אין אַ צוגעמאַכטן חדר. אויפן בעט דאָרט און אַרום בעט, אויפן דיל, זיינען געלעגן יידישע

בראַשורן און יידישע צייטונגען, וואָס ער, וויינבערג, האָט זיי פרירער געלייענט. יידיש איז געווען די איינציקע שפּראַך, וואָס ער האָט גע־קענט לייענען. איך ווייס נישט, אויב ער האָט אַפילו געקאָנט שרייבן יידיש. ער האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון מאָסטס „פריי־הייט", ווען אַן אַנדערער האָט געלייענט פאַר אים אָט־די דייטשישע צייטונג.

— אַנו, לייענט! — האָט ער מיר דערלאַנגט דעם אַנגעגרייטן נייעם נומער פון מאָסטס „פרייהייט", ווען מיר האָבן זיך געזעצט דאָרט ביים טיש, און ער האָט זיך אַנגעשפּאַרט מיט ביידע עלנבויגנס אַן דעם טיש און, אַז איך האָב דערנאָך גענומען לייענען, האָט ער צו־געמאַכט די אויגן און זיך צוגעהערט.

און, מערקווירדיק, אַמאָל, אַז ער איז אַזוי געזעסן און האָט זיך צוגעהערט מיט צוגעמאַכטע אויגן, האָט זיך ביי מיר אויסגעוויזן, אַז ער קוקט אויף מיר דורך זיין קלוגן שטערן און צו מיין לייענען הערט ער זיך אויך צו מיט אָט־דעם שטערן זיינעם.

אגב, דעם אייגענעם איינדרוק האָב איך געהאַט אַמאָל פון אַן אַנדער אומגעוויינלעכער פּערזענלעכקייט — טאַקע פון דעם דיכטער ח י י ם ב י אַ ל י ק, ווען מיר האָבן פאַרבראַכט מיט אים איין אויפ־דערנאַכט ביי יונה ראַזנפעלדן אינדערהיים.

דעם גאַנצן אויפדערנאַכט איז ער געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן און ער האָט גערעדט אויך מיט משלים און פאַרגלייכונגען, און אַרויס־געשלאָגן און אַרויסגעבליצט האָט דאָס אַלצדינג פון אַ טיפן, טיפן קוואַל, האָט זיך מיר געדאַכט, וואָס איז ביי אים באַהאַלטן געווען ערגעץ אַהינטער זיין שטערן, איבער די צוגעמאַכטע אויגן זיינע.

מחמת אויך מיט זיין שטערן, אונטער די רויטלעכע האָר, און איבער זיינע צוגעמאַכטע אויגן — האָט זיך מיר דעם גאַנצן יענעם אויפדערנאַכט אויסגעוויזן — האָט ער געקוקט אויף אונדז אַלעמען, וואָס זיינען געווען מיט אים, און צו דעם, וואָס מיר ריידן, האָט ער זיך אויך צוגעהערט מיט אָט־דעם שטערן זיינעם.

איך געדענק קלאָר, ווי איך מיט מיין פרוי האָבן גערעדט דערפון נאָכדעם, אַז מיר זיינען געקומען אַהיים פון די ראַזענפעלדס.

פאַלט מיר איין, אַז דווקא דעמאָלט, ווען יענע ביידע זיינען גע־זעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן און ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי קוקן און הערן זיך צו מיט זייערע שטערנס, האָבן זיי באמת טאַקע געקוקט מיט זייערע ר י כ ט י ק ע אויגן, מיט די אויגן, וואָס זיינען ביי זיי באַהאַלטן געווען אַ ה י נ ט ע ר ד י ש ט ע ר נ ס ז י י ע ר ע. מחמת דער קינסטלער קוקט און זעט ווען ער איז באַזונדערס פאַרכאַפּט פון עפּעס, נישט נאָר מיט די אויגן, וואָס זיינען ביי אים אין דרויסן

אונטערן שטערן, נאָר ער זעט מיט די אויגן, וואָס זײַנען בײַ אים אינ־
ווייניק אַהינטערן שטערן . . .

אויך ח. ווייַנבערג איז געווען אַ קינסטלער אויף זייַן אופן.

* * *

איך געדענק, ווי אײַנמאָל, בעת איך האָב פאַר אים געלייענט מאָסטס „פרײַהייט", האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן פון זײַן אָרט און אַוועקגעהונקען איבערן צימער מיט זײַן האַנט אויפן שטערן.

— איר הערט? — מאַכט ער דערנאָך צו מיר אַ שייַנענדיקער — מיר ווייַזט זיך אויס, אַז ווען איך וואָלט אַפילו געווען אַ קאַלטער אויוון, וואָלט איך אויך אָנגענומען ברענען פון אָט דעם פייער — ווייַזט ער מיט אַ האַנט אויף דער צייטונג — אָנו, נאָך אַמאָל וויל איך הערן . . . לייענט נאָך אַמאָל דעם אַרטיקל . . . מיר וועלן דערנאָך ביידע ווערן בעסערע רעוואָלוציאָנערן, בעסערע אַנאַרכיסטן . . .

מאָסט איז געווען זײַן גאָט, און נישט נאָר זײַנער, נאָר דער גאָט פון כמעט אַלע יידישע אַנאַרכיסטן אין יענער צייט.

אין מאָסטס „פרײַהייט" האָבן זיך געדרוקט די אַרטיקלען פון מײַן שפּעטערדיקן פרײַנד מ א י ס ע י ע ו ו, אונטער וועלכע ער האָט זיך אונטערגעשריבן ל ע אָ נ ט י ע ו ו. מיר זײַנען יענע אַרטיקלען געפעלן געווען. זיי האָבן מיר זיך שטענדיק אויסגעוויזן ווי רעוואָלו־ציאָנערע לידער אין פּראָזע, אַרויסגעזונגען פון אַ דיכטער אַ רעוואָ־לוציאָנער מיט יוגנטלעכן און אַן אייגנטימלעכן שוואונג. יענע אַרטיק־לען האָבן גערעדט צו מײַן האַרצן.

אָבער ווייַנבערגן זײַנען זיי ניט געפעלן געווען.

— איך ווייס ניט, — האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט, — אַוודאי ווייסט לעאָנטיעוו בעסער פון מיר וואָס צו דרוקן, נאָר ווען מ'פרעגט בײַ מיר, וואָלט איך אַזעלכע אַרטיקלען ניט געדרוקט אין דער „פרײַ־הייט" און נישט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע". פאַר קיין צאַצ־קעס, מעגן זיי זײַן די שענסטע, טאָר ניט זײַן קיין פּלאַץ בײַ אונדז אין די צייטונגען. אונדזערע צייטונגען זײַנען רעוואָלוציאָנערע. זיי דאַרפן אַגיטירן און פּראָפּאַגאַנדירן און אויפקלערן קלאָר, אַז אַ קינד זאָל דאָס קאָנען פאַרשטיין, וואָס מיר ווילן און וואָס מיר דאַרפן, און פאַר־וואָס מיר שטרעבן צו אַן אַנאַרכיסטישער פרײַער געזעלשאַפט! קאָנטיק, אַז געגנאָסע לעאָנטיעוו, בעת ער שרײַבט זײַנע אַרטיקלען, האָט איבעם זינען מער ווי אַזוי צו שרײַבן אַ שענערע צאַצקע איידער צו פּראָפּאַ־גאַנדירן אונדזערע אידייען אויף אַ ריכטיקן אופן. כ'מיין, קלאָר, ברחל בתך הקטנה, און מיטן ריכטיקן פייער!

איך האָב נישט מסכים געווען מיט אים וועגן לעאָנטיעווס אַר־טיקלען. איך דווקא האָב יאָ געפילט אין זיי רעוואָלוציאָנערן פייער.

אגב, האָבן אַלע אַנדערע יידישע אַנאַרכיסטישע גענאָסן אין יענער צייט געהאַט די זעלביקע מיינונג וועגן דעם געדרוקטן וואָרט. יעדעס געדרוקט וואָרט אין זייערער אַ צייטונג האָט געמוזט אַגיטירן און פּראָפּאַגאַנדירן . . .

און דאָס מיינט ניט, אַז דער זעלביקער וויינבערג האָט ניט געקאָנט הנאה האָבן פון אַ גוטער דערציילונג, וואָס זי איז נישט געווען קיין דירעקטע פּראָפּאַגאַנדע. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „אַרבעטער צייטונג", וואָס ער האָט געלייענט יעדע וואָך, האָט ער געלייענט דערציילונגען, איבערגעזעצטע פון באַרימטע אייראָפּעאישע שריפטשטעלער. האָט ער אַנדערע פון אָט־די דערציילונגען געלייענט צוויי־דריי מאָל מיט דער גרעסטער הנאה; ער האָט אָבער געהאַלטן אַז דאָס איז, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — אַזאַ מין מחיהדיקע פּאַטראָווע, פון וועלכע מענטשן וועלן די פינגער לעקן, אָבער מאַכן זיי זאַט און געזונט און געבן זיי דעם ריכטיקן כוח, דעם רעוואָלוציאָנערן כוח, ווי אַ ליד פון אַ דוד עדעלשטאַט, למשל, צי פון אַ מאָריס ווינטשעווסקי — וועט דאָס קיינמאָל נישט קאָנען! . . .

איך האָב ליב געהאַט צו זיין אויף זיינער אַ דעבאַטע מיט אַ סאָציאַלדעמאָקראַט. בפרט געדענק איך איין דעבאַטע זיינע, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט וועגן דעם ענין „צי וואָס ערגער איז בעסער" — ווי די אַנאַרכיסטן זאָגן — אָדער „וואָס בעסער איז בעסער" — ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זאָגן.

דער סאָציאַל־דעמאָקראַט האָט זיך געמיט דעמאָלט צו ווייזן, וואָס פאַר אַ גוטער און שיינער רעדנער ער איז געווען, האָט ער גערעדט שטאַרק דייטשמעריש און באַנוצט די ווערטער: „ניעמאַלס", „זאָנדערן" און „אַבוואָל", און „טאָט", און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס אונדזער יידיש האָט שוין לאַנג אָוועקגעשיקט צוריק צו די דייטשן, און דערביי האָט ער זיך געקאָכט און געהיצט און געשריען, ביז ער איז אַזוי הייזעריק געוואָרן, אַז מען האָט די לעצטע ווערטער זיינע נישט געקענט מער הערן.

און ווי רואיק וויינבערג האָט אים געענטפערט, און מיט וואָס פאַר אַ קלאָרן, וואונדערלעכן — פאַר יענער צייט — יידיש אויף דער דייטשמערישער שפּראַך פון יענעם! . . .

— נאָך קיינמאָל האָבן תענוגים און עשירות און גוט לעבן נישט געמאַכט קיין רעוואָלוציעס, און רעוואָלוציעס סאָציאַלע אַוודאי נישט. אין דער וועלט, נאָר מענטשלעכער פיין, מענטשלעכע יסורים און צרות און מענטשלעכער הונגער; דערפאַר זאָגן מיר, אַנאַרכיסטן — האָט וויינבערג גערעדט — אַז וואָס ערגער איז בעסער, אַלץ נעענטער ברענגט דאָס אונדז צו דער רעוואָלוציע און די רעוואָלוציע צו אונדז; און דערפאַר אויך האַלט איך דזש. גולדן, און קאַרנעגין, און ראָקעפע־

לערן פאַר אונדזערע בעסטע גענאָסן. מחמת זיי מיט זייערע רויבערייען טרייבן צו אונדז די רעוואָלוציע און טרייבן זי אונטער מיט פייערדיקע בייטשן: גיכער! גיכער! . . .

און פאַרענדיקט האָט ער מיט אַ משל, וואָס איז געווען אַזוי הומאָ־ריסטיש, אַז דער עולם, אַחוץ די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָט פאַרהילכט דעם לאָקאַל פאַר געלעכטער.

* * *

אַ דאַנק אַט דעם ווײַנבערגן, האָב איך אין יענער צײַט געטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איך וואָלט היינט זיכער נישט געטאָן. געמלעך: איך האָב געהאַלטן אַ לעקציע וועגן . . . די גריכישע פילאָזאָפן, נישט מער און נישט ווייניקער! (אגב, וועגן דעם דערפאָלג פון יענער לעקציע קען מען דאַכט זיך מיר נאָך היינט אויך געפינען אַ געדרוקטן באַריכט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" פון 1892.)

ווי אַזוי האָט געקענט פּאַסירן אַזאַ נס, אַז איך, וואָס איך בין אַזוי ווײַט געווען פון די גריכישע פילאָזאָפן, זאָל וועגן זיי דעמאָלט לייענען אַ לעקציע?

איז די מעשה אַזוי געווען: איך האָב געלייענט דרעפּערס „די געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור" אין רוסישער איבערזעצונג, איז עס מיר אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז איך האָב כסדר גערעדט דערפון מיט ווײַנבערגן. מאַכט ער איינמאָל צו מיר, אַז איך האָב אים אַזוי פאַראינטערעסירט מיט אַט־דעם, וואָס איך האָב אים דערציילט פון אַט־דעם ווערק, אַז אים פאַרדריסט וואָס ער אַליין קען דאָס נישט לייענען אין דעם בוך, איבערהויפּט איבער די גריכישע פי־לאָזאָפן. און היות, אַזוי ווי איך האָב גערעדט מיט אים וועגן דעם, געפעלט אים, מיינט ער, אַז איך דאַרף האַלטן וועגן דעם אַ לעקציע פאַר די גענאָסן און פאַר אַנדערע . . .

און עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע טענות, אַז איך בין נישט גענוג קאָמפּעטענט צו האַלטן אַזאַ לעקציע: ער איז באַשטאַנען אויף זײַנס. ווען מען האָט אַפילו איין טראָפּן וויסן, וואָס די אַנדערע פון די מאַסן אונדזערע האָבן ניט, מוז מען זיך דערמיט טיילן מיט זיי — האָט ער געטענהט.

און אַזוי האָט פּאַסירט דעמאָלט דער נס, וואָס איך האָב געהאַלטן אַ לעקציע איבער די גריכישע פיליזאָפן און, מערקווירדיק, סיי דער לעקטאָר און סיי זײַן לעקציע האָבן אויסגענומען דעמאָלט ביים עולם אינעם לאָקאַל!

נישט נאָר דערפאַר, דענק איך אַזוי, ווייל אַזאַ באַריכט איז דער־נאָך געדרוקט געווען אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע", נאָר, נאָך מער, דערפאַר ווייל צווישן יענע, וואָס האָבן דעבאַטירט מיט מיר אויף

דער לעקציע, איז געווען איינער — אויך אַן אַנאַרכיסט — אַן אמתער דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע, מיט אַ טיטל פון אַ „פּי עדוש די" — איינער מיטן נאָמען האַרטמאַן, אַ יונגערמאַן מיט רויטע האָר — געדענק איך — און ער האָט מיט מיר דעבאַטירט ווי מיט איינעם וואָס וואָלט געווען גאָר־גאָר אַ גרויסער בקי אין גריכישער פילאָזאָפיע! . . .

און דאָ פאַלט מיר איין עפּעס, וועגן וואָס איך האָב אַ סך מאָל גע־טראַכט: אַזוינע לעקציעס, ווי מיינע יענע, וועגן אַנדערע ענינים, האָבן די מערסטע פון אונדזערע דעמאָלסטיקע לעקטאָרס געהאַלטן. דאָס הייסט, איבערגעלייענט אַ בוך, צי אַמאָל גאָר אַ בראַשור, און נאָכדעם געהאַלטן וועגן דעם לעקציעס פאַר דעם גרויסן עולם.

איז טאַקע אמת, אַז פאַר דעם געלערנטן און דעם הויך־געבילדעטן זיינען אַזעלכע לעקציעס קיין לעקציעס ניט, נאָר „עם הארצות" און, אפשר, נאָך ערגער ווי דאָס; אָבער די ווייגבערגס, וועלכע האָבן געקענט גוט יענע מאַסן, וועלכע זיינען אַליין געווען אַ טייל פון יענע מאַסן, האָבן געטראַכט אַנדערש וועגן דעם.

אַפילו מיט איין טראָפּן וויסן, וואָס מיר האָבן מער פון די מאַסן, מוזן מיר זיך טיילן מיט זיי — איז זיין מיינונג געווען.

טראַכט איך מיר: אפשר איז ער גערעכט געווען; אפשר האָט מען גאָר נישט געקענט קומען צו יענע מאַסן אויף דער יידישער גאַס, ווי נאָר מיט אַ „טראָפּנס וויסן", כדי מען זאָל אויף זיי האָבן אַ השפעה? . . . אַזעלכע לעקטאָרס ווי אַ דר. חיים זשיטלאָווסקי, צי אַ יצחק אייזיק הורוויטש מיט זייער גרויסן וויסן וואָלטן זיכער נישט געהאַט קיין צוהערער אין יענער צייט צווישן די יידישע מאַסן.

האָט דאָך יצחק אייזיק הורוויטש, ווען ער האָט אין יענער צייט געוואָלט האַלטן זיינע אַ ריכטיקע לעקציע, געמוזט פאָרן קיין שיקאַגאָ און זי האַלטן אין דעם דאָרטיקן אוניווערזיטעט! . . .

* * *

אין יענער צייט האָט ווייגבערג מיר פאַרביטן סיי באָריסן און סיי אַניוטאַן און סיי די אַנדערע פריינט מיינע, וואָס כ'האָב זיך געטראָפן מיט זיי פון צייט צו צייט אין פילאַדעלפיע. אַפילו אין יענע מאָמענטן, ווען כ'האָב זיך פאַרבענקט נאָך מיין היים אין וויטעבסק און נאָך מיינע היימישע, בין איך אויך געלאָפן צו אים פון אַט־דער בענקעניש. ביי אים און מיט אים האָב איך זיך אַן דעם פאַרגעסן.

און אַמאָל, אַז ער האָט זיך דערוואוסט וועגן אַט־דער בענקעניש מיינער, האָט ער געמאַכט חוזק פון מיר. ווען איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך מיט זיך געדאַרפט נעמען מיין מאַמעס „פאַרטעך" — האָט ער געלאַכט פון מיר.

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען דער באַרימטער סטרייק אין

האַמסטעד פון די אַרבעטער קאַרנעגיס שטאָל־ און אייזן־גיסערייען, די סטרייקערס האָבן געקעמפט קעגן די הונדערטער סקעבס, וואו זיי זיינען געווען פינקערטאָן־דעטעקטיווס, מיט געווער אין די הענט.

אַט־דער סטרייק האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אמתער מלחמה: אויף ביידע זייטן זיינען געווען טויטע און פאַרוואונדעטע. אָבער די אַרבעטער האָבן געזיגט. די סקעבס־דעטעקטיווס האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן. זיינען די אַנאַרכיסטן דעמאָלט אַוודאי זיכער געווען, אַז שוין, די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן, און צוויי פון זיי זיינען אַוועק קיין האַמסטעד צו יענע אַרבעטער־קעמפער מיט אַ מאַניפעסט פון יאָהאַן מאָסטן, אַז זיי זאָלן זיך נישט באַגנוגענען מיט זייער זיג איבער די סקעבס, איבער די „פינקערטאָנס", הייסט עס, נאָר זיי זאָלן אָנהייבן אַ קאַמף מיט געווער אין די הענט פאַר די רעכט פון אַלע מענטשן.

האָבן די זעלביקע אַרבעטער פון האַמסטעד, וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג געקעמפט מיט געווער אין די הענט קעגן די „סקעבס", דעמאָלט שיער ניט „געלינטשט" די ביידע אַנאַרכיסטישע אורחים מיטן מאַניפעסט פון מאָסטן. די ביידע שלוחים האָבן, ווי דורך אַ נס, ממש, זיך אַרויסגעראַטעוועט פונעם שטעטל מיט זייער לעבן. (דאָס איז געווען אַ קורצע צייט איידער אַלעקסאַנדער בערקמאַן האָט געשאָסן אויף פריקן, דעם שותף און הויפּט־פאַרוואַלטער פון קאַרנעגיס שטאָל־ און אייזן־גיסערייען.)

געדענקט איך ווי וויינבערג האָט זיך פאַרהאַלטן דעמאָלט צו דעם. בעת מיר אַלע האָבן שוין געמיינט, אַז אַט־דער האַמסטעד סטרייק (אַ שטעטל לעבן פּיטסבורג איז האַמסטעד), וואָס מיט אים האָט גע־קאָכט דעמאָלט דאָס גאַנצע לאַנד, איז די „סאָציאַלע רעוואָלוציע", און יאָהאַן מאָסט אַליין האָט אין זיין „פרייהייט" אויך אומגעפער דאָס אייגענע געשריבן, איז ער, וויינבערג, פאַרבליבן מער רואיק, איידער ווען־עס־איז פריער.

רואיק און געלאַסן האָט ער גערעדט צו מיר און צו די אַנדערע:

— ניט געקאָכט זיך. פאַר אַזוינע צייטן איז דעם מענטשן געגעבן געוואָרן דער קאָפּ, דער שכל. אַוודאי האָט זיך עפּעס אָנגעצונדן ביי אונדז אין אונדזער פינצטערניש, נאָר אפשר נישט מער ווי אַ שטרוי־ענער דעכל, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע פייערלעשער וועלן באַלד אויס־לעשן. דאַרפן מיר אָפּוואַרטן דערפאַר. אַט ווען די ריכטיקע דעכער אין פּיטסבורג און אין שיקאַגאָ, און אין ניו־יאָרק, און אין פילאַדעלפיע, וועלן אָנהויבן צו פּאַליען, אַט דאַן וועלן מיר וויסן, אַז דאָס איז דאָס ריכטיקע פייער! . . .

און שפּעטער, ווען די זעלביקע סטרייקערס פון האַמסטעד האָבן די ביידע אַנאַרכיסטישע שלוחים באַהאַנדלט אַזוי שלעכט, און ווען די

אַנאַרכיסטן, אויך יאָהאַן מאָסט אַליין, זיינען דערנאָך געווען אַזוי אויפגעבראַכט און פאַרביטערט קעגן יענע אַרבעטער פון האָמסטעד, איז ווייגבערג אויך דעמאָלט פאַרבליבן פילאָזאָפיש־רויִק.

ער האָט געלאָסן געזאָגט:

— דאָס באַווייזט נאָר, וויפיל אַרבעט מיר האָבן נאָך; וויפיל פינצטערניש מיר דאַרפן נאָך אויספּאָמפּען ביי די די מאַסן פון די מוחות! . . .

* * *

איך ווייס ניט פאַרוואָס ער האָט זיך דערמאָלט אַזוי צוגעבונדן צו מיר, נאָר ער איז געווען צו מיר צוגעבונדן, און ער האָט זיך שטאַרק געמיט, אַז איך זאָל פאַרבלייבן מיט די אַנאַרכיסטן.

ער האָט אַמאָל גערעדט צו מיר:

— דאָס אומגליק מיט אַזעלכע ווי איר איז, וואָס צוערשט ברענט איר אַזוי שטאַרק, אַז איר ווערט גיך איבערגעברענט. איך האָב מורא, אַז סוף כל סוף וועט איר נאָכטאָן אייער פריערדיקן חבר סיימאַן און איר וועט אויך אָנהויבן צו טראַכטן וועגן אַנקומען אין קאָלעדזש, און אַז איר וועט אויסשטודירן שפּעטער דאָקטאָר, וועלן אייך די מאַסן נאָר אויף אַזוי ווייט אָנגיין, בלויז צו זען, צי זיי האָבן ניט קיין חולה מיט אַ דאָלאַר פאַר אייך.

אָבער זעלטן איז ער געווען אַזוי האַרט צו מיר. ס'רוב האָב איך געהערט פון אים גאָר אַנדערע, ווייכע און האַרציקע, ווערטער, פול מיט לויב פאַר מיין איבערגעבנקייט צום אַנאַרכיסטישן אידעאַל.

איך דאַרף גאָר ניט אַזוי בענקען נאָך מיין היים און נאָך מיינע היימישע, — האָט ער געטענהט צו מיר. — איך דאַרף וויסן, אַז ער און אַלע אַנדערע האָבן אויך געהאַט אַ היים און אויך געהאַט אַ טאַטן און אַ מאַמען און ברידער און שוועסטער . . .

און ער האָט אויך געטענהט צו מיר, אַז איך קאָן ווערן אַ רעדנער און אַ שרייבער, וואָס קאָן ברענגען אַ סך נוצן די מאַסן. איך דאַרף זיך נאָר מער באַקענען מיטן אַנאַרכיזם־קאָמוניזם און אַנשטאָט טראַכטן וועגן אָנשרייבן אַ „צאַצקע מיט אַ זון־אויפגאַנג“, וואָס דאָס וואָלט, אפשר, געפּאַסט צו ווערן געדרוקט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „אַרבעטער צייטונג“, זאָל איך זיך סטאַרען בעסער אָנצושרייבן עפּעס וועגן דעם ריכטיקן „יאָמער־טאָל“, וואָס מען זאָל עס קאָנען אָפּדרוקן אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע“.

אין יענער צייט האָב איך כמעט יעדע „סקיצע“, וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין דער רוסישער שפּראַך, פאַר אים געלייענט און, הגם ער האָט קיין רוסיש נישט געקענט לייענען, האָט ער אָבער פאַרשטאַנען

וואָס איך האָב פֿאַר אים געלייענט, אַזוי ווי ער האָט פֿאַרשטאַנען ווען איך האָב געלייענט פֿאַר אים מאָסטס „פֿרייהייט", הגם אַליין האָט ער קיין דייטש נישט געקענט לייענען.

איינמאָל זאָגט ער צו מיר, אַז ער האָט אַ גוטן איבערזעצער פֿאַר מיינער אַ רוסישער סקיצע. יענער איז אַ סיגאַר־מאַכער, וועלכער אַר־בעט מיט אים אינעם שאַפּ. יענער האָט שוין עפּעס איבערזעצט פֿאַר דער „פֿרייע אַרבעטער שטימע". דערפֿאַר זאָל איך זיך סטאַרען אָנצו־שרייבן עפּעס אַ ריכטיקע זאַך. האָב איך אים דאָס צוגעזאָגט.



# חיים ווייַנבערגס לעצטע יאָרן

## פון ס. פּאָלינאָוו

(אַן אויסצוג פון „ה. ווייַנבערג: אַ היסטאָרישע פיגור", נעקראָלאָג אין „מען" (מענטש), מערץ 1939)

אַ נייַער קאַפּיטל האָט זיך זייט דאַן אָנגעהויבן אין דעם לעבן פון געני. ווייַנבערג. זייַן נאָמען האָט צוגעצויגן באַזוכער פון אַלע טיילן פון לאַנד. מענטשן פון וויַיט און נאָענט האָבן מרגל געווען צו ווייַנבערגס „יאַסנאַיע פּאָליאַנאַ", ווי אייניקע האָבן עס גערופן. אַ באַזוך צו געני. ווייַנבערג האָט געמיינט אַ גייסטיקע צופרידנשטעלונג, ווייַל געני. ווייַנבערג האָט קיינמאָל נישט געלאָזן אַ מאָמענט פאַרבייַגיין אַן אינטעליגענטער דיסקוסיע. ווי דער קלוגער אטהעניער איז ער געזעסן אין זייַן באַקוועמען שטול און אַלעמאָל געעפנט אַ דיסקוסיע איבער וועלכער עס איז פראַגע, וועלכע האָט זיך באַצויגן צום פאַרגאַנגענעם גריכישן סאָפיזם אָדער די איצטיקע עקאָנאָמישע דעפּרעסיע. די לאָגיק און אַרגומענטאַציע, מיט וועלכע ער האָט באַהאַנדלט יעדע דיסקוטירטע פראַגע, האָט זיך נאָר געקענט פאַרגלייַכן מיט דעם געדאַנק פון אַ גאון.

עס איז געווען אַן אינטערעסאַנטער פּעראַיד פאַר דעם אַלטן דענקער. ער האָט געהאַט אומבאַגרענעצטן גענוס אין אָט־דעם אָפּגעזונדערטן פּלאַץ, וואו ער האָט זיך געקענט אָפּגעבן צו טיפער אינטעלעקטועלער דענקונג. פון צייט צו צייט האָט ער פאַרלאָזן די רואיקע וואוינונג און איז אַוועק אויף אַ לעקציע־טור. פון צייט צו צייט האָט אים אַ יוניאָן גערופן אַרויסצוקומען פון זייַן אָפּגעזונדערטקייט און גיבן אַ דערמוטיקונגס־רעדע צו סטרייקנדע אַרבעטער.

ביי זייַן עלטער האָט ער, אין 1933, זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין מישיגען סטייט. ער איז אָבער אַלעמאָל צוריקגעקומען צו זייַן באַליבטן פּלאַץ אויף דער פאַרם, וואו ער האָט געפונען זייַנע פריינט און קאַמעראַדן, מיט וועמען ער האָט אַלעמאָל גערעדט וועגן דער גרויסער אַנטוישונג וואָס דער איצטיקער פאַשיזם האָט אַרויפגעוואָרפן אויף דער דענקענדער מענטשהייט, און אין דער זעלבער צייט אַרייַנגעבנדיק נייַע דערמוטיקונג און האָפענונג אין דעם גלויבן פון דער קומענדער סאָציאַלער געזעלשאַפט.

אין די לעצטע עטאַפּן פון זייַן לעבן האָט דער אַלטער וועטעראַן געפילט די דערנענטערונג פון דעם סוף. ער האָט נאָך אַלץ באַגריסט

זיינע באַזוכער מיט זיין געוויינלעךברייטן ה־ע־ל־אָ! ער האָט נאָך אַלץ פאַרזוכט צו רעדן מיט זיי וועגן די פּאָליטישע צייטפראַגן פון טאָג. שפּאַניע, באַרסעלאָנע, פאַשיזם, זיינען איצט געווען ביי אים דערהויפּט אויפן געדאַנק. ווי ער האָט עס געוואָלט דערמוטיקן אַלע די וואָס האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין דעם גרויסן קאַמף קעגן רעאַקציע . . . דער גרויסער גייסט איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער. דאָס לעבן האָט געהאַלטן אין פאַרשווינדן.

און אין דער נאַכט פון 26טן יאַנואַר, 1939, איז געקומען דער אומפאַרמיידלעכער סוף.



# חיים לייב וויינבערג

## פון יוד לאָמער מאַלאַמוט

(אויסצוג פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע")

ווען איך בלעטער אין מיין מח די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, און עס שוועבן פאַר מיין גייסטיקן בליק פאַרביי געשטאַלטן פון אונדזערע אַרבעטער־פירער און טוער, דערהייבט זיך פאַר מיר די געשטאַלט פון ח. ל. וויינבערג. ווייל ער איז איינער פון די גרעסטע צווישן די וואָס האָבן בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און אויפקלערונג פון דעם יידישן אַרבעטער. ער שטייט פאַר מיר ווי אַ „יוניקום", אַ „חד במינו", איינער אַ מערק־ווירדיקער, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט און זיך אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע פירער. עס קען זיין אַז די אַנדערע האָבן טאָקע גערעדט אין אַ מער פאָלירטער שפּראַך, בעת זיין, וויינבערגס, לשון איז געווען פּראָסט און פּשוט. אָבער אין דער אויפריכטיקייט פון זייערע ווערטער האָט מען געמעגט צווייפלען, ווייל זייער ערנסט איז געווען אַ צווייפל־האַפטער, אין דער צייט ווען וויינבערג האָט גערעדט פון האַרצן, מיט פייער און נשמה, און זיינע רייד זיינען געווען „דברים היוצאים מן הלב".

מיט זיין ריידן פלעגט ער אונדז מיטרייסן, האָט אַריינגעצויגן, געוואונען אונדזער פולסטן צוטרוי. עס איז פאַר אונדז געשטאַנען אַן אַרבעטער־פריינט, אַ פאָלקס־מענטש, וואָס האָט געלעבט ווי איינער פון פאָלק, וואָס האָט געבלוטעט פאַר דעם אַרבעטער, און איז אַליין געווען אַן אַרבעטער (אַ ציגאַרן־מאַכער).

דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען צו קענען וויינ־בערגן זינט דעם אָנהייב פון יאָרהונדערט, נאָך 1900, ווען — מיט כמעט 50 יאָר צוריק — מיר האָבן זיך באַגעגנט אין פילאַדעלפיע. ער איז שוין דאַן געווען אַן אנערקענטער פירער פון דער אַנאַרכיס־טישער באַוועגונג. מיר האָבן דאָך דעמאָלט גערעכנט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע „שטייט שוין אויפן שוועל", זי „מוז און וועט קומען"...
ער האָט אויך געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, וועלכע איז דאַן געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקער מדרגה. דערהויפּט זיינען די בעקער־אַרבעטער דעמאָלסט געלעגן, ווי וויינבערג וואָלט זיך אויסגעדריקט, „ביין איילן אין דער אדמה"...

אויב די בעקער־אַרבעטער האָבן דאָך דערגרייכט בעסערע באַדינ־

גונגען, האָבן זיי דאָס טאַקע ווייַנבערגן צו פאַרדאַנקען. אָבער ער איז אויך געווען אַ פאַנטאַזיאָר, אַ מענטש מיט אַ געפליגלטער פאָר־שטעלונגס־קראַפט און אימאַגינאַציע, און גלייכצייטיק אַ רעאַליסט. ער האָט געוואוסט, אַז מ׳קען ניט דעם שונא, דעם קאַפּיטאַליסט, פאַרטרייבן מיט איין בייטש, מיט אַ טרייד־יוניאָן, מחמת דער קאַ־פּיטאַליזם בייטשט דעם אַרבעטער מיט טויזנטער ריטער. דער קאַ־פּיטאַליסט נעמט נישט נאָר אַרונטער די „סמעטענע" פונם אַרבעטס־מאַנס פּראָדוקט, דורך אויסבייטונג, נאָר ער איז אויך דעם אַרבעטערס לענדלאָרד, זיין קליידער־פאַבריקאַנט, זיין בעקער, זיין שוכער, און דער אַרבעטער קען דעריבער קיינמאָל ניט אַנשטאָפּן דעם צעשטאָפּטן האַלדז פון דעם „פאַרדאַמטן קאַפּיטאַליסט".

יענע תקופה, מיט אַ פערציק־פופציק יאָר צוריק, האָט בכלל געשוואַנגערט מיט אוטאָפּיסטישע אידייען; און אין פילאַדעלפיע נאָך מער ווי אין ניו יאָרק, איז אַ דאַנק ח. ל. ווייַנבערגן טאַקע, זייער פּאָפּולער געוואָרן די אידייע פון קאָאָפּעראַטיוון. האָט ער זיך אָנגע־כאַפּט מיטביידע הענט פאַר דעם קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל, פאַר דער אידייע מכח אַלערליי קאָאָפּעראַטיוון — „העט־סטאָרס", שוך־קראָמען, בעקערייען. ער האָט נישט געצווייפלט, אַז זיי וועלן זיין דערפאָלגרייך, „מחמת דער אַרבעטער טראָגט דאָך העטס און שיך, און דאַרף האָבן די־אַ אַרטיקלען אויך פאַר ווייב און קינדער". איז אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס טאַקע ניט „אויך קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען, קליידער־געשעפטן פאַר מענער און פרויען, אייגענע רעסטאָראַנען און נאָך צום סוף אויך אייגענע באַנק־געשעפטן?" . . .

דערצו האָט ווייַנבערג געהאַט אין זיך דעם מאַגנעטישן כוח זיך אַוועקצושטעלן ריידן און איבערצייגן מענטשן מיט פשוטער לאָגיק, מיטן שכל הישר, און דערביי באַגייסטערן מענטשן. אַוועקשטעלנדיק זיך ריידן, למשל, וועגן דער פאַריזער קאָמונע, האָט ער פאַר אייך אויסגעמאָלן געשטאַלטן פון די קאָמונאַרן אַזוי פריש און לעבעדיק, אַז איר אַליין האָט געהאַט דערפילט אַ גרייטשאַפט צו גיין העלפן מאַכן די רעוואָלוציע . . .

און נאָך עפּעס: ווייַנבערג איז געווען אַ מענטש מיט אַן אומ־דערשעפּלעכן קוואַל פון אַ גוטמוטיקן הומאָר — אַ געזונטער, ניט קיין שטעכעדיקער, גאַליקער הומאָר; נאָר אַזאַ מין גוטמוטיקייט וואָס מאַכט אייך שמייכלען און אָפט זיך צעלאַכן הויך אויפן קול.

אין יענע יאָרן איז ער ניט געווען קיין היימזיצער, נאָר אַ שטיק קוועקזילבער. ער האָט געגלויבט אין אַגיטאַציע און איז טאַקע אַרומ־געפאָרן, געמאַכט יעדן יאָר אַ טור איבערן לאַנד, איבער אַמעריקע און קאַנאַדע. הייַנט האָבן יידישע לעקטאָרן אַ פּרייז, דאָס הייסט

מען באַצאָלט זיי. זיי שטייען שוין איין אין האָטעלן, מעגן צופאָרן צו און פון דער באַן מיט אַ טעקסי, אָבער ניט ווייַנבערג!

איך האָב, פאָרנדיק איבער אַמעריקע, זיך געטראָפן מיט וויינ־בערגן אין אַ צאָל אַמעריקאַנער און קאַנאַדישע שטעט, און כ׳האָב אים אַלע מאָל באַוואונדערט: אַזוי שפּאָרזאַם אָדער אָרים איז ער געווען . . .

אפילו עמא גאָלדמאַן איז שוין דעמאָלט איינגעשטאַנען אין די האָטעלן, אָבער ווייַנבערגן האָב איך געטראָפן, למשל, אין קליוולאַנד אין אַ קאָמונע צווישן יידישע בחורים — ראַוונער, וויטקאָוויץ, קאָהען, גליקמאַן, שוואַרץ — אַלע האַרעפּאַשניקעס, און ווייַנבערג האָט זיך צווישן זיי געפילט ווי אויפן זיבעטן הימל.

ווינטער. אין דרויסן ליגט זעקס פוס שניי, די פענצטער זיינען „פאַרקאָוועט“, נישט אויפצוהייבן זיך פון די געלעגערס, אָבער ווייַנ־בערג, עלטער פאַר אונדז אַלעמען, שטייט אויף דער ערשטער, מאַכט פייער, וואַרימט אָן דאָס הויז, נאָך איידער אַלע שטייען אויף.

— ווייַנבערג, וואָס טו איר? — פרעג איך.

— איך בין דאָך אַ ליידיקגייער, — ענטפערט ער מיר — איך דאַרף ריידן ערשט פרייטיק, זיץ איך שוין ביי זיי דריי טעג, עס און טרינק, טו גאָרנישט, און זיי אַרבעטן, זיי גיב ןמיר עסן. אַט באַלד דאַרפן זיי אויפשטיין צו דער אַרבעט, וויל איך זיי כאָטש אַביסל אָנוואַרימען דאָס הויז. (אַזאַ אחריות פון אַ יידישן לעקטאָר צו זיינע מיטמענטשן האָב איך זעלטן געזען צו יענער צייט). האָט ער טאַקע אָנגעוואַרימט דאָס הויז, צוגעשטעלט די קאַווע, און באַדינט די חברים.

ווייַנבערג האָט אַ לעבנלאַנג געחלומט פון איבערמאַכן די וועלט. ער האָט געגלויבט, אַז פונקט אַזוי ווי אַ געזעלשאַפט איז צוזאַמענ־געשטעלט פון יחידים, פונקט אַזוי קען מען די וועלט נישט איבער־מאַכן, סיידן מען זאָל אָנהייבן פון דעם יחיד. און אויב פון דעם יחיד, מוז מען טאַקע אָנהייבן פון זיך אַליין.

האָט ער אין משך פון אַלע זיינע יאָרן רעפאָרמירט זיין אייגן לעבן. אַ גלויביקער, ניין, אַן איבערצייגטער, אין דער אידייע פון קאָלאָניזאַציע, האָט עס אים אַלעמאָל געצויגן צו פאַרמס, און וואו נאָר עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך, אַן עקספּערימענט פון קאָלאָניזאַציע, איז ער שטענדיק געווען פון די „צען ערשטע“ — זיך אָנצושליסן, מיטאַרבעטן, זיך קאָלאָניזירן. אַזוי אין סטעלטאָן, נ. דזש., אַזוי אין סאָנרייז, מישיגען א. אַז. וו. און באַזיצנדיק אַ היפּשע מאָס פון געזונטן הומאָר, האָט ער אַלעמאָל דער ערשטער איינגעזען די קליינלעכקייט, די לעכערלעכקייט פון יענע פּערזאָנען וואָס האָבן שנעל

אנגעהויבן „באַלעבאַטעווען“ און האָבן אויסגענוצט די אידייע פאַר זייערע אייגענע אַמביציעס . . .

נאָר אנשטאט דעם, וואָס אַנדערע האָבן אָנגעהויבן, ווי קורח, „קריגן“ אויף דער גאַנצער עדה, וואַרפן פעך און שוועבל אויף דער באַוועגונג, האָט ווײַנבערג געהאַנדלט קליגער און לײַטישער. ער האָט אַלעמאָל געטענהט:

— צי דערפאַר ווײַל בערל אָדער שמערל האָבן געהאַנדלט אומ־מענטשלעך, מיינט עס דען אַז די אידייע איז אַ פאַלשע? ניט מער: דער צי יענער מענטש איז נאָך ניט דערוואַקסן צו לעבן מיט אַן אידעאַל וואָס וועט אָנגענומען ווערן אין דער צוקונפט. אָבער די אידייע א י ז אַ ריכטיקע!

אויף ווײַנבערגן האָט קיינער נישט געקענט זאָגן, אַז ער האָט פאַרזען די אינטערעסן פון די אַרבעטער. ער האָט געלעבט לאַנג, אַקטיוו, ענערגיש. עס זײַנען אָנגעקומען נײַע צײַטן — מלחמות, מהומות, רעוואָלוציעס . . . חיים לייב ווײַנבערג האָט זיך געעלטערט פיזיש, אָבער ניט אַלט געוואָרן אין גייסט. זאָט אין יאָרן, אָנגעלעבט אַ סך דערפאַרונגען, אַ סך אַנטוישונגען, נישט קיין סך נחת אין דער אַרבעטער באַוועגונג. אָבער ער איז געבליבן יונג אין גייסט ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן.



# צוויי בריוו פון דוד עדעלשטאַט

## צו ח. ל. וויינבערג

Denver, February 25th, 91

גענאָסע און פריינט וויינבערג!

אייער בריוו ערהאַלטן און עס פרייט אונדז זייער, דאָס זי זינד ענדלעך אין איר [אייער] היים מיט אייער פרוי און קינדער.

ביי אונדז גייט עס ווי אימער, קיינע נייס. מיין געזונט איז נאָך אַלץ ניט אַמבעסטן, איך הוסט און פיל זיך שוואַך. ווי אַזוי פילן זיי זיך יעצט? אין ניו־יאָרק איז יעצט זייער אַ לעבעדיקע צייט. ווי גערן וואָלט איך זיין יעצט אויף דער קאָנווענציאָן צווישן די גענאָסן; אָבער מען קאָן זיך ניט העלפן, און ביז אַ צייט מוז מען נאָך בלייבן אין דער טויטער דענווער. ווי אַזוי גייט עס אין פילאַדעלפיע? זיינען די גענאָסן מוטיק גענוג אין דער אַגיטאַציאָן? פאַרשטאַרקערן זיך די רייען פון די אַנאַרכיסטן? איך וואָלט אַלעס געוואָלט וויסן, וואָס אַנבעלאַנגט דער פילאַדעלפיער באַוועגונג, און ווען דאָס איז פיר אינען ניט שווער, שרייבן זיי [שרייבט] מיר אַלעס דייטלעך אַרויס.

מיר האָבן ערהאַלטן פאַר אייך אַ לעטער [בריוו] פון שטאַלערן. ענטשולדיקט, וואָס איך האָב דעם בריוו געעפנט. איך האָב דאָס געטאָן פון גרויסער נייגעריקייט צו וויסן, וואָס עס הערט זיך אין דער שי־קאַגער באַוועגונג. איך שיק אייך יעצט דעם בריוו. אין דענווער זיינען יעצט גרויסע פרעסט. איך מוז זיצן אַ גאַנצן טאָג אין רום [צימער], און דאָס ווירקט אויף מיין געזונטהייט ניט גוט. שרייבט, וואָס פאַר אַ וועטער איר האָט יעצט אין פילאַדעלפיע, און צי פילט איר אַ פאַר־ענדערונג אין איר געזונטהייט. מער האָב איך פאַרלויפיק ניט צו שרייבן. אַלע אייערע גרוסן האָב איך איבערגעגעבן. איצט גריסט פון מיר אַלע פריינט און גענאָסן, ווי אויך אייער פרוי.

אייער עדעלשטאַט.

פ. ס. גענאָסע בלומענטאַל * שיק איך אַ הערצלעכן גרוס, איך האָף אים אניגיכן צו שרייבן. מיין שוועסטער גריסט אייך אַלעמען פריינט־

* אַ פילאַדעלפיער אַנאַרכיסט.

לעך. שרייבט אַלע נייס פון דער איסט [מזרח־טייל פון די פאַראייניקטע שטאַטן] און איבערהויפּט וועגן דער קאָנווענציאָן.

ד. עדעלשטאַט.

הער פאַליך, זיין פאַרטנער [שותף] און פריינט קאַפמאַן * גריס איך פריינטלעך.

---

Denver, February 20th, 92

בעסטער פריינט וויינבערג!

אייער בריוו האָב איך געסטערן [נעכטן] ערהאַלטן. ער האָט מיר געבראַכט פיל פאַרגעניגן צו הערן, דאָס זי זינט וואָל [איר פילט זיך גוט] און דאָס זי מאַכן פאַרשריטע אין דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר אונדזער גרויסער זאַכע. איך האָב אינען ביז יעצט ניט געשריבן, ווייל איך האָב געפילט זייער שלים אין מיין געזונטהייט, דאָך יעצט פיל איך ווידער עטוואָס בעסער און האָף זיך אין דעם פרילינג און זומער צו ערהאָלן פון מיין קראַנקייט. וואָס אַנבאַטרעפט מיין מאַטעריעלער לאַגע, איז זי אויך ניט אַמבעסטן, דאָך ניט זאָ שלעכט, ווי זי זיך פאַרשטעלן. איך האָב ברויט און פלייש, און דאָס, גלויב איך, איז ניט זאָ גראַדע שלעכט, ווי באַ יענע טויזנטע וועלכע האָבן קיין ברויט און קיין פלייש. וואָס מיך פייניקט — איז מיין לעבן אָן טעטיקייט, אָן פריינט, ווייט פון דער לעבעדיקער וועלט.

איך ערוואַרט מיט אומגעדולד די שטונדע, ווען איך זאָל ווידער זיין אימשטאַנדע לעבן און אַרבעטן פאַר דער איינציקער זאַכע, וועלכע איז נאָך געבליבן הייליק אין דיזער שמוציקער, העסלעכער געזעלשאַפט. שרייבט מיר אָפט, פריינט, אַלעס גענויע וועגן דער פילאַדעלפיער באַוועגונג. איך האָף, אַז אונדזערע גענאָסן וועלן ווידער אויפוואַכן און זיך נעמען מונטער צו דער אַרבעט. ווי גייט עס ביי אייך מיט דער פּ. א. ש.? אַלזאָ, דאָס איז אַלעס, וואָס איך קאָן אייך יעצט שרייבן.

אייער פריינט ד. עדעלשטאַט

גריסט פון מיר הערצלעך קאַמראַד [חבר] פרענער.** וואָס מאַכט זיין שוועסטער? אויך די איבעריקע גענאָסן גריס איך פריינטלעך.

מיין שוועסטער גריסט אינען, ווי אויך איר פרוי און קינדער גריסן מיר הערצלעך. מיין נייער אַדרעס איז — 939 מאַרקעט.

פילייכט האָבן זי געפונען וועלכע בילדער אין אייערע ביכער?

---

* נעמען פון עדעלשטאַטס עטלעכע באַקאַנטע אין דענווער.

** ש. פרענער — אַנאַרכיסטישער פירער אין פילאַדעלפיע.

מיין שוועסטער דענקט, דאָס זי האָט באַהאַלטן אייניקע בילדער אין אייערע ביכער און האָט זיי פאַרגעסן אַרויסנעמען. ווען זי האָבן דיזע בילדער געפונען, וועלן זי זיין זאָ גוט זיי צוריקשיקן. פיליכט האָבן זי נאָך אייערע ביכער גאָרניט נאָכגעזען, דאַן טוען זי יעצט דאָס.

ד. עדעלשטאַט.

---

די צוויי בריוו (וואָס זייער אויסלייג איז מאָדערניזירט געוואָרן) זיינען אָפּגעדרוקט, צווישן אַ סך אַנדערע, געשריבן פון ד. עדעלשטאַטן, אין בוך „דוד עדעלשטאַט״ פון קלמן מרמר (ניו יאָרק, 1950), לויט פאָטאָסטאַטישע קאָפּיעס פון די אָריגינאַלן, וואָס זיינען געלעגן אין ייווא־אַרכיוו אין ווילנע.

## אַנערקענונג צו דעם ווײַנבערג בוך קאָמיטעט

דער בוך קאָמיטעט פון חיים לייב ווײַנבערג, וועלכער האָט זיך געשטעלט די אויפגאבע, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, צו פאראייביקן דעם אָנדענק פון ווײַנבערג׳ן דעם קעמפער און פרייהייטס דענקער, מיט דער אויסגאבע פון דעם בוך עראינערונגען פון זיין לעבן, איז צופרידן, וואָס די ארבעט האָט זיך איר איינגעגעבן און דער בוך איז פארענדיגט.

עס קומט א יישר כוח צו אלע פריינט, וועלכע האָבן געהאָלפן אין דער ארבעט.

א באזונדער אַנערקענונג קומט דער קאָמיטע, וועלכע האָט די אַרבעט דורכגעפירט.

לאָס אנדזשעלעסער גרופּע:

סיד קאהן (מרס. מייקעל קאהן)

אייב ווינאָקור

היימאן און מיניע וויינשטאָק

מ. לאפּידוס

דזש. מאָסקאָוויץ

דזשוליוס און סאָפיע סיגעל

נח און סיידי פינקעלשטיין

א. ראָגאָט

ראדיקאל לייברערי, פילאדעלפיע

א. בראון, סעקרעטאר

מ. בערעזין,

טש. זאלץ

ט. ב. אייגעס,

דאָרטשעסטער, מאסס.

יהואש ארבעטער רינג בר. 358

ב. פיינבערג, סעקרעטאר,

סאן דיעגאָ, קאַליפ.